געווידמעט דעם אייביקן אָנדענק פון מיינע טייערע עלטערן, שוועסטער און ברידער, דערמאָרדעטע דורך די דייטשע און אוקראַינישע רוצחים.

און דעם אייביקן אָנדענק פון מיין פרוי און איינציקן זונעלע הערשעלע, וועלכע זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשע מערדער אין טרעבלינקע.

# פאָרוואָרט

דאָס זענען בלעטער פון ליידן, פון פיין און אומקום. עס איז די צייט פון דער פינצטערער נאַכט, וואָס האָט געהערשט אין אייראָפּע בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה. נישט נאָר דער מענטש איז פאַרווילדעוועט געוואָרן, נאָר אויך די נאַטור האָט אויסגעלאָזט איר צאָרן צו די געיאָגטע און נע־ונדע. די פּראַקטיקע נעכט אויפן טייך בוג, די אויסגעפּרוירענע נאַכטיקע פעלדער און די אומהיימלעכע וועלדער, די שפורן אין שניי, וואָס עס האָבן געלאָזן נאָך זיך די יידן פון פּוילן, אַנטרינענע פון די דייטש־אָקופּירטע געביטן — און דערנאָך: די הפקרדיקע וואַגאָנען, וואָס לויפן איבער אַן אויסגעהונגערט צפון־לאַנד, די טייגע, די וועלדער אומהיימלעכע, די שלאַקס־רעגנס, באַרקעס אויף סיבירער טייכן און די פעלדזן, די שטיינערדיקע, ביי דער פּיעטשאָראַ, די צינגאַ־קראַנקייט, די אינזעקטן, וואָס זויגן־אויס דעם לעצטן טראָפּן בלוט אין די סיבירער פאַרשיקונגען.

נישט איין מאָל פילט מען בחוש, בעתן לייענען די דאָזיקע בלעטער פון גרויל, אַז אויך דער אַלמעכטיקער האָט אפּגעקערט זיין פּנים פון דער וועלט און זי געלאָזט אויף הפקר.

י. יחיאלס דערציילט פּשוט, ערלעך, און דער אמת פון זיין שילדערונג איז אַזוי דורכזעעוודיק קלאָר, אַזוי ווי די טרערן.

ער איז אויפריכטיק אין זיין אופן פון דערציילן. ער פאַרהוילט נישט און ברענגט אַרויס דעם מענטש אין זיין שטאַרקייט און דערהויפּט אין זיין שוואַכקייט. ער אידעאַליזירט נישט דעם נע־ונד, מיר זעען אים אין אַן אַרעאָל פון פיין וואָס לייכט איבער אים מיט אַ הימלישער הייליקייט — און מיר דערזעען אים אויך אַ פאַרשאַטנטן, בעת ער ראַנגלט זיך מיט אַלע מיטלען נישט אונטערצוגיין, נישט צו שטאַרבן פון הונגער.

די דאָזיקע שאַטנס, וועלכע עס אַנטפּלעקט י. יחיאלס, מאַכן נאָך נעענטער און נאָך מענטשלעכער זיין באַשרייבונג. מיר האָבן פאַר זיך ממש אַן אויטענטישן דאָקומענט, וואָס מ׳האָט געטראַכט, וואָס מ׳האָט איבערגעלעבט און ווי אַזוי מ׳האָט זיך געראַנגלט קעגן אַ משונהדיקער אַטמאָספער, וואָס עס האָט באַשאַפן אַן אויסגעקרומטע אידעאָלאָגיע.

די תמימות פון פאַרשיקטן נעמט זיך פון דעם גלויבן אין מין מענטש. די האָפענונג, אַז די ברוטאַליטעט פון די לייב־היטער, וואָס רייצן־אָן דרעסירטע הינט אויף פאַרהונגערטע שקלאַפן און וואָס ווערן צעריסן

אין די אויגן פון די לאגערניקעס — די האָפענונג איז געלעגן אין דער איינגעוואָרצלטער תמימותדיקער זיכערקייט, אַז דאָס איז נישט מער ווי א טעות, ווי א טראגישער עפיזאָד, אַז עס איז נאָר א צופאַל...

די, וואָס וועלן פאַרשן יענע יארן וועלן נישט קענען אויסמיידן דאָס דאָזיקע בוך. עס איז מער ווי א דאָקומענט, ווייל אין די זייטלעך איז גאר קענטיק דער נשמה־צושטאַנד פון מחבר. מען שפירט פיזיש זיין פיין און מען הערט זיין געוויין, בעת ער גייט־אָפּ אין בלוט אַ פארוווּנדעטער. מען באַנעמט אפילו די שטילע און דיסקרעטע ליבע, וואָס גייט־אויף ווי אַן איידעלעד פלאַנץ אין וויסטעניש, פון דעם ווונדערלעכן מיידל מאַרוסקאַ, וואָס וואַכט איבער דעם היימלאזן און פאַרהונגערטן אינוואַליד. די זעלטענע איידלקייט און נישט דערזאָגטקייט פון דער ליבע קענען ממש רירן אפילו שטיינערנע הערצער.

י. יחיאלס איז א פוילישער ייד, וואָס איז געבליבן איינער פון אַ דור. מיט דעם בוך, וואָס איז געשריבן אוממיטלבאַר, האָט ער אויפגעלעבט פאַר אונדז דעם גאַנצן גרויל פון יענער נאַכט פון חשכות, וואָס האָט פאַרהילט אונדזער ערד. און ווי פינצטער עס איז נישט געווען, האָט דאָך געשיינט אַ שטראַל פון ליכט, און דאָס ליכט איז נישט געקומען פון גאָטס הימלען, נאָר פון די אייגענע הערצער.

ניין, די וועלט מוז דערוואכן. עס מוז קומען א צייט, ווען דאָס שלעכטס וועט אַוועק און דער אומזין, דער שקר, די פייניקעריי און די וועכטער מיט די ביקסן, און די שטעכיקע דראָטן אין דער טייגע — דאָס אַלץ וועט פארשווינדן ווי א בייזער קאָשמאַר — אַזוי האָבן געזאָגט צו זיך בעת דער פארשיקונג די געפייניקטע.

זייער אויסדויער, זייער גלויבן און דער יידישער בטחון האָט זיי געשטאַרקט.

י. יחיאלס איז נישט קיין צעבראכענער אַרויס פון דער עפּאָכע פון פארווילדונג. ער האָט אויפגעבויט זיין היים מיט אַ פרוי און מיט אַ קינד. איך האָב באַוווּנדערט די רואיקייט, בעת ער איז אוועק נאָך דעם שמועס מיט מיר. איך האָב דערקענט אין זיין גאַנג די סימנים פון די ווונדן, אבער פון זיינע אויגן האָב איך ארויסגעלייענט די פרייד, וואָס ער האָט דאָך מנצח געווען דאָס שלעכטס און דאָס ברוטאַלע. ער לעבט ווי א פרייער מענטש אין אַ פריי און שיין לאַנד.

דער ייד און מענטש אין אים האָבן מנצח געווען די נאַכט פון פיין און מאָרד.

מאַניע מאַן

י״ג, ניסן, תשכ״ה

# דער אָנהייב פון נע ונד

יאר 1939, דעם 19־טן אָקטאָבער ביינאַכט. דריי יידן זענען מיר געווען אין קליינעם שיפל, מיט וועלכן א פויערטע פון דאָרף האָט אונדז איבערגעפירט אויפן אנדערן ברעג פון טייך בוג. מיר האָבן איבערגעוואַרט ביז דער דייטשער פּאַטרול איז פאַרשוווּנדן. זי האָט אונדז באפוילן נישט צו רעדן, נישט צו רויכערן און רואיק זיך פאַרהאַלטן. אין געציילטע מינוטן, וואָס האָבן זיך געצויגן ווי יאָרן, זענען מיר געווען אויפן צווייטן ברעג. אין דער געדיכטער פינצטערניש פון וואַלד האָט די פויערטע אונדז אָנגעוויזן צו גיין רעכטס און גוט אַכטונג געבן, אַז מיר זאָלן נישט אַריינפאַלן צו דער רוסישער גרענעץ־וואַך. ביי יעדן שאָרך פון א צווייג האָבן מיר זיך געלייגט אויף דער ערד און איינגעהאַלטן דעם אָטעם. דאָס האַרץ האָט כמעט אויפגעהערט צו קלאַפּן.

נאָך אזא מאַרש פון 2 שעה זענען מיר אינמיטן פון דער נאַכט אָנגעקומען אין שטעטל דאָמאטשעוואָ און אָנגעקלאַפּט צום רב, וואָס איז געווען אַ קרוב פון מיין חבר. מיר האָבן זיך אַנידערגעזעצט אָן כוחות און קוים געהערט די טרייסט־ווערטער פון חשובן רב. די שטוב איז פול געווען מיט אַזעלכע אַנטלאָפענע, ווי מיר, פון דעם דייטש. יידן פון נענטערע און ווייטערע שטעטלעך זיצן דאָ טרויעריקע און דערציילן זייער אומגליק. אַנדערע, ווידער, האָבן אין זיך איינגעשלאָסן די צרות און נאָר זייער קרעכצן הערט מען פון צייט צו צייט.

די רבצין האָט פאַר יעדן איינעם געפונען אַ פּלאַץ ווו איבערצודרימלען די פּאָר שעה ביז אינדערפרי, ווער אויף א טיש, ווער אויף אַ באַנק און אַנדערע אויף דער פּאָדלאָגע. דער עולם האָט דערפילט די ערשטע נאַכט אין דער פרעמד. אַ טייל איז פון מידקייט באַלד איינגעשלאָפן און אָנגעהויבן צו שנאָרכן. פון א ווינקל האָט זיך געהערט דאָס געוויין פון א יונגער פרוי, וואָס האָט שוין געבענקט נאָך דער וואַרעמער היים.

איך בין לאנג געלעגן מיט אָפענע אויגן און דורכגעטראַכט די איבערלעבונגען פון פאַרגאַנגענעם טאָג. פאַרטאָג נאָך האָב איך זיך

געזעגנט מיט מיין טייערן זונעלע הערשעלע, א קוש געגעבן אין קעפל — איך זאָל דיך נאָך כאָטש זען, נשמהלע... טרערן גיסן זיך ביי מיין ליבער פרוי: — „שרייב אָפטער, איך בעט דיך, ווו דו זאָלסט נישט זיין... זאל גאט העלפן מיר זאָלן זיך זען געזונט״... כ׳האָב חיה־שרהלען צוגעמורמלט: — „זאָלסט למה״ש אַכטונג געבן אויפן קינד... און זיי געזונט״. די טרערן האָבן געשטיקט אין האלדז.

דער בעל־עגלה שמייסט־אונטער די פערדלעך און איך זע, ווי מיין חיה־שרהלע ווישט די אויגן און וואַרט ביז דער וואָגן וועט פארשווינדן אין דער ווייטקייט.

און נאָך לאנג האָב איך געקלערט און איבערגעקלערט — אפשר איז טאַקע אַ פאַרברעכן, וואָס מיר אַלע באַגייען דאָ, צו ראַטעווען דעם אייגענעם קאָפּ און לאָזן אונדזערע פרויען און קליינע קינדערלעך אויף גאָטס באַראָט. ווי אַזוי האָב איך זיך אַנטשלאָסן אויף אַזאַ שריט? אמת, חיה־שרהלע האָט מיך שטאַרק צוגערעדט. — דער דייטש וועט זיך נעמען צו די מענער; פרויען און קינדער וועט דאָך קיינער נישט וואָגן צו טאָן שלעכטס. און אין אַ קורצער צייט אַרום, ווי נאָר עס וועט זיך איינשטילן, וועלן מיר זיך זען בשלום... אַזוי האָבן געטראַכט אַלע אנט־לאָפענע פון דייטשישן גהינום. מיד פון די פינצטערע געדאַנקען ביז איך איינגעשלאָפן.

צומאָרגנס זענען מיר אומגעשטערט אָנגעקומען מיט דער באַן אין בריסק. אויפן בריסקער וואָקזאַל האָט זיך געמערקט די אומרואיקע צייט. עס איז פארשווונדן דער אויסגעפוצטער בופעט און מען זעט נישט מער די העפלעכע קעלנערס, וואָס פלעגן דערלאַנגען די באַשטעלטע מאַכלים. איך האָב מיט די אויגן געזוכט דעם קעסל מיט „קיפּיאַטאָק״ — מיטן הייסן וואַסער לויטן מנהג פון אלע רוסישע וואָקזאַלן אין די אלטע צייטן. מענטשן זענען דאָ אַרומגעגאַנגען פאַרטראַכטע, ווי פארבלאָנד־זשעטע. קיינער וווּנדערט זיך נישט, ווען איינער רעדט צו זיך אַליין. די זעלביקע שווערמוטיקע געדאַנקען דריקן אלעמען.

מיר גייען אין שטאָט אריין, אפשר טרעפן אַ באקאנטן, א קרוב, און זען ווי אַזוי זיך אַיינצוהאָרדענען, ווו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן. די ערשטע טרויעריקע באַגעגעניש האָבן מיר געהאַט אויפן „טאָלטשאָק״ — דעם ניי געשאַפענעם יאַריד פון די היימלאָזע, וואָס זענען נאָר צייטווייליק געקומען אויף דער רוסישער זייט — עד יעבור זעם, ביז עס וועט זיך באַרואיקן אויף דער פוילישער זייט, ווו עס געוועלטיקט דער דייטש. מייסטנס זענען עס געווען יידן, וואָס זענען פון דער היים אַנטלאָפן אָן

גאַרנישט. זיי האָבן בלויז געראַטעוועט די נשמה און דאָ, אויף דער רוסישער זייט, האָט מען זיך געמוזט אַן עצה געבן. מען האָט געהאַנדלט מיט וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט — מיט אַלטע קליידער, מיט שיך, מיט נייע סחורות פון די אויף שנעל ליקווידירטע געשעפטן, און בעיקר — מיט זייגערס פון אלע מינים און פון אַלע גרויסן. די רוסן קויפן זיי צו עטלעכע מיט אַ מאָל און טוען זיי אָן אויףביידע אָרעמס. אָט שטייט אַ ייד און רעדט־איין אַ רוסישן סאָלדאַט, אז דער זייגער, גרויס ווי א ציבעלע, האָט 30 שטיינער און איז זייער א גוטער. דער סאָלדאַט הייסט זיך עפענען דעם זייגער און זעט, אַז עס איז אינעווייניק אָנגעשריבן „15 רוביס". קלאַפּט דער ייד מיטן קנאַפּל אין דער ערד און זאָגט: די רעשט שטיינער — דאָ, אין ברוק...

איך טרעף באַקאַנטע, אָנגעזעענע סוחרים, פאַרמעגלעכע מענטשן פון דער היים, וואָס גייען אַרום מיט פאַרשידענע סחורות אויפן מאַרק. וואָס זאָל מען טאָן — פאַרענטפערט זיך יעדער איינער, פונקט ווי ער וואָלט אין עפעס געווען שולדיק — מען דאַרף דאָך איבערלעבן די שלעכטע צייט. דערנאָך, ווען גאָט וועט העלפן, מען וועט זיין צוריק אין דער היים, וועט מען ווידער זיין צו מענטשן גלייך.

נאָך א סאָרט הענדלער האָט מען דאָרט געזען. די פּאָליאקן האָבן געגלויבט, אַז די לאַגע אויף דער רוסישער זייט וועט זיך שוין נישט ענדערן און זיי האָבן דאָרט נישט געוואָלט בלייבן. זיי האָבן אויספאַר־קויפט אלץ, וואָס האָט זיך נאָר געלאָזט, כדי מיט אַ ביסל זלאָטעס אין דער טאַש איבערגיין די גרענעץ צום דייטש אויף דער פּוילישער זייט. זעט מען אפט, ווי עס פאָרט צו אַ פּאָליאַק, שיט־אויס זיין האָב און גוטס אויף דער ערד, און קונים שטופּן זיך, כדי אַריינצוכאַפּן, וואָס נאָר עס לאָזט זיך.

די בריסקער יידן זענען געווען גאַסטפריינטלעך. זיי האָבן צו זיך אַריינגענומען מענטשן, וויפל זיי האָבן נאָר געקענט, געטיילט זיך מיטן ביסן ברויט און אויסגענוצט יעדעס ווינקעלע אין שטוב, כדי צו מאכן אָן אָרט פאר אַ היימלאָזן. איך האָב די ערשטע טעג זיך נישט געקענט צוגע־וווינען צו דער נייער לאַגע. שלאָפלאָזע נעכט אויף דער פּאָדלאָגע און די געדאנקען וועגן ווייב און קינד האָבן מיך געפייניקט. נישט איין מאָל האָב איך זיך פאַרגעוואָרפן מיין עגאָאיזם — אַליין זיך ראַטעווען און איבערלאָזן זיי אויף הפקר...

ביסלעכווייז האָב איך זיך געלאָזט איבעררעדן און טרייסטן פון באַ־קאַנטע. איז עס דאָך א צרת־רבים, און די לאַגע איז א צייטווייליקע. האָב

איך זיך אויך געשטעלט אויפן „טאָלטשאָק". אַ ברירה האָט מען געהאַט? מען דאַרף דאָך עסן און זען איבערקומען די שלעכטע צייט. וועגן איינאָרדענען זיך סטאַביל האָט קיינער נישט געקלערט. אַלץ האָט אויסגעזען צו זיין „דערווייל". דער עולם האָט זיך כסדר באַכגעפרעגט וועגן די נייעס פון „יענער זייט". און די ידיעות זענען געווען טרויעריקע. מען כאַפּט אויף אַרבעט און מען שיקט־אָפּ קיין דייטשלאַנד. זיי פּרעסן־אויס ביי יידן געלט, די געשעפטן זענען געשלאָסן און ס'איז נישטאָ ביי וואָס צו פאַרדינען. יעדן טאָג נייע גזירות אויף יידן. נאָר פרויען און קינדער טשעפּעט מען נישט. דאָס איז אונזער איינציקע טרייסט. יידן האָבן גערעדט פון פּאָליטיק, געשאַפּן אַליין פּאָליטיק, אויסגעלייגט צום גוטן, ווי ס'האָט זיך זיי געלוינט. יאָ, עס זענען געווען מענטשן, וואָס האָבן אַרויסגעזען, אַז די מלחמה וועט דויערן אַ לאַנגע צייט און זיי האָבן געפּרווט צייט־ווייליק זיך איינצוראָרדענען מער בכבודיק. יידן האָבן געפּשטלט די קאָמו־ניסטישע אָרדענונג. פּריוואַט־אייגנטום איז טאַקע נישטאָ, אָבער קאָאָפּעראַ־טיוון קענען דאָך יאָ זיין. האָבן זיך 10 יידן צונויפגענומען און באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן אַ קאָאָפּעראַטיוו־רעסטאָראַן. זיי וועלן דאָרט אַליין אַרבעטן, וועט עס ממילא זיין אַ ביסל אין איינקלאַנג מיט דער נייער ליניע. גערעדט און געטאָן: זיי זענען געגאַנגען מיט דער ביטע צום גרויסן נאַטשאַלניק. ער האָט זיי פריינטלעך אויפגענומען, אויסגעהערט מיט קאָפּ. „יידן ווילן מאַכן אַ שיינעם רעסטאָראַן, ווו מען זאָל באַקומען מאָלצייטן, פאַרוואָס נישט? אויב עס איז אייך מעגלעך, מאַכט, אַז דאָרט זאָל אויך זיין „וואָדקאַ" — דאָ, איך דערלויב".

די יידן האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט, אויסגעזוכט אַ הויז, וואָס איז געווען האַלב צעבאָמבאַרדירט בעת די שלאַכטן, מוליאַרעס און סטאָלאַרעס האָבן שנעל געאַרבעט און אין געציילטע טעג זענען שוין געווען אויסגעשטעלט טישלעך מיט שטולן און פון דער זייטיקער קיך האָבן אַריינגעשמעקט ריחות פון היימישע מאכלים. מענטשן זענען געשטאַ־נען אין דער ריי צו באַקומען אַ ביסל וואַרעמע זופּ און אַ מאָל עפּעס בעסערס, אויב ס'איז געווען מיט וואָס צו באַצאָלן. די מיטגלידער פון קאָאָפּעראַטיוו האָבן אַליין געאַרבעט, אַליין געקאָכט, דערלאַנגט און געוואַשן דאָס געפּעס. עס האָט אַלץ גוט געקלאַפּט במשך אַ מאָנאַט צייט. די יידן האָבן שוין אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן אַראָפּברענגען זייערע משפחות.

אַ געווויסן אָוונט זענען אַריינגעקומען עטלעכע געהיים־אַגענטן, זיך אָוועקגעשטעלט ביים בופעט און אַנידערגעלייגט אויף דער ליאַדע אַ „פּריקאַז": גיט אָוועק די שליסלען און טראָגט זיך אַרויס פונדאַנען. עס האָבן

נישט געהאָלפֿן קיין שום טענות: „סטייטש, מיר האָבן אַליין געאַרבעט, געבויט, געמאַכט דעם קאָאָפּעראַטיוו, דער קאָמיסאַר האָט דערלויבט, ווו איז יושר?"

„ניעט" איז געווען דער ענטפער און אַ סוף. זיי האָבן אָפּגעגעבן די שליסלען און נאָך געווען צופרידן, וואָס מען האָט זיי נישט אַריינגעזעצט. פֿאַר וואָס? — פֿאַר גאָרנישט.

יידן זענען געווען פֿאַרצווייפֿלט און האָבן נישט געוווסט וואָס צו טאָן. זיי וואָלטן אפשר געקענט אָנקומען אויף אַרבעט ביי דער רעגירונג, אָבער פֿאַר אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן איז בויטיק געווען צו קענען רוסיש און גאָר ווייניק האָבן געקענט די רוסישע שפּראַך. פֿאַר שוואַרצע אַרבעט באַקומט מען אַ הונגער־לוין. אויסערדעם האָט מען געדאַרפֿט אָננעמען די סאָוויעטישע בירגערשאַפֿט. קיינער האָט עס נישט געוואָלט, ווייל דאָס וואָלט באַדייט אויף אייביק בלייבן אָפּגעריסן פֿון דער משפּחה, וועלכע איז געבליבן אויף דער פּויליש־דייטשער זייט.

אחינו בני ישראל האָבן זיך גאַנץ שנעל אַנטוישט אין די גרויסע לאָזונגען, וועלכע זענען געהאָנגען אויף די גאַסן אין אַלע שטעט און שטעטלעך, וועלכע די רוסן האָבן פֿאַרנומען. „פֿרייהייט און ברידערלעכקייט פֿון פֿעלקער" האָט אראָפּגעשריגן פֿון די פּלאַקאַטן און יידן האָבן גאַנץ שנעל זיך דערקאָנט אויפֿן גרויסן בלאָף. עס האָט זיך, נעמלעך, געלאָזט מערקן דער אַנטיסעמיטיזם.

איך בין אַליין געווען אַן עדות, ווי אויפֿן מאַרק האָט זיך אַ ייד צעווערטלט מיט אַ רוסישן סאָלדאַט און דער סאָלדאַט האָט דעם ייד מכבד געווען מיט אַ „זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ" (יידישער פּרצוף). עס זענען דאָרט אַנוועזנדיק געווען אייניקע מיליטערלייט און אַ פֿאַר־בייגייענדיקער אָפֿיצער האָט אַ שמייכל געטאָן. אַזעלכע פֿאַלן זענען נישט געווען זעלטן.

עס איז מיר אויסגעקומען צו רעדן וועגן אַנטיסעמיטיזם מיט אַ „פּאָליטרוק" (פּאָליטישער אָפֿיציר אין דער ארמיי). כ׳האָב אים דערציילט וועגן דערמאָנטן אינצידענט אויפֿן מאַרק און געפֿרעגט זיין מיינונג וועגן דעם. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער איז אויך אַ ייד, הגם דאָס איז אויף אים נישט געווען צו דערקענען. ער האָט מיר געזאָגט, אַז אַלס ייד קומט אים אפֿט אויס זיך צו פֿאַרטיידיקן. אַנטיסעמיטיזם איז אַ קראַנקהייט — זאָגט ער — און מען דאַרף עס היילן.

„יאָ, אָבער די וואָס זענען אַנטיסעמיטן זענען דאָך יונגע רוסן, געבוירענע נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, דערצויגענע אין סאָוויעטישן

גייסט פון פאַרברידערונג צווישן פעלקער, ווי אזוי קענט איר דאָס פארענטפערן, חבר „פּאָליטרוק!"

— „עס וועט קומען", זאגט ער מיר, „מיט דער צייט".

— איך מיין, אַז פריער קען קומען די פולשטענדיקע אַסימילאַציע פון די רוסישע יידן, איידער איר וועט באַוויזן אויסצוהיילן די מענטשן פון דער אנטיסעמיטישער קרענק. איבעריקנס, דערקענט מען אויף אייך גאַנץ ווייניק דאָס יידישקייט.

עס זענען געווען מענטשן, הגם נישט קיין סך, וואָס האָבן זיך געוואָלט איבערצייגן אליין, ווי עס זעט אויס דאָס לעבן טיפער אין רוסלאנד, ווייט פון דער אומרואיקער גרענעץ. אפשר וועט מען דאָרט זיך קענען איינאָרדענען און פירן א רואיק לעבן. פון קיין גליקן האָט קיינער נישט געטראַכט, נאָר רואיק אַרבעטן און פאַרדינען אויפן לעבן. אין אייניקע וואָכן ארום זענען די אַלע געקומען צוריק מיט טרויעריקע גרוסן. שווערע שוואַרצע ארבעט מיט הונגער־לוינען. פאַר אַ פוילישן ייד איז אוממעגלעך זיך צוגעוווינען צום אַרט לעבן. אַפילו איבערצייגטע קאָמוניסטן, וועלכע האָבן יארנלאנג געשמאכט אין די פוילישע תפיסות פאר זייערע קאָמוניסטישע איבערצייגונגען, זענען צוריקגעקומען אנ־טוישטע. „נישט פאַר אַזאַ אָרדענונג און נישט פאַר אַזאַ לעבן האָבן מיר זיך מקריב געווען" — האָבן זיי געזאָגט.

בלייבט אַזוי ארום נאָר צו וואַרטן און ביי די ערשטע בעסערע גרוסן פון דער היים וועט מען צוריקפאָרן. דערווייל זענען יעדן טאָג געקומען נייע היימלאָזע, וואָס זענען מיט שוועריקייטן דורכגעגאנגען די גרענעץ, אנטלאָפענע פון וואַרשע, לאָדזש און פון אנדערע שטעט אין פוילן.

אין די אַלע צרות פלעגן אָבער יידן זיך דאָך וויצלען: „אַ ניי־געקומענער" — פלעגן זיי באמערקן — „קראַצט זיך מיט אַ פינגער אונטערן קאָלנער. ווער עס געפינט זיך אין בריסק אַ ביסל לענגער קראַצט זיך מיטביידע הענט, און אַן אַלטער אַנטלאָפענער רייבט זיך מיט דער פלייצע ביי דער וואַנט".

אין די באַדינגונגען פון אונדזער לעבן איז כמעט אוממעגלעך געווען זיך צו האַלטן ריין און דערפון האָבן מיר אַ סך געליטן.

אַ געוויסן טאָג פון מאָנאַט דעצעמבער 1939 האָט דער רוסישער ראַדיאָ געמאָלדן, אַז היות עס עקזיסטירט נישט מער די פוילישע מלוכה, ווערט דאָס פוילישע געלט מער נישט אנערקענט און עס האָט מער קיין ווערט נישט. די דאָזיקע פאַראָרדענונג פון דער סאָוויעטישער מאַכט

האָט שטאַרק געטראָפן די פליטים פון דער פוילישער זייט. מענטשן האָבן ביטער געוויינט. יעדער איינער האָט געהאַט אַ ביסל געלט און קיינער האָט איצט נישט געקענט פאַר דעם קויפן אַפילו אַ שטיקל ברויט. אין איין שעה האָט דאָס פוילישע געלט פאַרלאָרן דעם ווערט. מענטשן זענען אַרומגעגאַנגען פאַרטומלטע און א סך האָבן אַפילו געטראַכט וועגן צוריקפאָרן. אַ טאָג שפּעטער זענען געקומען גרוסן, אַז די דייטשן אָנערקענען יאָ דאָס פוילישע געלט. אַ סך פּאָליאַקן און אויך יידן, וועלכע האָבן זיך געקליבן צו גיין צוריק צום דייטש, האָבן געקויפט דאָס פוילישע געלט. האָט מען שוין ווידער געקענט עפּעס באַקומען פאַר זלאָטעס, פאַרשטייט זיך, אויף שוואַרץ.

איך האָב פון צייט צו צייט געהאַט בריוו פון מיין פרוי פון ביאַלאַ. שמוגלער האָבן געבראַכט די דאָזיקע בריוו דורך דער גרענעץ. „עס איז זייער שווער" — שרייבט זי — „אָבער מען לעבט". דאָס געוויסן האָט מיך כסדר געמאַטערט פאַר איבערלאָזן מיין פרוי מיטן זונעלע אַליין. אויב עס איז דאָרטן אַ שווער לעבן, פול מיט שרעק, דאַרף איך אוודאי זיין מיט זיי, טיילן מיט זיי דעם גורל, ווייל קיין שום ענדערונג אין דער לאַגע זעט זיך נישט, און ווי לאַנג קען מען זיי לאָזן אויף הפקר?

איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן צוריק אַהיים.

און שוין דער באַשלוס אַליין האָט מיך אָנגעפולט מיט פרייד. עס האָט מיך אָבער אויך באַהערשט אַ מורא פאַרן דייטש, פאַר אָנקוקן זיין מערדעריש פנים. דער געדאַנק אָבער צו זיין פונדאַסניי מיט פרוי און קינד איז געווען שטאַרקער פון אַלע אַנדערע געפילן. איך פאָר צוריק אַהיים. פריער האָב איך אַבער געוואָלט עפּעס דערליידיקן אויף דער זייט גרענעץ.

אין שטעטל ראַפּאַלאָווקע, סאַרנער קרייז (וואָלין), וואָס געהערט איצט צו רוסלאַנד, האָבן געלעבט מיינע עלטערן מיט מיינע שוועסטער און ברודער. אָנהייב יאַנואַר 1940 בין איך געפאָרן מיט דער באַן פון בריסק קיין ראַפּאַלאָווקע. אין קאָוועל האָב איך געדאַרפט טוישן דעם צוג און וואַרטן אַ פּאָר שעה. אַ גאַנצע גרופּע פּאַסאַזשירן איז אַריינ־געקומען אין וואָקזאַל. אינדרויסן איז געווען קאַלט. א טיפער שניי האָט באַדעקט די ערד און א פרעסטל האָט האַרטער געמאַכט דעם שניי, וואָס האָט געסקריפּעט אונטער די פיס.

געעפנט די טיר פון וואָקזאַל — האָט אַ פּאַרע פאַרבלענדעט די אויגן. איך בין שטיין געבליבן ביי דער טיר און זיך ממש דערשראָקן פאַר דער מאַסע מענטשן, וואָס איז געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע. מענער,

פרויען, קינדער און אַלטע לייט זענען געלעגן צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן. מען האָט אפילו נישט געהערט, אז זיי זאָלן עפעס רעדן. ווען נישט דער געוויין פון עטלעכע קליינע קינדער וואָלט מען געקענט מיינען, אז זיי זענען אַלע טויט. אַ קנויל צוזאַמענגעפלאָכטענע מענטשן איז דאָס געווען און בלויז א שמאָלער שטעג איז געבליבן פאר דורכגייער, כ׳בין פאַרויסגעגאַנגען פאַרזיכטיק, כדי נישט אַנצוטרעטן אויף א מענטשלעכן קערפער. דורכגעשטופט זיך, ווי עס איז, ביזן מיטן זאַל, האָב איך זיך צוגעבויגן צו א ליגנדיקן מאַן און אים געפרעגט פונוואַנען קומען זיי דאָ אַלע. אויף די פראַנטן איז דאָך רואיק, איז פונוואַנען נעמען זיך דאָ אזוי פיל מענטשן, פליטים, דערצו נאָך קריסטן?

„מיר זענען פויערים, איינוווינער ביי דער גרענעץ, ביים טייך בוג, פון דער זייט, וואָס איז אָקופירט געוואָרן דורכן דייטש". — אזוי דערציילט מיר לאַנגזאַם דער פויער. „ווען די רוסן האָבן זיך, אין 1939, צוריקגעצויגן פון נעבן וואַרשע, האָבן זייערע פּאָליטרוקן אונדז איינגערעדט נישט צו בלייבן ביים דייטש, בפרט נישט אויף דער גרענעץ און זיי האָבן אונדז צוגערעדט צו פאָרן קיין רוסלאַנד זיך באַזעצן אין די קאָלכאָזן. דאָרטן — האָבן זיי געטענהט — וועט אונדז נישט פעלן פון כל טוב, עס וועלן זיין גוטע, באַקוועמע דירות, די ארבעט איז א לייכטע און מיר וועלן בעיקר האָבן אַ קולטורעל לעבן.

„האָבן מיר זיך געלאָזט איינרעדן. מיר האָבן אויספאַרקויפט אונדזער האָב און גוטס, מיטגענומען, וואָס איינער האָט געקענט און זיך איינגעפאַקט אין די עשאַלאָנען קיין רוסלאַנד. פאַרפירט האָט מען אונדז אין וויסטע ערטער, אָרעמע דערפער. אין „קאָלכאָז", ווי זיי רופן דאָס דאָרף, האָט מען אונדז גלייך געהייסן מאכן די „נאַרמע", וואָס איז בכלל נישט מעגלעך. עסן האָט מען אונדז געגעבן אויף נישט צו שטאַרבן און נישט צו לעבן.

אַזוי האָבן מיר זיך געמאַטערט אַ פּאָר חדשים. א געוויסן טאָג האָבן מיר זיך אַלע צונויפגענומען, זיך אויסגעלייגט אינמיטן דער גאַס אויף דער ערד און געפאָדערט מען זאָל אונדז צוריקשיקן אַהיים. אונדזער דעמאָנסטראַציע אויף דער גאַס האָט געדויערט אַ פּאָר טעג. אַ סך פון אונדז האָבן נישט אויסגעהאַלטן און זיי זענען געשטאָרבן אויף דער גאַס פון הונגער און פון קעלט. מיר האָבן דאָך געפועלט. מען האָט אונדז אַריינגעזעצט אין באַן אויף צוריקפאָרן. דאָ, אין קאָוועל, זיצן מיר שוין אייניקע טעג און מיר וואַרטן ביז מען וועט אונדז אָפּשיקן אויף יענער זייט גרענעץ, אין אונדזער דאָרף מיט זיינע קליינע הילצערנע כאַטעס. אָבער כאַטעס, וואָס זענען אונדזערע און די ערד איז אונדזערע און

דאָרט וועלן מיר ווייטער לעבן פריי, ביי זיך, און נישט זיין קיין שקלאַפן דאָס גאַנצע לעבן".

★

אין ראַפּאַלאָווקע, ביי דער באַן, האָבן מיך אָפּגעוואַרט מיינע עלטערן, מיין שוועסטער און מיין ברודער, ווי אויך א סך פריינט און חברים פון מיין דאָזיקער היים־שטאָט. מיין טייערע מאַמע האָט געוויינט פאַר פרייד. שוין א יאָר צייט ווי זי האָט מיך נישט געזען און די צייט איז דאָך אַזאַ אומרואיקע.

זיבן קינדער זענען מיר געווען, דריי ברידער און פיר שוועסטער און יעדער פון אונדז איז פאַר די עלטערן געווען אזוי טייער, פונקט ווי עס וואָלט געווען אַן איינציק קינד, א בן־יחיד אדער א בת־יחידה. און נישט נאָר וועגן איר משפחה האָט מיין מאַמע געזאָרגט. זי האָט געקענט די נויט פון גאַנצן שטעטל. 25 יאָר איז זי געווען פאָרזיצערין פון „עזרת נשים" און זי האָט ערלעך פאַרדינט דעם כבוד, וואָס מען האָט איר אנטקעגנגעטראָגן, ווייל מיין מאַמע איז אויך געווען די מאַמע פון שטעטל. מיין פאטער, אַן אָנגעזעענער בעל־הבית אין שטעטל, תמיד פאַריאָגט מיט דאגות־פּרנסה, איז געווען שטאַרק צופרידן פון דער מאַמעס איבערגעגעבנקייט צו דער קהלשער ארבעט און ער האָט אויך מיטגעהאָלפן אין דער דאָזיקער ארבעט.

ווען די רוסן האָבן איבערגענומען די מאַכט האָט דאָס שטעטל באַקומען אַן אַנדער אויסזען. די געשעפטן זענען געווען פאַרמאַכט; דעם היגן טאַרטאַק מיטן האָלץ האָט איבערגענומען די רעגירונג און די יידן האָבן זיך איינגעאָרדנט אויף רעגירונגס־פּאָסטנס. אמת, די לוינען זענען געווען נישטיקע, אבער מען האָט געהאָפט, אַז מיט דער צייט וועט זיך ענדערן, די לאַגע וועט זיך פאַרבעסערן און מען וועט קענען לעבן. דערווייל איז דאָך יעדערער ביי זיך אינדערהיים, אין זיין שטוב און שלאָפט אין זיין אייגענער בעט. אין פאַרגלייך מיט די היימלאָזע פּליטים, וועלכע זענען אנטלאָפן פון דייטש און האָבן געשמאַכט אין דער פרעמד איז זייער לאגע געווען א סך אַ בעסערע און זיי האָבן געקענט זיין צופרידן.

מיינע געפילן האָבן זיך געטיילט — ליבע צו עלטערן, שוועסטער און ברודער און בענקעניש צו פרוי און קינד. אין עטלעכע טעג ארום האָב איך זיך האַרציק געזעגנט מיט מיינע נאָענטסטע — אפשר וועלן מיר זיך נאָך זען, און אויב נישט...

צוריקקומענדיק קיין בריסק האָב איך אָנגעהויבן צו זוכן א „פּשע־וואָדניק" — אַן איבערפירער דורך דער גרענעץ. עס זענען געווען אַ

סך אזעלכע פויערים, וועלכע האָבן גוט געקענט די געגנט מיט דער גרענעץ און זיי האָבן דערפון געמאַכט אַ פּרנסה.

מיר האָבן אָפּגעמאַכט, איך און מיין חבר יצחק פון וואַרשע, צו לאָזן זיך אין וועג דעם 18־טן יאַנואר 1940 דורך לאַנאָווע, ווי דער „פשעוואָדניק" האָט אונדז געראָטן.

דערווייל האָב איך באַקומען אַ ידיעה, אַז מיין קוזינע פעשע איז פאַרהאַלטן געוואָרן אויף דער גרענעץ, אויף דער רוסישער זייט. איך האָב געמוזט עפעס טאָן פאַר איר באַפרייאונג. געגנוג האָט זי זיך אָנגעליטן אין די לעצטע מאָנאַטן. ווען די דייטשן האָבן אין די ערשטע טעג פון קריג באָמבאַרדירט ביאַלע איז אַ באָמבע געפאַלן אין הויז, וווּ זי האָט געוווינט. עס זענען געווען עטלעכע טויטע און זי האָט מען אויסגעגראָבן פון אונטער די חורבות מיט אַ צעבראָכענער פּלייצע. מיט פּראָטעקציע איז אונדז געלונגען זי אָפּצופירן קיין וואַרשע אין שפּיטאָל פון טשיסטע, און אַזאַ מזל האָט זי געהאַט, אַז מען האָט זי געפירט אין 4 שפּיטאָלן צוליב די באמבארדירונגען. זי האָט זיך נאָך קוים געשטעלט אויף די פיס, ווען איר חתן האָט איר געשיקט פון בריסק אַ גוט באַצאָלטן „פשעוואדניק", אַז ער זאָל זי ברענגען צו אים.

איר חתן בערל, א געוועזענער קאמוניסט, וואָס האָט לאנגע יארן געארבעט אין פוילן אין אונטערגרונט, האָט גלייך אנגעטאָן דעם רויטן שטערן אויף דער ברוסט און געפאָרן באפרייען זיין כלה. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַרן קאָמענדאנט פון דער גרענעץ־וואַך מיט זיינע יחוס־פאַפירן און עס איז אים געלונגען זי צו באַפרייען און ברענגען קיין בריסק.

איך האָב געוואָלט פאַר מיין צוריקפאָרן לעגאליזירן זייער צוזאמענ־וווינען. שוין עטלעכע יאָר ווי זיי הייסן חתן—כלה און עס האָט צו דער סיטואציע נישט געגומען קיין סוף. איך האָב געוואָלט אין דער אומרואיקער צייט זיי פאַרבינדן מיט אַ חופה וקדושין. בער'ל האָט אָבער געטענהט, אַז עס איז אַ חרפה אין איצטיקן מאָמענט, נאָך דער באפרייאונג און אין דער רוסישער אָרדענונג, וואָס איז געווען זיין לאנגיאריקער טרוים, זיך צו לאָזן פירן אונטער דער חופה. עס איז אפגעשטאַנענקייט און רעאקציע — האָט ער געזאגט. מיין קוזינע איז אבער מסכים געווען מיט מיין מיינונג, אַז דער אלטער מנהג איז פאר אונדז יידן נאָך אלץ גילטיק אַלס יידן. באין ברירה האָט בערל מסכים געווען צו שטעלן אַ חופה.

איך האָב אויסגענוצט די פּראָטעקציע פון דער אין בריסק באוווסטער פרוי מרים, די שנור פון באַקאַנטן בריסקער רב ר' חיים סאָלאָווייטשיק — זי איז געווען מיין פרויס א קרובה, — כדי ווי אַמשנעלסטן דורכצו־

פירן די חתונה. איך האָב איינגעלאַדן אייניקע באַקאַנטע פון צווישן די היימלאָזע, און די פרוי מרים האָט צוגעגרייט לעקעך און בראָנפן. אין אָוונט איז געשטעלט געוואָרן די חופה טאַקע ביים רב סאָלאָווייטשיק אין שטוב. דער עולם האָט דעם יונגן פּאָרל געווונטשן מזל־טוב און זיך בכלל געווונטשן צו טרעפן זיך אין בעסערע צייטן, יעדערער ביי זיך אין דער היים.

אין בין געווען צופרידן, וואָס ס'האָט זיך מיר איינגעגעבן צו דער־ליידיקן בכי־טוב אַ פאַרפּלאָנטערטן ענין, וואָס האָט זיך געצויגן אין משך פון יאָרן.

## צוויי נעכט אויפן פארפרוירענעם בוג

צום בריסקער וואָקזאַל בין איך געקומען באַזונדער און מיין חבר יצחק באַזונדער. דער „פּשעוואָדניק", א יונגער פּאָליאַק, האָט שוין אויף אונדז געוואַרט. ער האָט מיט א ווונק אָנגעוויזן דעם וואַגאָן, אין וועלכן מיר זאָלן אַריינגיין און אָנגעזאָגט אונדז זיך צו האלטן ווייט איינער פון צווייטן, כדי זיך נישט צו וואַרפן אין די אויגן. נאָכן אָפּפאָרן איינ‏יקע סטאַציעס האָט דער „פּשעוואָדניק" אונדז געגעבן אַ צייכן, אַז מיר זאָלן אויסשטייגן נאָך אים. געציילטע מענטשן זענען אויסגעשטיגן אויף דער קליינער סטאַציע — איניקע ציווילע און אַ ביסל מער מיליטערלייט. ער האָט אונדז געהייסן נישט אריינצוגיין אין וואָקזאַל, נאָר אים נאָכגיין מיט אַ זייטיקער סטעזשקע. איך האָב באַמערקט עפּעס אָן אומבאקאַנטן, וואָס גייט אונדז נאָך. דער „פּשעוואדניק" האָט אונדז בארואיקט: ס'איז נאָר אַ קליענט, וועלכן ער פירט צוזאַמען מיט אונדז דורך דער גרענעץ.

די נאכט איז צוגעפאַלן. אַ שיינער, אויסגעשטערנטער הימל האָט אָנגעזאָגט אַ גוטן פרעסטל אויף דער נאכט. מיר זענען שווער געגאַנגען אין טיפן שניי איינער נאָכן אַנדערן, דער „פּשעוואָדניק" פאָרויס. ס'איז מן הסתם געווען ארום 8 אַ זייגער אין אָוונט, ווען ער האָט אונדז אָנגעוויזן אַ קליינע כאַטע, אַ הייזל ביים ברעג פון וואלד, אין וועלכן ער האָט אונדז געהייסן אַריינגיין. עס האָט דאָ געוווינט דעם „פּשעוואָדניקס" א באַקאַנטער פויער. מיר האָבן זיך געזעצט אויף דער הילצערנער באנק ביי דער וואנט א ביסל מיד פון שפּאַציר אין טיפן שניי.

— מאַכט זיך באקוועם, רוט זיך אָפּ, איר קענט אויך עפּעס עסן, ווייל דער ריכטיקער מאַרש הייבט זיך ערשט אָן און דער וועג איז נאָך אַ ווייטער, אַ שווערער און בעיקר נישט קיין זיכערער — האט דער „פּשעוואָדניק" געזאָגט.

איך האָב געפּרווּט א שמועס טאָן מיט אונדזער דריטן מיטגייער. ער איז פון פּויזן, נישט ווייט פון דער פּויליש־דייטשישער גרענעץ

און ביז היינט האָט ער געאַרבעט אין בריסק. איצט גייט ער צוריק אַהיים. לויט זיין שלעכט פויליש רעדן, מיט א דייטשן אַקצענט, איז לייכט געוועזן צו פארשטיין ווער דער פארשוין איז...

אַ זייגער 10 אין אוונט זענען מיר אַלע דריי מיטן „פשעוואָדניק" פאָרויס אַרויס אין וועג. ס'איז געווען אַ שיינע אויסגעשטערנטע נאַכט, דער טרוקענער שניי האָט געפינקלט, פונקט ווי די ערד וואָלט געווען באַדעקט מיט דיאַמאַנטן. אין וואַלד האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. די צווייגן פון דיביימער זענען שווער אַראָפּגעהאָנגען פון דער משא שניי, וואָס האָט אויף זיי געדריקט. זיי האָבן אונדז באַשאָטן מיטן שניי יעדעס מאָל ווען מיר האָבן זיך אומפאָרזיכטיק אין זיי אָנגערירט, אפשר פאַר כעס, וואָס מיר וועקן זיי פון ווינטערדיקן שלאָף. מיר זענען געגאנגען לאַנגזאַם און שווער געטאָפּטשעט אין טיפן שניי. פון צייט צו צייט האָט זיך אונזער „איבערפירער" אָפּגעשטעלט, זיך אַרומגעקוקט צי מיר גייען אין א גוטער ריכטונג און אָן אַ וואָרט ווייטער געגאַנגען. איך ווייס ביז היינט נישט, פונוואנען האָט זיך צו אונדז גענומען כח פאַר אָט דעם לאַנגן און שווערן וועג — איז עס דער פּחד פאַר דער גרענעץ־וואַך אָדער די האָפענונג וואָס שנעלער זיך צו זען מיט פרוי און קינד, וואָס האָט אונדז געשטאַרקט ?

ס'איז שוין האַלבע נאַכט. דער וועגווייזער רוימט אונדז איין, אַז מיר דערנענטערן זיך צו דער גרענעץ און מען דאַרף דעריבער זיין פאָרזיכטיק. מיר גייען זייער לאַנגזאַם און שטיל און מיר קוקן זיך ארום אויף רעכטס און לינקס, כדי נישט אריינצופאַלן צו דער רוסישער וואַך. ביי יעדן שאָרך וואַרפן מיר זיך אויף דער ערד. דאָ נישט ווייט — זאָגט אונז דער „איבערפירער" — איז דער טייך בוג און דאָ קען מען זיך לייכט אָנשטויסן אויף דער וואַך. אַזוי רעדנדיק וואַרפט ער זיך אין שניי און ווייזט אונדז אָן מיטן פינגער אין דער ריכטונג פון טייך. ליגנדיק אַיינגעגראָבן אין שניי זע איך צוויי מענער זיך אַדורכגליטשן אויף נאַרטעס אין דער לענג פון בוג מיט די ביקסן אויף זייערע פלייצעס. איך האָב איינגעהאַלטן דעם אָטעם, איינגעגראבן דעם קאָפּ אין שניי און ממש געהערט דאָס קלאַפּן פון האַרץ, ווי עס זאָל וועלן אַרויסשפּרינגען פון ברוסט־קאסטן. איבערגעוואַרט עטלעכע מינוט האָט דער „איבער־פירער" אונדז געהייסן לויפן נאָך אים.

מיר זענען געלאָפן מיט די לעצטע כחות, געלאָפן און געפאַלן, זיך אויפגעהויבן און ווידער געלאָפן ביז מיר זענען ארויף אויפן פארפרוי־רענעם טייך. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט, כדי צו אָפּצוכאפן דעם אטעם

און זיך אַ מינוט אָפּרוען. פּלוצלונג דערקלערט מיר מיין חבר יצחק, אַז ער קען מער נישט גיין, ער פילט זיך שלעכט. ער בעט, אַז מיר זאלן אים איבערלאָזן דאָ און גיין ווייטער אָן אים. ער וויל — זאגט ער — שטארבן דאָ און בעט מיך נאָר איבערגעבן זיין פרוי, ווו ער איז געפאלן.

די סיטואציע איז נישט געווען קיין פריילעכע. אינמיטן דער נאַכט אויף דער סאַמע גרענעץ צווישן צוויי וואַכן, וואָס קענען אָנקומען יעדע מינוט, און מיין חבר זאָגט, אַז ער וויל דאָ שטאַרבן. כ׳האָב אים געקושט און געבעטן רחמים, ער זאָל גיין מיט אונדז. כ׳האָב זיך דערמאָנט אין קליינעם פלעשעלע מיט „וואָדקא״, וואָס כ׳האָב געהאַט אין דער טאַש און איך האָב אים געגעבן, ער זאל א זופּ טאָן, באשפריצט אים דאָס פּנים און די הענט. מיר האָבן אים דערנאָך גענומען אונטער די אָרעמס און מיר זענען ווייטער געגאַנגען. ער האָט נישט אויפגעהערט צו בעטן, אז מיר זאָלן אים לאָזן אויפן שניי. איך האָב אים געטראָגן ממש מיט די לעצטע כחות איבערן פארפרוירענעם בוג, ביז מיר האָבן זיך צוגעשלעפּט צו אַ שטוב, אַ פּאָר הונדערט מעטער פון דער גרענעץ, אויף דער דייטשישער זייט. איך בין אנידערגעפאַלן אָן כחות. דער „איבערפירער״ האָט אונדז געבעטן צו מאַכן נאָך אַן אָנשטרענג און גיין נאָך 5 קילאָמעטער, ווייטער פון דער גרענעץ, ווייל דאָ קענען מיר אריינפאלן צו דער דייטשער וואַך. עס האָבן נישט געהאָלפן זיינע איבערצייגנדיקע רייד. מיר האָבן זיך נישט געקענט רירן. איך האָב אָנגעקלאַפּט אין הויז ביי דער גרענעץ און דער „איבערפירער״ מיטן „האלבן דייטש״ זענען געגאַנגען ווייטער.

די טיר האָט געעפנט אַן עלטערער פויער. ער איז געשטאַנען אויף דער שוועל און נישט געוואָלט אונדז אַריינלאָזן. כ׳האָב אים געבעטן ממש מיט געוויין — זעסט ווי מיר זענען מיד. אויב דו לאָזט אונדז נישט אַריינגיין, וועלן מיר דאָ ביידע שטאַרבן ביי דיין טיר... זיין פויערישער געוויסן האָט זיך א ריר געטאָן און ער האָט אונדז אריינגעלאָזט. אָן כחות האָבן מיר זיך אַ לייג־געטאָן אין אַ ווינקל אויף דער ערד. כ׳האָב געהערט ווי עמעצער פון שטוב איז ארויסגעגאַנגען אויף דער גאַס. מיר זענען ביידע שוועך איינגעשלאָפן.

אויפגעוועקט אונדז האָט אַ קאָפּע פון א פּוס אין די זייטן. איך האָב זיך אויפגעזעצט און דערזען 2 דייטשן מיט ביקסן אין די הענט. נעבן זיי איז געשטאַנען דעם פויערס זון. זיינע מלבושים און אויסזען האָבן עדות געזאָגט, אַז ער איז אַריינגעקומען גלייך מיט די דייטשן.

— „אַאופשטיין, פאַרפלוכטע יודען״ — האָבן די דייטשן באַפוילן. איך האָב אָנגעהויבן צו ציטערן. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דאָס איז דער סוף. איך בין צוגעגאַנגען צום בעט, אין וועלכן דער פויער איז געלעגן, כלומרשט זיך צו געזעגענען, כ׳האָב אים איבערגעגעבן א פעקל געלט, וואָס כ׳האָב געהאַט ביי זיך און געבעטן דאָס אָפּגעבן מיין פרוי. ער האָט זי צופעליק געקענט, ווייל דאָס שטעטל יאַנאָווע איז געלעגן נישט ווייט פון ביאַלע, וווהין די פויערים פלעגן קומען איינקויפן.

ס׳איז געווען א זייגער 6 פאַרטאָג, ווען מיר זענען אַרויס פון דעם שטוב. איך האָב ריזיקירט א פראַגע: וווהין פירט איר אונדז? אַ דייטש האָט מיר געזאָגט, אַז ער פירט אונדז אין דער קאָמענדאַטור. ס׳איז געווען א קורצער וועג. מיר האָבן זיך איבערגעקוקט, איך און מיין חבר, מיט איבערגעשראָקענע בליקן. וואָס וועלן זיי טאָן מיט אונדז?

אַריינגעפירט האָט מען אונדז אין אַ שטוב פול מיט זעלנער, האַלב אָנגעטאָענע. זיי האָבן זיך געגרייט צום פרישטיק. מען האָט אונדז באַפוילן צו זיצן אין א ווינקל אויף אַ באַנק און זיך נישט רירן פון אָרט. אין אַ ווײַלע אַרום האָט מען געבראַכט אונדזער „פּשעוואָדניק״ מיטן „האַלבן דייטש״. דעם יונגן „איבערפירער״ האָבן זיי פאַרשלאָסן אין א צווייטן צימער און מיטן „האַלבן דייטש״ האָבן די זעלנער גלייך זיך געחברט, ווי מיט אַן אייגענעם, געגעבן אים צו עסן און צו טרינקען.

א זייגער 7 האָבן מיר געהערט פון צווייטן צימער די אויספאַרשונג פונעם „איבערפירער״. מיר האָבן געהערט ווי עס שיטן זיך קלעפּ. ער האָט שטיל געקרעכצט. אין אַ ווײַלע אַרום האָבן זיי אים פאַרבייגעפירט. זיין פנים איז געווען פאַרבלוטיקט. אַ שוידער האָט אונדז אַרומגעכאַפּט. אַ דייטש האָט מיך, מיט א גזלניש געשריי, גערופן אין צווייטן צימער. אַריינגייענדיק האָט ער מיך אַ שטויס געטאָן מיט זיין שטיוול פון הינטן און איך בין געפאַלן. ביים טיש זענען געזעסן עטלעכע דייטשן און צווישן זיי איינער, וואָס איז לויט זיין האַלטונג וואַרשיינלעך געווען דער קאָמענדאַנט. נעבן אים זענען געשטאַנען צוויי הויכע בלאָנדע דייטשן מיט גומענע שטעקנס אין די הענט.

— „זאָג, ווו ביסטו געווען און וווהין גייסטו? פאַר נישט זאָגן די „וואַרהייט״ וועסטו געשלאָגן ווערן ביז טויט.

ציטערנדיק האָב איך דערקלערט, אַז איך בין געווען ביי מיינע עלטערן און איך גיי איצט צו מיין פרוי און קינד. ער האָט פאַרשריבן דעם נאָמען און אדרעס

— גיב אָפּ דיין געלט! — איך האָב אַרויסגענומען דאָס בייטל און איך האָב ארויסגעלייגט אויפן טיש אַלץ וואָס איך האָב געהאַט.

— איצט טו זיך אויס און מיר וועלן זען וואָס דו האָסט אין דיינע מלבושים.

איך האָב זיך אויסגעטאָן נאַקעט, ווי ער האָט געהייסן. די צוויי דייטשן האָבן אויסגעטאַפּט יעדן מלבוש באַזונדער. אין אַ קליין טעשל פונעם וועסט האָבן זיי געפונען עטלעכע זלאָטעס. איך האָב פון זיי נישט געדענקט.

— און וואָס איז דאָס? — שטופּט ער מיר דאָס געלט אין פּנים — דו האָסט געזאָגט ליגן! — ריטשעט ער, ווי א הונט — דריי זיך אויס מיטן געזיכט צו דער וואַנט!

איך האָב זיך געשטעלט נאַקעטערהייט ביי דער וואַנט און די דייטשן האָבן פוןביידע זייטן אָנגעהויבן מיך צו שלאָגן מיט די גומענע שטעקנס איבער דער פּלייצע. כ'האָב געפילט, אַז עס פּלאַצט אויף מיר די הויט און זיי האַקן אין נאקעטן פלייש. עס האָט מיר שרעקלעך וויי געטאָן. איך האָב געשריגן און געבעטן, זיי זאָלן אויפהערן.

פּלוצלונג פרעגט ער מיך: — זאָג, דו ווייסט ווער עס איז שולדיק אין איצטיקן קריג?

— איך ווייס נישט...

— די „פאַרפלוכטע יודען" — האָט דער דייטש געשריגן און ווידער מיך באַשאָטן מיט קלעפּ. די פאַרשאָלטענע יודען זענען שולדיק אין איצטיקן קריג, יעצט ווייסטו שוין?!

— יאָ, איצט ווייס איך — האָב איך מעכאניש נאָכגעזאָגט.

זיי האָבן מיך אַריינגעשטופּט אין צווייטן צימער און מיר נאָכגעוואָרפן דאָס פּעקל מלבושים. גלייכצייטיק האָבן צוויי דייטשן אריינגעפירט מיין חבר צום קאָמענדאַנט, דאָרט, וווּ איך בין נאָר־וואָס געווען. מיר האָבן אין אַ ברוכטייל פון אַ סעקונדע זיך באַגעגנט מיט די בליקן. איך ווייס נישט, ווי איך האָב אויסגעזען, אבער אַזויפיל פּחד ווי איך האָב באַמערקט אין זיינע אויגן, קען מען נאָר זען ביי איינעם, וואָס גרייט זיך אויפצונעמען דעם טויט מיט גרויסע יסורים.

איך האָב פון צווייטן צימער געהערט די זעלביקע פראַגעס, די זעלביקע באַפעלן: „ווּהין גייסטו? לייג אלץ ארויס! גאָרנישט באַהאַלטן?" דערנאָך האָבן זיי אים געהייסן זיך אויסטאָן.

כ'האָב געוווּסט, אַז ער האָט איינגענייט אין די מלבושים, אין אייניקע ערטער, פּאַפּיר־באַנקנאָטן. זיי האָבן עס גלייך געפונען. זיי

האָבן אים נאַקעטערהייט געלייגט אויף דער ערד. צוויי דייטשן האָבן זיך געזעצט אויף אים, אויפן קאָפּ און אויף די פיס און אַ דריטער האָט מיט אַ גומענעם שטעקן געהאַקט מיט אַלע כוחות. מיין חבר האָט געשריגן. זיינע געוואלדן האָבן געריסן דאָס האַרץ. איך ווייס נישט ווי לאַנג די עקזעקוציע האָט געדויערט. געדוכט האָט זיך מיר, אַז אַן אייביקייט.

אויך אים האָבן זיי אריינגעוואָרפן צו מיר אין צימער צוזאַמען מיט זיין פּעקל מלבושים. זיין אויסזען האָט מיך אויפגעציטערט. דאָס פּנים שוואַרץ, דאָס מויל פּאַרקרומט און די אויגן אַזוי גרויס, ווי זיי וואָלטן וועלן זיך ארויסרייסן פון זייערע לעכער. ער האָט נישט געקענט זיך אויסגלייכן. איך האָב אים געהאָלפן זיך אָנטאָן.

— וואָס וועלן זיי איצט מיט אונדז מאַכן ?

בערך אַ שעה צייט האָבן זיי אונדז געלאָזט צו רו. מיר האָבן צווישן זיך נישט גערעדט און איך האָב געקוקט דורכן פענצטער. כ׳האָב אויסגעמיטן צו קוקן אויף מיין חבר. דערנאָך האָט אַ דייטש מיט אַ ביקס אונדז ארויסגעפירט אויפן הויף, געגעבן אונדז צוויי לאָפּאַטעס און באַפוילן אָפּצוראַמען דעם שניי. מיר האָבן געאַרבעט מיט די לעצטע כוחות. אין אַ ווײַלע אַרום איז ארויסגעקומען דער קאָמענדאַנט אין באַגלייטונג פון נאָך עטלעכע דייטשן. ער האָט געפירט אַ גרויסן הונט און אין דער האַנט האָט ער געהאַט אַ פאָטאָגראַפיש אַפּאַראַט.

די דייטשן האָבן זיך עפּעס באַראַטן און דער קאָמענדאַנט האָט מיטן פינגער אָנגעוויזן אויף מיין חבר. ער האָט אָנגערייצט דעם הונט אויף אים. דער הונט האָט מיין חבר אומגעוואָרפן אויף דער ערד און זיך אויף אים געשטעלט מיט די לאַפּעס. דער דייטש האָט פילמירט די סצענע, ווי דער הונט רייסט די בגדים פון מיין חבר.

מיר האָבן אָפּגעשאַרט דעם שניי אויפן הויף און גוט אָפּגערייניקט דעם אריינגאַנג. ס׳איז געוואָרן מיטאָג־שעה. דער דייטש איז געגאַנגען עסן און אונדז האָט מען איינגעשלאָסן אין אַ זייטיקן צימער. די שעהן האָבן זיך געצויגן ווי יאָרן. אין מוח האָט געקלאַפּט די פראַגע : וואָס וועלן זיי מיט אונדז טאָן ? וועלן זיי אונדז באַפרייען, אָדער חס ושלום אומברענגען ? איך האָב אַפילו נישט געטראַכט וועגן עסן. כ׳האָב נישט געפילט קיין הונגער. נאָר אין מויל איז געווען טרוקן. כ׳האָב מורא געהאַט צו בעטן וואַסער. ס׳איז געווען געענוג צו זען מיט וואָס פאַראַ כעס זיי האָבן אונדז באַטראַכט, אַז עס זאָל זיך איבערוועלן צו רעדן אָדער צו בעטן. אַ ביסל שפּעטער האָט דער זעלביקער דייטשער וועכטער

מיט דער ביקס אונדז אַרויסגעפירט הינטער דער שטוב און געהייסן אויסרייניקן א קלאָזעט, וואָס איז געווען פאַרפּרוירן און פארשאָטן מיט שניי. מיר האָבן מיט א טעמפּער האַק געדאַרפט אויסהאַקן פון קאַסטן די פארפרוירענע צואה און אָפּטראָגן זי אין גאָרטן, מיט די הענט.

איך האָב זיך זייער געוווּנדערט, ווען דער דייטש האָט מיך געפרעגט פאַרוואָס דער קאָמענדאנט האָט אונדז געשלאָגן. וואָס האָט איר שלעכטס געמאַכט? — פרעגט ער אונדז. איך האָב אים געזאָגט, אז מיר האָבן קיין שום שלעכטס נישט געמאַכט, אַז מיר גייען צו אונדזערע פרויען און קינדער.

ער איז געווען אַן עלטערער מענטש. איך האָב באַמערקט אויף זיין פּנים אַ געוויסן אויסדרוק פון מיטגעפיל. אַלנפאַלס האָט זיך מיר אַזוי געדאַכט. כ'האָב דעריבער איינגעשטעלט און געפרעגט פונוואַנען ער איז. ער איז א דייטש פון טשעכיע — האָט ער מיר געזאָגט.

פאַרענדיקט די ברודיקע אַרבעט האָט ער אונדז אריינגעפירט אין שטוב און געהייסן זיצן אין פאָדער־צימער. וועגן עסן אָדער טרינקען האָט אונדז קיינער נישט געפרעגט, הגם עס איז שוין געווען ארום 5 נאָכמיטיק. איך דערמאָן זיך נישט אַז מיר זאָלן האָבן געפילט א הונגער נאָך די אלע איבערלעבונגען פון דער נאַכט און נאָכן אומגליקלעכן טאָג. איך האָב באַמערקט, ווי דער קאמענדאנט און מיט אים נאָך עטלעכע דייטשן טוען אָן די שינעלן. זיי נעמען די ביקסן אין די הענט און נעמען אויך מיט דעם הונט. מיר האָבן זיך איבערגעקוקט מיט שרעק.

— זיי גייען אונדז אויסענדיקן — זאָגט מיין חבר.

איך האָב אין דעם מאָמענט אַ טראַכט געטאָן וועגן מיין פרוי און מיין איינציקן זונעלע, עפעס ווי איך וואָלט זיך מיט זיי געזעגנט אויף אייביק. כ'האָב אין געדאַנק זיך אויך געזעגנט מיט מיינע עלטערן, מיט מיין שוועסטער, ברודער און פריינט.

— ראַוס! — האָט אַ דייטש אַ דונער געטאָן. מיר האָבן זיך האַסטיק אויפגעשטעלט און זענען ארויסגעגאנגען. דער דייטש האָט געעפנט דאָס טירל פון פלויט, געוויזן אונדז דעם וועג אין פעלד אריין און באַפוילן צו לויפן פאָרויס.

איך בין געגאנגען דער ערשטער, נאָך מיר האָט געשפּאַנט מיין חבר יצחק און נאָך אונדז זענען געגאנגען די דייטשן מיט די ביקסן אין די הענט. פון צייט צו צייט האָבן זיי אנגערייצט אויף אונדז דעם הונט. דער הונט האָט געריסן פאר די פיס און די דייטשן האָבן אונדז געקאָפּעט

מיט די פיס פון הינטן. מיר זענען געווען זיכער, אַז מען פּירט אונדז שיסן. איך בין געלאָפן מיט אַלע כּוחות, הגם די פיס האָבן זיך געבראָכן. די געדאַנקען האָבן שנעל געאַרבעט. איך האָב שוין געזען, ווי מיר ליגן ביידע דערהרגעטע אין פעלד. אממיינסטן האָבן מיך געשראָקן די יסורים פאַרן טויט. מיר האָבן זיך דערווייטערט פון שטעטל און געלאָפן אַלץ טיפער אין פעלד, אַלץ נעענטער צו אונדזער סוף... בישט פאַר אונדז האָט זיך אין יענעם פאַרנאַכט אַזוי ליכטיק געשיינט די זון און געשיקט אירע לעצטע שטראַלן צום שניי אויפן פעלד, וואָס איז אַזש געווען בלוי פון דער ווייסקייט.

— שטיין בלייבן! — האָבן מיר דערהערט אַ געשריי. דאָס האַרץ האָט אויף אַ רגע אויפגעהערט צו קלאַפּן. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט און זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו די דייטשן: שיסט מערדער און מאַכט אַ סוף — האָב איך געקלערט.

דער קאָמענדאַנט איז צוגעגאַנגען נאָענט צו אונדז. האַלטנדיק אין איין האַנט זיין ביקס האָט ער מיט דער צווייטער האַנט אָנגעוויזן אויפן נאָענטן וועלדל, אַ 200 מעטער פון אונדז.

— קוקט — האָט ער געזאָגט מיט זיין גזלנישער שטימע — אין נאָענטן וואַלד פליסט דער טייך בוג. אויף יענער זייט זענען די רוסן. איצט לויפט און אין 15 מינוט אַרום זאָלט איר זיין אויף יענער זייט. אין פאַל ווען איר קומט צוריק, דערשיס איך אייך! לויפט שנעל, ווייל איך שיס!

זענען מיר שנעל געלאָפן איבער דעם שטייניקן פעלד אין דער ריכטונג צום וואַלד. מיר האָבן מורא געהאַט זיך אומצוקוקן און געלאָפן אַלץ שטאַרקער און שנעלער.

נאָכן אָפּלויפן אַ 50 מעטער האָבן די דייטשן אָנגעהויבן צו שיסן אין אונדזער ריכטונג. די קוילן זענען געפלויגן און געפייפט ממש נעבן די אויערן. מיר כאַפּן אַ קוק איינער אויפן אַנדערן, צי מען לעבט. יעדעס מאָל, ווען מיין חבר פאַלט בין איך זיכער, אַז אַ קויל האָט אים געטראָפן. ווען איך בין געפאַלן האָט ער מיך געכאַפּט ביים האַנט, גרייט מיך צו טראָגן ביזן וואַלד, וואָס ווייטער פון די דייטשן. מיר האָבן שוין געוואָלט זיין אין וואַלד, כדי זיך באַהאַלטן פון די קוילן, וואָס פליען אָן אויפהער איבער אונדז.

מיט די לעצטע כּוחות האָבן מיר זיך דערשלאָגן צום וואַלד. כ׳האָב געפונען אַ גראָבן בוים און אַנידערגעפאַלן אין שניי, זיך

איינגעגראבן אין שוץ פון בוים, כדי אָפּצואָטעמען. די שיסעריי האָט נאָך געדויערט עטלעכע מינוט.

אָפּגערוט זיך, דערפרישט זיך מיט אַ ביסל שניי, האָבן מיר אָנגעהויבן צו גיין אין דער ריכטונג פון טייך, ווי דער דייטש האָט אונדז אָנגעוויזן. דערווייל איז געוואָרן טונקעלער. די נאַכט האָט אָנגעהויבן צוצופאַלן און מיר האָבן שווער געטאָפּטשעט אין טיפן שניי, זוכנדיק מיט די אויגן דעם פאַרפרוירענעם טייך. מיר האָבן איינער דעם צווייטן געמוטיקט. נאָך אַ ביסל און מיר וועלן זיין אויף דער רוסישער זייט. מיר האָבן, פארשטייט זיך, נישט געוווסט, וואָס עס שטייט אונדז פאָר, ווען די רוסן וועלן אונדז כאַפּן אויף דער גרענעץ. אבער וועגן דעם האָט זיך נישט געוואָלט טראכטן, אַבי וואָס ווייטער פון די דייטשע מערדער.

ס'האָט געמוזט זיין א זייגער 10 אין אוונט, ווען מיר האָבן זיך געפונען אויפן פארפרוירענעם בוג. מיר האָבן זיך אנידערגעזעצט. ס'איז געווען שטיל, מען פילט נישט אפילו קיין ווינטעלע. ווייט ארויס זעט מען גאָרנישט. די פינצטערניש פון דער נאַכט איז באַלויכטן פון ווייסן שניי. דער הימל איז געווען פארוואלקנט. אט פאַלט, שיט אַ געדיכטער שניי. עס ווילט זיך אַזוי אויסציען אויף קיינעמס־לאַנד און איינשלאָפן, פאַרגעסן כאָטש אויף אַ ווייל די צרות.

אָבער מיר מוזן גיין. אפשר וועט אונדז געלינגען אויסצומיידן די רוסישע גרענעץ־וואַך אין דער פינצטערניש. ווען מיר זענען איבערגעגאנגען דעם בוג, איז אונדזער געמיט געוואָרן לייכטער. איך האָב געהאַט דאָס געפיל. אַז דאָ, אויף דער רוסישער זייט, איז די טויט־געפאר נישטאָ. אויב איך וועל טרעפן אַ רוס, וועל איך אים זאָגן, אַז איך בין א ייד און כ'וועל דערציילן, ווי די דייטשן האָבן אונדז געשלאָגן און געיאָגט אויף דער צווייטער זייט.

מיר זענען לאַנג געגאַנגען און נישט געקענט אַרויסגיין פון וואַלד. איך האָב יעדעס מאָל געקוקט אויף די גלאַנצנדיקע ציפערן פון מיין זייגערל, וועלכן די דייטשן האָבן מיר איבערגעלאָזן, כ'וויס אליין נישט פארוואָס. מיר האָבן זיך צוגעהערט צו יעדן שאָרך. ס'איז געווען שטיל, אפילו קיין הונט האָט נישט געבילט פון דער ווייטנס. קיין מינדסטער פייערל פון אַ כאַטע. נאָר ביימער, שניי און די נאַכט. געוווסט האָבן מיר, אַז מיר טאָרן זיך נישט זעצן, ווייל קוים שלאָפן מיר דאָ איין ווערן מיר פארפרוירן אויף טויט. האָבן מיר זיך געשלעפּט מיט די לעצטע כוחות און, ווייזט אויס, אַז נאָך די „לעצטע כוחות" איז נאָך אלע מאָל פאראן א ביסל כוח. די צייט רוקט זיך. ס'איז שוין

11 א זייגער, האַלב צוועלף און מען זעט נישט קיין סוף. גייענדיק ווייטער דערפילן מיר פלוצלונג, אז מיר זענען ווידער אויפן געפרווירענעם בוג. אויף דעם האָבן מיר זיך נישט געריכט און אַ שרעק האָט אונדז באַהערשט. איצט ווייסן מיר ווייטער נישט אין וועלכער ריכטונג מיר דאַרפן גיין און די פינצטערניש פון דער נאכט איז געדיכט.

מיר זענען געשטאַנען אַ ווײַלע און נישט געקענט פארשטיין, ווי אזוי מיר זענען צוריקגעקומען צום טײַך. אפשר שלענגלט ער זיך, דער בוג? אָדער זענען מיר געגאַנגען אין אַ פארקערטער ריכטונג? די לאַגע איז אָן אַן אויסוועג און מיר זענען אומבאַהאָלפן.

—ווייסט — זאָגט מיין חבר — אויב מיר בלייבן דאָ ביז אינדערפרי, וועלן מיר פארפרוירן ווערן און וועלף וועלן אונדז אויפפרעסן אָדער אונדזערע קערפערס וועלן אין פרילינג ארויסשווימען מיטן צעגאַנגענעם אייז. דאָס שרעקלעכסטע איז, וואָס אונדזערע פרויען און קינדער וועלן נישט וויסן, ווו אונדזער געביין איז אהינגעקומען. דערפאַר מיין איך, אַז מיר זאָלן אָנהויבן שרייען. מענטשן וועלן אפשר דערהערן, וועלן זיי קומען אונדז ראַטעווען.

איך האָב מורא געהאַט פאַר אַזאַ שריט. אויב די דייטשן קומען, דערשיסן זיי אונדז. מיין חבר האָט אָבער נישט געוואַרט אויף מיין ענטפער און אָנגעהויבן צו שרייען אזוי הויך, ווי ער האָט געקענט: ר אַ ט ע ו ו ע ט! מענטשן, ראַטעוועט! ראַ —ַ טע —ַ וועט!...

איך האָב אים אָנגעכאַפּט און פאַרמאַכט דאָס מויל, ער זאָל נישט שרייען. ער האָט זיך אָבער געראַנגלט, אַרויסגעריסן זיך פון מיר און ווייטער געשריגן:

— ר אַ ט ע ו ו ע ט, מענטשן! רא — טע — וועט!

כ'האָב געציטערט. ס'האָט מיך געוואָרפן ווי אין פיבער. איך האָב זיך פאַרגעשטעלט, אַז באלד קומען די דייטשן און שיסן אונדז. אזוי האָט ער געשריגן אַ האַלבע שעה ביז ער איז געווארן הייזעריק און געבליבן שטיל. דורך דער צייט האָב איך זיך צוגעוווינט צו זיין שרייען און איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן, אז אויב קיינער דערהערט אונדז נישט, וועלן מיר טאקע פארפרוירן ווערן. איז מיר א שאָד געוואָרן דאָס לעבן. ניצול געוואָרן פון די דייטשע מערדער און איצט דאָ פארפרוירן ווערן? אפשר איז גערעכט מיין פריינט, אפשר וועט דאָך עמיץ הערן אונדזער געשריי, אַ מאָל אַ פויער, וואָס וווינט ביי דער גרענעץ. האָב איך אויך גענומען שרייען:

„ראַטעוועט, מענטשן! ראַ — טע — וועט!"

דאָס שרייען האָט מיך אויך שנעל פּאַרמאַטערט. מיר זענען ביידע שטיל געבליבן. מען הערט קיינעם נישט און מען זעט קיינעם נישט. עס קומט נישט קיינער אונדז צו ראַטעווען.

מיר האָבן באַשלאָסן זיך לייגן אָפּרוען אין שניי. איינציקווייז. איינער וועט זיך לייגן אויף א האלבער שעה און דער אנדערער וועט וואַכן מיטן זייגער אין דער האַנט. דערנאָך וועט אזוי טאָן דער צווייטער און דער ערשטער וועט וואַכן. איך האָב אויסגעזוכט א בוים ביים ברעג, אַריינגעוואָרפן זיך אין שניי און באַלד איינגעשלאָפן.

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, בין איך געווען אינגאַנצן באַדעקט מיט שניי. אַרויסגעקאָפּעט זיך פונעם שניי, האָב איך זיך ארומגעקוקט, כדי צו זען מיין חבר. יצחק איז דאָ נישט געווען. עס האָט שוין אַ ביסל געטאָגט. איך האָב פאַרשטאַנען, אז ער האָט נישט אויסגעהאַלטן די האַלבע שעה פון וואַך זיין און ער איז דאָ מן הסתם ערגעץ־ווו איינגעשלאָפן. כ'האָב אים אָנגעטאַפּט מיט די פיס נישט ווייט פון מיר.

מיר האָבן זיך גענומען ארומטאפּן, צי מיר זענען אַרויס גאַנץ פון דער נאַכט. מיר האָבן ביידע געפילט אָפּגעפרוירענע פינגער פון די פיס. אבער אויסטאָן די שיך האָט מען נישט געטאָרט, ווייל מיר וואָלטן זיי נישט געקענט צוריק אָנטאָן.

און ווידער אין וועג. מיר גייען רעכטס, ווייל עס איז אונדז אויסגעקומען, אַז דאָרט איז דער וואַלד שיטערער. אפשר וועט מען אויפן פרייען פעלד דערזען אַ לעבעדיק באַשעפעניש. צוערשט איז אונדז געווען קאַלט, אָבער ביסלעכווייז, טאָפּטשענדיק אין טיפן שניי, האָבן מיר זיך דערוואַרעמט, גענומען אַ ביסל שניי אין מויל, כדי זיך אפצופרישן און ענדלעך זענען מיר אַרויסגעקראָכן פון וואַלד. ס'איז געווען א גרויס פעלד. מיר האָבן געקוקט אין אַלע זייטן. מען זעט נישט קיין לעבעדיק וועזן. דערווייל איז געוואָרן טאָג און מיר האָבן דאָך דערזען פון דער ווייטנס אַ כאַטע. מיר האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין יענער ריכטונג. זענען מיר שוין אויף דער רוסישער זייט? און אויב נישט? די מורא האָט געקעבערט אין מוח.

ווען מיר זענען אָנגעקומען נענטער צו דער פויערישער כאַטע האָט זיך א הונט צעבילט. אַ פויערטע איז ארויסגעקומען און האָט אונדז אנגעקוקט מיט שטוינונג. זי האָט געמיינט, אז מיר זענען נישט קיין

נאָרמאלע מענטשן. זי האָט אונדז אריינגעבעטן אין שטוב. מיין ערשטע פראַגע איז געווען, אויף וועלכער זייט פון דער גרענעץ מיר געפינען זיך.

— ביי די דייטשן — האָט זי געזאָגט.

— ביי די דייטשן?! — איך בין געפאַלן אויף דער ערד.

די פויערטע האָט מיר געהאָלפן זיך זעצן. זי האָט אונדז אָנגעגאָסן צוויי גלעזער הייסע מילך און געגעבן ברויט. זי האָט אונדז געבעטן טרינקען שנעלער, ווייל די דייטשן דאַרפן באַלד קומען נאָך פוטער, וואָס זיי האָבן נעכטן באַשטעלט, און דעמאָלט איז אונדזער לעבן אין געפאַר.

טרינקענדיק האָב איך דער פויערטע געזאָגט, אז מיר זענען פון ביאַלע און געבעטן איבערגעבן אַ גרוס אונדזערע פרויען. איך האָב זי דערנאָך געבעטן צו זאָגן אונדז גענוי, אין וועלכער ריכטונג מיר דאַרפן גיין צו דער רוסישער גרענעץ.

די פויערטע האָט אונדז ארויסגעפירט אין דרויסן, זי האָט אונדז אָנגעוויזן א ריי יונגעביימער בערך 200 מעטער פון אונדז. דאָרט איז די רוסישע גרענעץ. מיר האָבן איר באַדאַנקט. קיין געלט צו באַצאָלן האָבן מיר נישט געהאַט. מיר זענען געלאָפן אין דער אָנגעוויזענער ריכטונג.

צום דריטן מאָל זענען מיר אין דאַזיקן מעת־לעת איבערגעגאנגען דעם בוג און מיר האָבן דערזען אַ פאַרצוימונג פון שטעכעדיקן דראָט אין דריי רייען. מיר האָבן נישט געזען דעם סוף פון דער פארצוימונג. האָט איינער פון אונדז פונאנדערגענומען און צוגעהאלטן די דראָטן און דער צווייטער איז דורכגעקראָכן. מיר האָבן דאָס זעלבע איבער־געחזרט ביי אלע דריי פארצוימונגען און מיר האָבן געגלויבט, אז מיר זענען שוין אויף דער פריי.

פלוצלונג האָבן מיר דערהערט א שאָס. מיר האָבן זיך אויסגעדרייט אין יענער ריכטונג. צוויי רוסישע סאָלדאַטן זענען צו אונדז געלאָפן מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן אין די הענט און געשריגן פון דער ווייטנס: „לאָזשיס!" (לייג זיך). מיר האָבן זיך אויסגעצויגן אין שניי...

# אין דער בריסקער פעסטונג

די גרענעץ האָבן מיר, פאַרשטייט זיך, געוואָלט דורכגיין אומבאמערקט און נישט ארייַנפאַלן אין די הענט פון דער רוסישער וואַך. איך האָב זיך דאָך נישט שטאַרק געשראָקן. כ׳האָב געקלערט זיי צו זאָגן, אז מיר זענען יידן, וואָס אַנטלויפן פון דייטש, ווייל ער שלאָגט און ער פייניקט אונדז. מיר וועלן זיי ווייזן, ווי ערשט נעכטן האָבן די דייטשן אונדז געשלאָגן מכות רצח און זיי קענען זען די ווונדן אויף אונזערע קערפערס. נאָך אזעלכע אויפקלערונגען — האָבן מיר געטראַכט — וועלן זיי אונדז זיכער פריי לאָזן.

דערווייל האָבן אונדז די צוויי סאָלדאטן געהייסן גיין פאָרויס און זיי זענען אונדז נאָכגעגאנגען מיט די ביקסן אין די הענט. איך בין געווען שטאַרק מיד. די איבערלעבונגען פון די צוויי נעכט מיטן נעכטיקן טאָג האָבן אויף מיר אזוי געווירקט, אַז איך האָב קוים געשלעפט די פיס. עס האָט מיר ווי געטאָן יעדער אבר. האָב איך געבעטן די סאָלדאטן, זיי זאָלן אונדז לאָזן ארייַנגיין אין א שטוב באָענט פון דער גרענעץ, כדי מיר זאָלן זיך אַ ביסל אָפּרוען. די סאָלדאטן האָבן זיך באַראַטן, באַטראַכט אונדזער נעבעכדיקן אויסזען און דערלויבט אונדז ארייַנצוגיין אין אַ נאָענטער כאַטע.

ס׳איז געווען 8 אַזייגער אינדערפרי. מיר האָבן זיך געזעצט אויף דער באַנק, וואָס איז געשטאַנען ביים טיש. די סאָלדאַטן נעבן אונדז. דער פויער און זיין פרוי האָבן אונדז באַגעגנט מיט אַ פוילישן „דזשיען דאָברי״ און האָבן אונדז פאַרגעלייגט אויסצוטאָן די שיך, כדי זיי אויסצוטריקענען ביים הייסן אויוון. איך האָב געזאגט, אַז מיר האָבן אָפּגעפרוירענע פינגער, אַז עס שטעכט אונדז און מיר וועלן נישט קענען אָנטאָן צוריק די שיך. דאָך האָב איך מסכים געווען און געשטעלט די שיך טריקענען ביים אויוון. דערווייל האָט אונדז דער פויער מכבד געווען מיט הייסע קאַווע און דערנאָך אַרויפגעשטעלט אויפן טיש אַ גרויסע שיסל מיט פלייש. איך האָב זיך געוווּנדערט וואָס אַזוי פרי

האָבן זיי געקאָכט פלייש. דער פויער האָט דערציילט, אַז היות די רוסן נעמען צו ביי די פויערים די בהמות און לאָזן נאָר איין בהמה פּאַר אַ משפחה, איז בעסער צו קוילן די בהמות און אויפעסן. ס׳איז נישט געווען דער מאָמענט צו טראַכטן וועגן רוסישן רעזשים, וואָס נעמט צו ביים פויער דעם פאַרלאַנג צו פּראָדוצירן און צו שאַפן, דעם מוט צו מאַכן וואַקסן, נאָר צו זיין אַ שרייפעלע אין דער גרויסער מאַשין, וואָס רופט זיך „מארקסיסטישע אָרדענונג״.

מיר האָבן געגעסן מיט אַפּעטיט און זיך אַ ביסל אָפּגערוט. די סאָלדאַטן זענען געוואָרן אומגעדולדיק. מיר האָבן אָנגעהויבן אַרויפ־ציען די אויסגעטריקנטע שיך און זיי נישט געקענט אַרויפשלעפן אויף די פיס. די אָפּגעפרוירענע פינגער האָבן שטאַרק ווי געטאָן און איך בין געווען געצוווּנגען צו טרעטן אויף די שפּיץ פינגער מיט די פּיאַטעס אין דרויסן.

ס׳איז געווען אַ שפּאָר שטיקל וועג ביזן הויז פון קאָמענדאַנט, וווּהין זיי האָבן אונדז געפירט. איך האָב זיך קוים דערשלעפּט צו דער קאָמענדאַטור מיט די האַלב־אָנגעטוענע שיך אויף די צעווייטיקטע פיס. די סאָלדאַטן האָבן אונדז איבערגעגעבן דעם דיזשורירנדיקן אָפיציר און ער האָט אונדז דורכגעפירט דורך א קאָרידאָר, געעפנט פאַר אונדז אַ טיר פון א קעלער און געהייסן אריינגיין. ער האָט פאַרשלאָסן הינטער אונדז די טיר.

מיר האָבן זיך ארומגעקוקט אין דער נייער „דירה״. ס׳איז געווען אַ פשוטער קעלער, אין וועלכן די פויערים האַלטן קאַרטאָפל אויף ווינטער. פון דער לאָך אין דער וואַנט האָט אַריינגעשיינט אַ ביסל ליכט; אויף דער ערד — א ביסל שטרוי. מיר זענען ביידע געווען אַזוי אויסגעמאַטערט, אַז אָן ווערטער האָבן מיר זיך אויסגעצויגן אויפן שטרוי און עס האָט לאַנג נישט געדויערט ביז מיר זענען איינגעשלאָפן.

ס׳איז שוין מן הסתם געווען פאַרנאַכט, ווען מיר האָבן זיך אויפ־געכאַפּט. ס׳איז מיר געווען זייער קאַלט. איך האָב געפילט דעם ווייטיק פון דער צעהאַקטער פלייצע און פון די אָפּגעפרוירענע פינגער אויף די פיס. מיר האָבן געקלאַפּט מיט די הענט אין די פיס, כדי זיך צו דערוואַרעמען. ס׳איז געוואָרן נאַכט און קיינער דערמאָנט זיך נישט אין אונדז. זיי האָבן פאַרגעסן, אַז זיי האָבן איינגעשלאָסן צוויי לעבעדיקע מענטשן אין אַ פינצטערן קעלער אָן עסן און אַפילו אָן אַ ביסל וואַסער צום טרינקען.

אפשר האָבן זיי טאַקע אונדז פאַרגעסן — רעדן מיר זיך דורך.

זענען מיר דאָך נישט ביי די פֿאַרשאָלטענע דייטשן, וואָס אַ ייד איז ביי זיי הפקר. די רוסן ווייסן דאָך, אַז מיר זענען נישט קיין פֿאַרברעכער. איז נישט אַנדערש, נאָר זיי האָבן אין אונדז פֿאַרגעסן. לאָמיר זיי דערפֿאַר דערמאָנען, אז מיר זענען דאָ. איך האָב לייכט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. קיינער ענטפֿערט נישט. האָב איך גענומען שטאַרקער קלאַפּן. דאָ האָט זיך אָנגערופֿן אַ סאָלדאַטישע שטימע פֿון יענער זייט טיר. מיט אַ גראָבן באַס האָט ער געפֿרעגט: „וואָס ווילסטו?"

כ'האָב אים געזאָגט, אז מיר זיצן שוין דאָ פֿאַרשלאָסן אַ גאַנצן טאָג, אַז מיר זענען הונגעריק און קראַנק. איך בעט אַ דאָקטאָר.

— האָב נישט מורא — האָט ער אונדז געענטפֿערט מיט זיין באַסאָווער שטימע — אויב דו וועסט פּגרן, וועלן מיר דיך באַגראָבן און איצט קלאַפּ נישט, זיץ שטיל, אַז מען וועט דיך דאַרפֿן וועט מען דיך רופֿן. — און ער איז אַוועקגעגאַנגען.

איך האָב מיין חבֿר געדאַרפֿט איבערזעצן די רייד פֿון סאָלדאַט, ווייל ער האָט נישט פֿאַרשטאַנען קיין וואָרט רוסיש.

— זעסט — זאָגט ער — אויף דעם האָב איך זיך נישט געריכט. אַרויסגעגאַנגען גאָט צו דאַנקען פֿון די דייטשע לאַפּעס און איצט דאָ שטאַרבן אין אַ פֿינצטערן קעלער ביי די „חבֿרים". דאָס איז שוין גאָרנישט יושרדיק.

כ'האָב אים באַרואיקט, אַז מיר וועלן אַ ביסל צוואַרטן און דערנאָך — וייטער קלאַפּן. דערווייל האָבן מיר זיך ווידער אויסגעלייגט אויפֿן שטרוי און געקוקט אין דער געדיכטער פֿינצטערניש. ס'איז געווען זייער שטיל, ווי אין אַ קעלער. בלויז די מייז האָבן געפּישטשעט שפּרינגענדיק איבער אונדז.

— דו ווייסט — זאָגט מיין חבֿר — אויב מיר וועלן דאָ דאַרפֿן איבערנעכטיקן, וועלן מיר האָבן אַ פֿריילעכע נאַכט. די מייז האָבן מיך נישט געשראָקן, נאָר א שפּאָר ביסל געעקלט, ווען זיי האָבן מיט זייערע דינע פּיסלעך באַרירט דאָס פּנים.

אין טיר האָט זיך איבערגעדרייט דער שליסל. ס'איז געשטאַנען אַ סאָלדאַט מיט א לאָמטערנע אין דער האַנט. „קומט" — האָט ער געזאָגט.

מיר האָבן זיך שווער אויפֿגעשטעלט, אָפּגעשאָקלט פֿון זיך די שטרוי און מיט האַלב־אנגעטאָנענע שיך נאָכגעגאַנגען דעם סאָלדאַט. ער האָט אונדז אַריינגעפֿירט אין אַ ליכטיקן צימער, ווו עס האָט געברענט אַ גרויסער נאַפֿט־לאָמפּ. ביים טיש איז געזעסן א יונגער רוסישער אָפֿיציר מיט אַ בלייפֿעדער אין דער האַנט, גרייט צו שרייבן. ער האָט אונדז

געבעטן זיך זעצן און געפרעגט וואָס פאַראַ שפּראַך מיר רעדן — פּויליש אָדער רוסיש?ביידע שפּראַכן — האָב איך געענטפערט.

„נאָמען, פאַרנאָמען, ווו געבוירן, ווו געוווינט, פונוואַנען און וווהין גייסטו, פּאָליטישע אָנגעהעריקייט, באַשעפטיקונג?"

איך זאָג אים, אַז איך בין אַ סוחר, שרייבט ער שפּעקולאַנט. וואָס זאָל איך זיך מיט אים שפּאַרן וועגן א וואָרט, אַז איך האָב אַ ליידיקן מאָגן און עס טוט מיר וויי יעדער אבר.

פּארטיק געוואָרן מיטן פּראָטאָקאָל האָט ער געהייסן אונטערשרייבן.

— און איצט — זאָג איך — וואָס וועסטו מיט אונדז מאַכן. דאַרפסט אונדז באַפרייען, ווייל זעסט דאָך, אַז מיר זענען נישט קיין פאַרברעכער, אַז מיר זענען קראַנק פון די ליידן פון די לעצטע צוויי טעג. עס וואָלט געווען נייטיק אַ דאָקטאָר. חוץ דעם זענען מיר אויך הונגעריק.

— עסן — זאָגט ער — וועט מען אייך באַלד געבן. אָבער קיין דאָקטאָר איז דאָ נישטאָ. מאָרגן פרי וועלן מיר אייך אָפּשיקן צו אַ גרעסערן נאַטשאַלניק און ער וועט שוין מיט אייך אַלץ דערליידיקן.

זיצנדיק ביי אים אין צימער האָט אונדז אַ סאָלדאַט צוגעטראָגן שטיקער ברויט מיט א טעפל הייס וואַסער, „קיפּיאַטאָק".

אין דער היים האָב איך זיכער א געבראָטענע קאַטשקע נישט געגעסן מיט אַזאַ אַפּעטיט, ווי איך האָב איצט געביסן דאָס שטיק ברויט און פאַרטרונקען מיטן וואַסער.

— איצט — זאָגט דער יונגער אָפיציר — גייט זיך אָפּרוען ביז אינדערפרי.

מען האָט אונדז ווידער אפגעפירט אין קעלער. עס האָט נישט געהאָלפן דאָס בעטן, אַז מען זאָל אונדז געבן אַן אַנדער פּלאַץ צום שלאָפן. מיר האָבן זיך ווידער אויסגעצויגן אויפן שטרוי. מיר זענען לאַנג געלעגן מיט אָפענע אויגן, געקוקט אין דער פינצטערניש און באַטראַכט די געשעפענע סיטואַציע. איך האָב געפּרוווט שלום מאַכן מיטן גורל. זאָל זיין אין אַ פינצטערן קעלער, אָבער מען שלאָגט דאָך נישט, ווי די דייטשן האָבן עס געטאָן. יאָ, צו די דייטשן קען מען קיינעם נישט פאַרגלייכן. האָט מען זיי דאָך דערצויגן אין אידעאַל פון „דויטשלאַנד איבער אַלעס" און אין אַ ראסן־טעאָריע, איז וואָס פאַראַ ווערט האָט אַ מענטש, ווועלכער איז גאָר א ייד און נישט קיין אריער? אָבער די רוסן, ביי ווועמען מיר געפינען זיך איצט, זענען דאָך אַנדערש. זיי פּרעדיקן אַ הויכע מאָראַל. זיי שרייען הויך, אַז דער גרעסטער ווערט אויף דער ערד איז דער מענטש און אויך די פרייהייט און די ברידער־

לעכקייט צווישן פעלקער. ווי אזוי זשע קען געשען, אַז מען נעמט צוויי מענטשן, צוויי יידן, געפייניקטע דורך די ראַסיסטישע דייטשן, מען גיט זיי אַ שטיקל ברויט מיט אַ טעפל וואַסער און מען זעצט זיי אריין אין אַ פינצטערן קעלער? „און אויב דו וועסט פגרן, וועט מען דיך באַגראָבן" — זאָגט דער מארקסיסטיש־דערצויגענער סאָלדאַט.

די באַליידיקונג האָט שטאַרק וויי געטאָן. מיר האָבן זיך צוגעדריקט מיט די פּלייצעס איינער צום אַנדערן, כדי זיך צו דערוואַרעמען און מיר זענען איינגעשלאָפן.

עס האָט שוין געטאָגט, ווען מיר האָבן זיך אויפגעוועקט. ס'איז געווען זייער קאַלט. עס האָט מיך געוואָרפן פון קעלט, אַ צאָן אין א צאָן האָט געקלאַפּט. די הענט און די פיס זענען געווען שטייף. גיין איז געווען אוממעגלעך צוליב די אָפּגעפרוירענע פינגער פון די פיס. זענען מיר ביידע געזעסן און געשוויגן.

דערווייל האָט דער סאָלדאַט געעפנט די טיר און געהייסן ארויסגיין. מיר האָבן זיך ביידע אָנגעהאַלטן, כדי נישט צו פאַלן.

— וווהין ווילסטו אונדז פירן? האָב איך געפרעגט דעם סאָלדאַט.

— אַ פּאָר קילאָמעטער פונדאַנען, אין שטאַב.

— יאָ, אָבער דו זעסט דאָך, אַז מיר קענען נישט גיין...

ער האָט זיך געלאָזט איבערצייגן און געהייסן אַ פויער איינשפּאַנען דאָס פערד אין שליטן, כדי אונדז אָפּפירן אין שטאַב.

— אפשר קענסטו אונדז דערווייל געבן אַ ביסל וואַרעם וואַסער, זיך א ביסל צו דערוואַרעמען?

— נישטאָ דאָ גאָרנישט. דאָרטן וועט מען אייך געבן — אַזוי האָט ער קורץ געענטפערט, פונקט ווי ער וואָלט געציילט די ווערטער.

דער פויער האָט ארויסגעפירט דאָס פערד מיטן שליטן און מיר האָבן זיך אריינגעוואָרפן אין היי. דער סאָלדאַט מיט דער ביקס נעבן אונדז. אין אַ האַלבער שעה אַרום זענען מיר אָנגעקומען אין אַ גרויס דאָרף, וווּ עס האָט זיך געפונען דער שטאַב. מען האָט אונדז אריינגעפירט אין א שטוב מיט צוויי פענצטער. אין ווינקל — אַן אויוון, גוט איינגעהייצט, וואַרעם, אבער ס'איז דאָ נישט געווען קיין טיש און נישט קיין בענקל.

כ'האָב אויסגעטאָן דאָס היטל מיט די „אויערן", אַראָפּגענומען דאָס פעלצל און אים געלייגט אלס „צוקאָפּנס" אין א ווינקל און זיך צוגעלייגט. מיין חבר האָט זיך געזעצט אויף דער ערד און זיך צעשאָקלט אין ביידע זייטן, פונקט ווי ער וואָלט עמעצן באַוויינט. איך פיל, אז ער וויל זיך אויסרעדן פאר עמעצן, דערציילן און איבערדערציילן, וואָס מיר האָבן

אַלץ איבערגעלעבט די פּאָר טעג. אבער מיר איז עס איבעריק. די דערמאָנונג אַליין האָט מיר ווי געטאָן און יעדער קלאַפּ פון די דייטשן אין פּלייצע טוט מיר נאָך אַלץ ווי. „מיט מיר רעד נישט וועגן דעם"...

אין אַ ווילע אַרום האָט מען אַריינגעפירט נאָך 5 מענטשן — דריי מענער און צוויי פרויען. זיי האָבן זיך אויסגעזעצט אויף דער ערד און זיך אנגעוואָרעמט. זיי האָבן דערציילט, אַז זיי קומען פון וואַרשע. זיי האָבן זיך ארויסגעריסן פון די דייטשע נעגל. זייער „איבערפירער" האָט זיי געבראַכט ביז דער גרענעץ און זיי געלאָזט גיין אליין. זענען זיי אַריינגעפאַלן גלייך צו דער רוסישער וואַך. אַ סאָלדאַט האָט אריינגעטראָגן אַ רונדיקן לאבן ברויט מיט א קעסעלע הייסע וואסער און האָט געהייסן, אַז מיר זאָלן זיך צעטיילן.

ביז מיטאג זענען מיר שוין געווען 20 מאַן. עס זענען אויך געווען אייניקע קריסטן. איינער פון זיי האָט דערציילט, אז ער איז אנטלאָפן פון דייטש, ווייל זיי האָבן אים מאָביליזירט צו דער ארבעט אין דייטש־לאַנד. די אַנדערע זענען געווען שמוגלער, וואָס האָבן געפירט סחורה איבער דער גרענעץ.

אין די מיטאָג־שעהן האָט מען אונדז אײנציקווייז גערופן אין דער קאַנצעלאַריע. ס׳איז דאָרטן געווען אַן אָפיציר, וואָס האָט העפלעך געבעטן זיצן און אויסגעפרעגט לויטן סדר דעם נאָמען, פאָרנאָמען, וווין־אָרט, באַשעפטיקונג, איך האָב אים געזאָגט, אַז נעכטן האָט מען שוין וועגן דעם געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל.

— ענטפער — זאָגט ער — וואָס מען הייסט דיר און פרעג נישט קיין קשיות. איצט לייג־אַרויס אַלץ, וואָס דו האָסט ביי דיר. איך האָב אַרויסגענומען דעם פּאַספּאָרט, אַ ליידיקן פּאָרטפעל, א ליידיק ביײטעלע פון געלט, אַ פּאָר פּאָטאָס פון מיין פרוי און קינד. ער האָט מיר געהייסן אויסטאָן דאָס זייגערל, וועלכן איך האָב געלייגט אויפן טיש.

— איצט שרייב אונטער און גיי צוריק אריין אין צימער.

— אנטשולדיקט, חבר לייטענאַנט, — האָב איך זיך אָנגערופן — איר האָט דאָך שוין צוזאַמענגעשטעלט צוויי פּראָטאָקאָלן און איר זעט דאָך, אז איך בין נישט קיין פאַרברעכער. איך בין אַנטלאָפן פון דייטש, ווייל די היטלעריסטן פייניקן אַלע מענטשן און בפרט יידן. דאָס איז מיין איינציקע זינד. איך בעט אייך, באפרייט מיך.

— איך בעט אייך נישט צו רעדן שלעכטס וועגן די דייטשן — ענטפערט מיר דער לייטענאנט — ווייל זיי זענען פיינע מענטשן און אונדזערע פריינט (ס׳איז געווען נאָכן אָפּמאַך צווישן ריבענטראָפּ און

מאַלאָטאָוו). וואָס שייך אייך צו באַפרייען... וועט מען אייך געוויס באַפרייען. מיר וועלן אייך אפשיקן קיין בריסק און דאָרטן וועט מען אייך זיכער באַפרייען.

איך האָב פונדאסניי אונטערגעשריבן דעם פּראָטאָקאָל און איך בין אריין צו די ארעסטירטע אין צימער. איך האָב זיי געטרייסט, אַז אין בריסק וועט מען אַלעמען באַפרייען, ווי דער לייטענאַנט האָט געזאָגט. דערנאָך האָב איך אָפּגעריסן אַ שטיק העמד און געלייגט קאַלטע קאָמפּרעסן צו די אָפּגעפרוירענע פינגער פון די פיס.

ביז אין אָוונט איז די שטוב געוואָרן פול מיט אַנטלאָפענע פון דייטש. יעדער איינער האָט דערציילט זיין געשיכטע. זיי זענען אַלע געווען ענלעך איינע צו דער צווייטער. די אויספאָרשונג און דאָס צוזאמענשטעלן די פּראָטאָקאָלן האָט געדויערט ביז האַלבער נאכט. יעדן איינעם האָט מען צוגעזאגט צו באַפרייען אין בריסק. דער עולם האָט זיך דערנאָך אויסגעלייגט אויף דער ערד אין צוויי רייען און געלאָזן אינמיטן אַ דורכגאנג.

צומאָרגנס גאַנץ פרי האָט מען געהייסן זיך גרייטן אין וועג אַריין. אַ סאָלדאַט האָט אריינגעטראָגן די זאַכן, וואָס מען האָט נעכטן אויסגעלייגט אויפן טיש, און אפּגעגעבן יעדן איינעם. איך האָב באמערקט, אַז פון מיינע זאַכן פעלט דאָס זייגערל. איך האָב זיך אנטשולדיקט און וועגן דעם געמאָלדן.

דו קלער נישט אויס קיין טענות — זאָגט מיר דער סאָלדאַט — ביי אונדז נעמט קיינער גאָרנישט צו. דו האָסט נישט געהאַט קיין זייגערל...

כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז אומזיסט צו רעדן. „אַ כפרה דאָס זייגערל" — זאָגט מיין חבר — „זאָלן זיי אונדז נאָר באַפרייען".

אויף דער גאַס האָט מען אונדז אויסגעשטעלט פּאָרווייז און אָפּגעציילט 80 מענטשן. צו דער באַן־סטאַציע איז געווען עטלעכע קילאָמעטער. איך און מיין חבר האָבן געמאָלדן, אַז מיר קענען נישט גיין. דער לייטענאַנט האָט באַטראַכט די האַלב־אָנגעטאָענע שיך אויף די פיס און געהייסן ברענגען אַ שליטן מיט אַ פערד. די גרופּע האָט זיך געלאָזט אין וועג. אונדזער שליטן איז לאַנגזאַם נאָכגעפאָרן. פוןביידע זייטן פון דער קאָלאָנע זענען געגאַנגען סאָלדאַטן מיט ביקסן. ווען מיר זענען אָנגעקומען צו דער באַן־סטאַציע, א ביסל שפּעטער ווי די גרופּע, איז אונדז לייכט געווען צו אַנטלויפן און זיך אויסמישן מיט די אנדערע פּאַסאַזשירן. מיר האָבן שטאַרק חשק געהאַט דאָס צו טאָן, אָבער ווי קאָן מען לויפן מיט קראַנקע, אָפּגעפרוירענע פיס?

אין בריסק, אויפן וואקזאל, האָבן די סאָלדאַטן אונדז געזאָגט, אַז מען דאַרף דורכגיין אַ קליין שטיקל וועג. אויסגעשטעלטע אין צוויי רייען האָבן מיר זיך אָבער זייער לאַנג געשלעפּט. איך און מיין חבר זענען געגאנגעןביים סוף פון דער קאָלאָנע און געשלעפּט די פיס. אויף די גאסן האָבן די דורכגייער נאָכגעקוקט די „שרעקלעכע אַרעסטאנטן" וואָס זענען אזוי שטרענג באַוואַכט... מיר האָבן זיך ארומגעקוקט, אפשר טרעפט מען א באַקאַנטן, אז ער זאָל איבערגעבן אַ גרוס אונדזערע פריינט אין בריסק.

איך האָב פּלוצלונג דערזען מיינעם א באקאנטן אינזשיניער פון ווארשע. פאַר אונדזער צוריקפאָר האָב איך זיך מיט אים געזעגנט. איך האָב אים טאקע אַ רוף געטאָן. ער האָט זיך ארומגעקוקט און האָט מיך נישט דערקאָנט. לויט אונדזער אויסזען נאָך די אַלע איבערלעבונגען איז אונדז שווער געווען צו דערקאָנען. כ׳האָב דאָך אויסגעשריגן: „גיב איבער א גרוס מיינע פריינט"...

מיר זענען צוגעקומען צו דער באַרימטער בריסקער פעסטונג. צוויי גרויסע אייזערנע, געפאַנצערטע טירן האָבן זיך ברייט צעעפנט. אַ סאָלדאַט האָט געציילט די מענטשן. ווען די גאַנצע קאָלאָנע איז דורכגעגאַנגען דעם טויער האָבן זיך די שווערע טירן פאַרריגלט הינטער אונדז. מיר זענען געבליבן שטיין אויף אַ גרויסן פּלאַץ, ארומגעמויערט פון אלע זייטן. כ׳האָב געזען, ווי מען פירט אַרויס בערך 100 מענער פון אַ גרויס הויז. זיי האָבן דאָ אויפן זעלביקן פּלאַץ, נישט ווייט פון אונדז, אראָפּגעלאָזן במחילה, די הויזן, כדי צו דערליידיקן א מענטשלעכע באַדערפעניש. באַלד נאָך זיי האָט מען אויך אַרויסגעפירט פאַרן זעלביקן צוועק אַ גרופּע פרויען. זיי האָבן דערליידיקט זייער באַדערפעניש, זיצנדיק לעבן די מענער. אַ שרעק האָט אונדז באַהערשט. מיר האָבן בכלל נישט געוווסט און נישט געקענט זיך פאַרשטעלן, אַז עס זענען אַרעסטירט אזוי פיל מענטשן...

כ׳האָב געהערט, ווי די מענער און פרויען, וואָס זענען אזוי געזעסן איינע נעבן די אנדערע, פרעגן זיך נאָך אויף זייערע מענער אָדער פרויען, שוועסטער און ברידער, וועלכע מען האָט צעשיידט און זיי געפינען זיך אין אנדערע בלאָקן. דערוויייל האָט מען זיי שנעל צוריקגעיאָגט און באלד פירט מען ארויס אַנדערע מענער און פרויען צום בכבודיקן פּלאַץ...

מען האָט אונדז אלעמען אריינגעפירט אין א גאָר גרויסן צימער. שפּע־טער האָבן מיר זיך דערוווסט, אז דאָ איז געווען דער קלויסטער פון דער פעסטונג. עס זענען דאָ געווען א סך אנדערע ארעסטירטע, אלע ברודיקע,

באוואקסענע, ווי פון עפּעס אַן אַנדערער וועלט, זיי זענען אונדז באַפאַלן מיט פראגעס: — ווו האָט מען אייך געכאפּט? וואָס הערט זיך אויף דער פרייער וועלט?

עס זענען דאָ געווען ארעסטאנטן, וואָס זיצן שוין א מאָנאט און אפילו צוויי און מען האלט זיי אין שמוץ, אָן קיין שום מעגלעכקייט זיך ארומצו־וואשן, אָפּצושערן און זיך אָפּראזירן. זיי האָבן זיך אפילו ניט אויסגעטאָן די גאנצע צייט. ס'איז געווען אזוי ענג, אז געשלאָפן האָט מען זיצנדיק, אָנגעשפּארט איינער אויפן אנדערן. די לייז זענען געקראָכן פון איינעם אויפן צווייטן. בייטאָג האָט מען געפּרוווט זיך באפרייען פון דער בייסעניש. עמיצן איז איינגעפאלן א המצאה: אויף א זייטיקן פענצטער האָט מען גע־שטעלט צוויי פלעשער און מענטשן זענען דאָרט געשטאנען א גאנצן טאָג, געבענטשט, געבענישטערט אין די העמדער און געוואָרפן די לייז אין די פלעשער. זיי זענען דאָרט ארומגעקראָכן, ווי בינען אין א בינשטאָק.

אינדערפרי, בייטאָג און פארנאכט זענען מיר געשטאנען אין לאנגע רייען צו באקומען א שטיקל ברויט מיט א ביסל וואסער, וואָס מיר האָבן גענומען אין א שאכטל פון קאָנסערוון. ביינאכט פלעגן ארייננקומען די סאָל־ז'אטן מיט א ליסטע, ארויסרופן א ביסל מענטשן און זיי אוועקפירן.

אונדז האָט מען דערווייל פארגעסן. די טעג האָבן זיך געשלעפּט אין דער זעלביקער אָרדענונג פון ברויט און וואסער, פון שלאָפן זיצנדיק און פון קראצן זיך. דאָס בייסעניש איז געווען אן אמתע פּלאָג. מיט אומגע־דולד האָבן מיר יעדן טאָג געוואַרט אויף דער מעגלעכקייט ארויסצוגיין אין הויף, וווהין מען האָט אונדז געפירט זיך „דערליידיקן". דאָ האָט מען זיך געזען מיט אנדערע מענער און פרויען פון אנדערע בלאָקן, דאָ האָט מען געכאפּט א שמועס, געהערט נייעס און בעיקר האָבן מיר דאָ געהאָפט צו זען א באקאנט פנים.

אויך אין קלויסטער האָבן מיר ניט אויפגעהערט צו זוכן באקאנטע. צווישן די ארעסטירטע האָבן מיר דערקענט צוויי יידן, אויסגעבלייכטע און פארבאנדאזשירטע. איינער פון זיי, א יונגערמאַן, האָט ביידע פיס געהאט אין באנדאזשן און אָן שיך; דער צווייטער האָט געהאט א פארבאנדאזשירטן ברוסטקאסטן. לויט זייערע האלב מיליטערישע בגדים בין איך געווען זיכער, אז זיי זענען פארוווּנדעטע זעלנער. אָבער ווי קומען זיי דאָ אהער?

איך האָב מיט זיי פארפירט א שמועס. זיי האָבן זיך דערפרייט צו קענען דורכשמועסן זיך מיט יידן. ביידע זענען זיי פון לאָמזשע. ווען די דייטשע ארמיי איז אין די ערשטע טעג פון קריג אריין אין לאָמזשע, האָבן זיי געכאפּט עטלעכע הונדערט יידן און זיי אַוועקגעפירט קיין דייטש־לאנד אויף ארבעט. דריי מאָנאטן האָבן זיי שווער געארבעט אין דייטשלאנד

און אויך געהונגערט. אַ סך פון זיי האָבן נישט אויסגעהאַלטן און געשטאָרבן, אַנדערע זענען געפאַלן פון די קלעפּ ביי דער אַרבעט. עס זענען געבליבן 200 ייִדן, וואָס זענען געפאַלן פון די כּוחות און קיין שום נוץ האָט מען פון זיי נישט געקענט מער האָבן. די דייטשן האָבן זיי דערקלערט, אַז מען פירט זיי צוריק אַהיים. די באַן האָט זיי צוגעפירט צו דער לעצטער גרענעץ־סטאַציע, טערעספּאָל, האַלב־טויטע האָט מען זיי אַראָפּגעפירט פון די וואַגאָנעס און געזאָגט, אַז ניט ווייט פון דאַנען איז די רוסישע גרענעץ. נאָכדעם, ווי די דייטשן מיט די רוסן האָבן זיך צעטיילט מיט דער פּוילישער טעריטאָריע, איז די גרענעץ צווישן זיי געווען, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, דער טייך בוג. די שטאָט לאָמזשע איז געבליבן אויף דער רוסישער זייט. די ייִדן האָט מען געהייסן לויפן צו דער גרענעץ און מיט די לעצטע כּוחות זענען זיי געלאָפן צום פאַרפרוירענעם טייך מיט דער אויסגעטרוימטער האָפענונג, אָנצוקומען אַהיים און זיך זען מיט עלטערן, שוועסטער, ברידער, פרויען און קינדער.

אָבער ווי נאָר זיי זענען אָפּגעלאָפן אַ פּאָר צענדליק מעטער, האָבן די דייטשן אָנגעהויבן שיסן מיט צוויי מאַשין־געווער. זיי זענען געפאַלן ווי פליגן, ווער נענטער און ווער ווייטער מיט עטלעכע מעטער. שווער־פאַרוואונדעטע זענען געבליבן ליגן אויפן אָרט און לאַנגזאַם אויסגעהויכט די נשמה. די לייכט־פאַרוואונדעטע האָבן זיך געשאַרט אויפן בויך און געקראָכן ביזן טייך. מיט די לעצטע כּוחות זענען זיי דורכגעקראָכן דעם בוג, מיט דער האָפענונג, אַז די רוסן וועלן זיי ניט אַרעסטירן און נאָך העלפן אָנצוקומען אַהיים. זיי האָבן, פאַרשטייט זיך, געהאָפט, אַז די רוסן וועלן זיי געבן די ערשטע הילף, וואָס עס קומט אַ פאַרוואונדעטן מענטש. אַזוי האָבן זיי זיך געשלעפּט און געקראָכן אַ גאַנצע נאַכט. אײַנדערפרי האָבן די רוסן זיי צונויפגעקליבן און געבראַכט אין שפּיטאָל, וווּ זיי האָבן באַקומען די ערשטע הילף. די דאָקטוירים האָבן געהאַט מיטלייד אויף די עטלעכע אומגליקלעכע ייִדן, זיי געהיילט און געהאָלפן קומען צו די כּוחות.

דערווייל האָט מען זיי אָנגעהויבן צו פאָרשן, אויסצופרעגן יעדן איינעם באַזונדער און צונויפצושטעלן די באַקאַנטע פּראָטאָקאָלן. די ייִדן האָבן דערציילט וועגן זייער אומגליק, אַז די דייטשן האָבן זיי געפּייניקט, דערנאָך געשאָסן אויף זיי ביי דער גרענעץ און אויסגעהרגעט אַזויפיל, אַז בלויז איינציקע זענען געבליבן לעבן פון די 200 ייִדן, וואָס זענען אין טערעספּאָל אַראָפּ פון דער באַן. געגלויבט האָבן זיי, אַז די רוסן וועלן פאַרשטיין די לאַגע, אין וועלכער זיי האָבן זיך געפונען, בפרט, ווען זיי האָבן געזען די בלוטיקע וווּנדן, וואָס באַווייזן די ריכטיקייט פון זייער באַריכט.

די רוסישע לייטענאנטן האָבן, ליידער, אנדערש רעאגירט. זיי האָבן געשריען אויף די פארוווּנדעטע, אז זיי זאָלן נישט דערציילן קיין מעשיות, אז עס איז נישט אמת, אז די דייטשן פייניקן און שיסן, „ווייל די דייטשן זענען אונדזערע פריינט און וועגן פריינט טאָר מען נישט רעדן קיין שלעכטס"...

די יידן האָבן ניט פארשטאנען וואָס דאָ קומט פאָר. זיי ליגן מיט דורכ־געלעכערטע אברים און מען הייסט זיי נישט ר'עדן קיין שלעכטס אויפן דייטש. זיי האָבן דעמאָלט נישט געקלערט וועגן פאָליטישע אָפּמאכן און זיי האָבן נישט געוווּסט וועגן אָפּמאך ריבענטראָפּ־מאָלאָטאָוו, וואָס האָט דעם גרעסטן שונא פון דער מענטשהייט פארוואנדלט אין א פריינט און מען טאָר אויף אים קיין שלעכטס נישט רעדן.

די צוויי יידן האָט מען געהאלטן ביז זיי האָבן זיך געקענט שטעלן אויף די פיס און דערנאָך האָט מען זיי געבראכט אהער אין דער בריסקער פעסטונג. זיי דרייען זיך איבערן זאל פארביטערטע, פארמרהשחורהטע פון די צרות און פון דער סיטואציע, וואָס איז זיי געוואָרן אינגאנצן אומפאר־שטענדלעך. זעען דאָך אלע, וואָס די דייטשן האָבן פון זיי געמאכט, טאָ פארוואָס לאָזט מען זיי ניט גיין אהיים? אָבער ס'איז אפילו ניטאָ וועמען צו פרעגן. קיינער וועט דערויף קיין ענטפער נישט געבן.

די פאָליאקן, וואָס האָבן זיך צוגעהערט צו דער דערציילונג פון די פאַרוווּנדעטע האָבן געפונען א שעת הכושר אריינצוווארפן אַ פאָר שטעך־ווערטלעך:

— וואָס ווילט איר? איר, יידן, האָט דאָך געוואָלט, אז די מאָסקאלן זאָלן איינעמען פוילן, איר האָט דאָך געארבעט פאר די קאָמוניסטן! איצט זעט איר וועמען איר האָט אויסגעבעטן...

אזוי האָבן גערעדט די פוילישע אנטיסעמיטן, וואָס זענען געווען צופרידן פון דעם, וואָס די דייטשן שיסן אויף יידן און וואָס די „מאָסקאלן" פייניקן די פאַרוווּנדעטע יידן און ווילן זיי ניט באפרייען. ווי לייכט עס איז אויס־צוגיסן דעם כעס אויף יידן.

טרויעריק און פארזאָרגט, האָב איך אויסגעזוכט אַ ווינקל, ווו אָנצו־שפארן זיך אָן דער וואנט, כדי צו זיין אליין מיט מיינע מחשבות, כדי זיך א ביסל אָפּרוקן פון די פוילישע אנטיסעמיטן, וואָס האלטן־אָן זייער שנאה אפילו דאָ, הינטער די קראטן פון דער סאָוויעטישער תפיסה.

אין די געדאנקען האָב איך איבערגעבלעטערט דאָס קאפיטל פון פויליש־יידישער געשיכטע מיט די פארפאָלגונגען און צרות, וועלכע יידן זענען אויס־געשטאנען אונטער דער פוילישער הערשאפט און נאָך אין די פריערדיקע צייטן אונטער דער רוסיש־צארישער בייטש. איז דאָך אינגאנצן נאָרמאל,

וואָס אין די מוחות פון יידן איז אויפגעקומען די אידיי פון משיח אין אירע פאַרשידענע פאָרמעס. אלע די אידייען האָבן אויסגעדריקט דאָס וואַרטעניש און די האָפענונג אויף אַ פאַרבעסערונג און אויף אַ באַפרייאונג און אויס־לייזונג פון פאַרקנעכטנדיקן גלות. די דאָזיקע האָפענונג האָט עס געגעבן כוח דעם אונטערדריקטן יידישן פאָלק צו וואַרטן מיט אויסדויער אויף דער אויסגעבענקטער באַפרייאונג.

ווייל אין גרונט גענומען איז דאָך ניט געווען קיין אונטערשיד צווישן די גאַנץ פרומע, וועלכע פלעגן יעדן טאָג מיטן פנים צום מזרח בעטן „ותחזינה עינינו בשובך לציון״, אז משיח זאָל קומען אויסלייזן דאָס יידישע פאָלק פון גלות, און דער מאַסע ציוניסטיש־געשטימטע יידן, וועלכע האָבן ניט געוואָלט וואַרטן אויף ביאת המשיח און געשטרעבט מיט אַלע כוחות צו בויען די יידישע היים אין א״י. די דאָזיקע האָבן דערין געזען די איינציקע האָפענונג פון יידישן פאָלק צו באַפרייען זיך פון אַנטיסעמיטיזם. אין גרונט איז עס תמיד געווען די זעלביקע אידיי פון שיבת ציון, וועלכע יידן האָבן געפלעגט במשך צוויי טויזנט יאָר פון זייער גלות. די נאַציאָנאַלע יידן האָבן נאָר געגלויבט, אז שיבת ציון, די באַפרייאונג פון די יידישע ליידן קען קומען בימינו, אין אונדזערע טעג, אין אונדזער דור.

די האָפענונג אויף אויסלייזונג און פאַרבעסערונג האָט אויך באַהערשט יענע קליינע גרופּע יידן, וואָס האָבן נישט געגלויבט אין משיחן און נישט אין קיין אייגענער יידישער היים אין ארץ־ישראל. זיי האָבן געגלויבט, אז א פאַרבעסערונג פון דער יידישער לאַגע קען קומען נאָר מיט דער ענדערונג פון דער סאָציאַלער אָרדענונג. און די דאָזיקע קליינע גרופּע יידן אין פּוילן, וועלכע האָבן זיך אָנגעלייענט מיט מאַרקסיסטישע כתבים און איבערגענומען די מאַרקסיסטישע תורה האָבן באמת געגלויבט, אז ווען עס וועט קומען די סאָציאַלע רעוואָלוציע וועט דער גורל פון יידן זיין דער זעלביקער ווי פון אַנדערע פעלקער און עס וועט מער נישט עקזיסטירן קיין יידן־פראַגע. אָט דערפאַר האָט די דאָזיקע קליינע גרופּע יידן געהאָלפן צו פאַרשפּרייטן די קאָמוניסטישע תורה און ברענגענדיק אלס ביישפּיל דאָס קאָמוניסטישע רוסלאַנד, ווו יידן זענען גלייכבאַרעכטיקט, ווי זיי האָבן געגלויבט, און ווו עס איז נישטאָ קיין ראַסן־האַס און בעיקר נישט קיין אַנטיסעמיטיזם, האָבן זיי געשטרעבט צו ענדערן די אָרדענונג. און אָט צוליב דעם קליינעם פּראָצענט פון יידישע קאָמוניסטן וואַרפט מען מיר איצט פאָר, אז אלע יידן האָבן געבענקט נאָך די „מאָסקאַלן״. איז עס ווידער דער אַלטער פּרינציפּ פון „כל ישראל ערבים זה בזה״.

די טעג האָבן זיך געצויגן לאַנגווייליק און טרויעריק. אומעטיקע גע־דאַנקען האָבן אונדז געמאַטערט. קיינער האָט זיך, וואָס אַן אמת, נישט

געשראָקן פאַרן לעבן. דאָ וועט מען אונדז נישט שיסן. ווי עס טוען די דייטשן אָן א פאַרוואָס. אָבער וואָס האַלטן זיי אונדז פאַרשפּאַרט אין דער אומ־דערטרעגלעכער שמוץ? עס האָט אויך געמאַטערט דער געדאַנק וועגן דער היים. וואָס מאַכן זיי דאָרט? זענען זיי געזונט? און לאָזט מען זיי לעבן רואיק? עס ווילט זיך אַזוי זיין צוזאַמען מיט זיי, טיילן זייער גורל, העלפן זיי מיט אַלץ וואָס איז מעגלעך.

אָבער קענסט שרייען און שפּרינגען פון דער הויט און עס וועט דיר גאָרנישט העלפן.

אַכט טעג זענען מיר אַזוי אָפּגעזעסן, ווען עס איז איינמאָל ביינאַכט אריינגעקומען א סאָלדאַט מיט א פּאַפּיר אין דער האַנט און הויך אויפן קול אַרויסגעלייענט, מיט גרויסע שוועריקייטן, מיין פאַרנאָמען. א פאַרשלאָ־פענער האָב איך זיך אויפגעשטעלט פון דער ערד. אָנטאָן האָב איך זיך ניט געדאַרפט, ווייל כ׳האָב די גאַנצע צייט זיך ניט אויסגעטאָן און זיך ניט געוואַשן, ניט ראַזירט. בין איך אַזוי נאָכגעגאַנגען דעם סאָלדאַט אין לאַנגן קאָרידאָר ביז ער האָט פאַר מיר אויפגעעפנט א טיר פון א צימער, אין וועלכן ס׳איז געווען גוט ליכטיק. ווען איך בין שוין געווען אינעווייניק, האָט דער לייטענאַנט, וועלכער איז געזעסן ביים טיש און גערויכערט א סיגאַרעט, פאַרדרייט אין צייטונגס־פּאַפּיר, מיך געבעטן העפלעך זיך צו זעצן אויף דער צוגעגרייטער שטול ביים טיש. איך האָב אַראָפּגענומען דאָס צעקנייטשטע היטל און זיך געזעצט.

אויפן טיש איז געלעגן מיין פּאַספּאָרט, צעעפנט אויף דער זייט וווּ עס געפינט זיך מיין פאָטאָגראַפיע. ער האָט געגעבן א קוק אויף דער פאָטאָ־גראַפיע מיט א מענטשלעכן אויסזען און אויף מיר — און ער דערקענט ניט, אויף מיין פאַרשמירטן און באַוואַקסענעם פּנים, אַז ס׳איז דער זעלביקער מענטש.

— אייער נאָמען און פאַרנאָמען, ביטע זאָגט מיר.

זיין העפלעכקייט האָט מיר צוגעגעבן מוט און איך באַשליס מיט אים כאַפּן א שמועס.

— אייער אַדרעס, ווו איר וווינט — פרעגט ער ווייטער און פאַר־שרייבט אַלץ אויף א בויגן פּאַפּיר, פאַרציענדיק גלייכצייטיק דעם גראָבן ציגאַר, וואָס לאָזט אַרויס א וואָלקן רויך.

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, אָבער דעם אמת, וואָס איז געווען אייער ציל צו קומען אויף דער רוסישער זייט. איז עס נישט דערפאַר, ווייל די דייטשן האָבן אייך געשיקט אַהער צו שפּיאָנירן פאַר זיי? זאָגט דעם ריינעם אמת, ווייל מיר ווייסן אַלץ און פון אונדז וועט איר גאָרנישט קענען אויס־באַהאַלטן.

כ׳האָב זיך אין דעם מאָמענט א ביסל פארלוירן. כ׳האָב זיך געריכט אויף פארשידענע פראגעס, אָבער אז מען זאָל א ייד חושד זיין און אָננעמען פאר א דייטשישן שפּיאָן, האָב איך זיך נישט געקענט פאָרשטעלן.

נאָך א ווײַלע שווייגן האָב איך זיך אויפגעוועקט פון מיין שטוינונג און איך האָב געבעטן דעם לייטענאנט א קוק טאָן אין פּאספּאָרט, ווו עס איז געשריבן, אז איך געהער צו דער רעליגיע פון משה. „איך בין א ייד און איר ווייסט דאָך זיכער, ווי אזוי די דייטשן באציען זיך צו יידן. איר וואָלט מיך אפילו נישט געדארפט שטעלן אזעלכע פראגעס. איבעריקנס, איר קענט נאָך זען אויף מיין לייב די נישט פארהיילטע ווונדן פון די קלעפּ, וואָס איך האָב באקומען פון די דייטשן פארן אריבערגיין די גרענעץ״.

דער בייזער פּנים פון לייטענאנט האָט זיך א ביסל אויסגעלייטערט און אין א מילדן טאָן זאָגט ער צו מיר:

— איך זע, אז דו ביסט זייער ווייניק באהאוונט אין פּאָליטיק, ווייל אנדערש וואָלטסטו געוווסט, אָז עס איז מעגלעך אויף פּאַר אַ ייד צו זיין א דייטשישער שפּיאָן.

— און איך בין מיט אייך נישט מסכּים, לייטענאנט, נאָר נישט קיין ייד קען זיין א דייטשישער שפּיאָן. און איצט, חבר לייטענאנט, ווייל איך אייך זייער בעטן מיך צו באפרייען, ווייל איר זעט דאָך, אז איך בין נישט קיין פארברעכער.

— יאָ, זאָגט ער, דארפסט נישט מורא האָבן. מען וועט נאָך א ביסל קאָנטראָלירן און אויב דו ביסט אומשולדיק, וועט מען דיך די טעג באַפרייען. ביי אונדז זעצט מען נישט איין קיין אומשולדיקע מענטשן. איצט גיי צוריק אויף דיין פּלאַץ און מען וועט דיר שוין זאָגן.

נאָכדעם ווי איך בין ארויסגעגאנגען פון דער אויספאָרשונג איז אין צימער אריינגעגאנגען מיין פריינט. דער סאָלדאט האָט מיר געהייסן ווארטן אין לאנגן קאָרידאָר ביז עס וועלן זיך אָנקלייבן עטלעכע ארעסטירטע. ער האָט אונדז אריינגעפירט אין א קליינעם צימער און דאָ זענען געלעגן אויף דער ערד א סך מענטשן. זיי זענען שוין אלע דורכגעגאנגען די אויספאָרשונג און זיי ווארטן, ווער אויף באפרייאונג און ווער אויף א משפּט.

איך און מיין פריינט האָבן זיך אויסגעזוכט א ווינקל אין צימער און מיר האָבן זיך אויסגעצויגן אויף דער פּאָדלאָגע. מיר האָבן זיך אזוי צוגע־ווינט צו דער שמוץ, אז אונדז האָט שוין קיין זאך נישט געארט. מיר האָבן באשלאָסן זיך צו האלטן צוזאמען אזוי לאנג, ווי עס וועט זיך נאָר לאָזן. איבעריקנס, האָבן מיר זיך געריכט צוזאמען אינגיכן באפרייט צו ווערן און צו קענען אויף דער פריי אלץ דערציילן.

דאָ זענען מיר ווידער אָפּגעזעסן א צען טעג. יעדן טאָג איז אין צימער

געוואָרן געדיכטער פון מענטשן, וואָס זענען געקומען נאָך דער אויספּאַר־שונג.

איינמאָל, שפּעט ביינאַכט (אַלץ ווערט ביי די רוסן געמאַכט ביינאַכט) האָט מען אונדז באַפוילן אויפצושטיין. זיי האָבן אָפּגעציילט די ערשטע 20 און געהייסן גיין פאָרויס. איך און מיין פריינט האָבן זיך נישט געאיילט צו זיין פון די ערשטע. דער עולם האָט זיך דערפרייט — מען גייט אונדז באַפרייען. כ'האָב עפּעס געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז עס איז נישט די באַ־פרייאונג. אין מיטן נאַכט באַפרייט מען נישט.

ס'איז געקומען אונדזער ריי. מען האָט אונדז אַרויסגעפירט אויפן הויף, ווו עס זענען געשטאַנען עטלעכע לאַסט־אויטאָס און אַ סך סאָלדאַטן מיט אָנגעשטעלטע ביקסן אין אונדזער ריכטונג. זיי האָבן געהייסן אַרויפ־קריכן אויף די אויטאָס, זיך זעצן אויפן דעק מיט צעשפּרייטע פיס, כדי דער צווייטער זאָל, מיט דער פּלייצע אויסגעדרייט, זיך זעצן צווישן די פיס, כדי מיר זאָלן זיין געשלאָסן איינער צום צווייטן. אַזוי האָבן זיי אָנגעזעצט אַ פולן וואָגן. צוויי סאָלדאַטן מיט אָנגעשטעלטע ביקסן האָבן אונדז באַגלייט. די לאַסט־אויטאָס זענען גלייך אַרויסגעפאָרן פונעם טויער פון דער בריסקער פעסטונג.

די אויטאָס זענען געפאָרן גאַנץ שנעל. צוליב דער שפּעטער שעה האָט מען כמעט קיין דורכגייער נישט געזען. די קעלט פון דער ווינטער־נאַכט האָט זיך געלאָזט פילן. כ'האָב געציטערט און נישט געוווּסט, צי פון קעלט, צי פון פּחד און פון דערוואַרטונג. מיר האָבן שטאַרק געוואָלט וויסן וווהין זיי פירן אונדז.

מיר זענען שנעל געפאָרן דורך די בריסקער גאַסן, וועלכע איך האָב אַ ביסל געקענט. די נערוון און די אויגן זענען ביי אַלעמען געווען אָנגע־שטרענגט. מיר האָבן געקוקט, געוואָלט זען וווהין די אויטאָס פאָרן.

פּלוצלינג האָט זיך אונדזער לאַסט־אויטאָ אָפּגעשטעלט פאַר אַ גרויסן, פאַרמאַכטן טויער פון אַ הויך־געמויערטער וואַנט.

כ'האָב באַלד דערקענט די נייע בריסקער טורמע.

## אין תפיסה

„איצט זענען מיר פארפאלן" — זאָגט מיר שטיל איצל — „זיי מערדער ווילן אונדז דאָ פארזעצן אויף א לאנגער צייט".

כ'האָב פארקריצט מיט די ציין און גאָרנישט געענטפערט.

דער סאָלדאט וואָס זיצט מיטן שאָפער האָט אָנגעקלונגען און געזאָגט דעם באשטימטן פאראָל. דער טויער האָט זיך ברייט צעעפנט און מיר זענען אריינגעפאָרן אין א גרויסן הויף. אויסגעשטעלט אין רייען, האָט מען אונדז דערנאָך אריינגעפירט אין א גרויסן ווארטע־צימער, אין וועלכן עס זענען שוין געווען די אלע, וואָס זענען אָנגעקומען פאר אונדז. מען האָט אונדז באַפוילן זיך אויסצוטאָן צו דער רעוויזיע. איך און מיין פריינט איצל האָבן זיך פאר דער רעוויזיע נישט געשראָקן, ווייל מיר האָבן ביי זיך גאָרנישט געהאט. אָבער אנדערע האָבן מורא געהאט. א סך זענען געקומען דירעקט פון זייערע היימען און יעדער פון זיי האָט מיטגענומען א ביסל געלט אויפן וועג, ווער אין גאָלד־שטיקלעך און ווער אין דאָלארן. כדי ניט באשולדיקט צו ווערן אין שמוגלעריי האָבן זיי ארויסגעוואָרפן אויף דער ערד זייער האָב און גוטס און גאנצע פעקלעך מיט געלט האָבן זיך געוואלגערט אויף דער ערד צוזאמען מיט גאָלדענע מטבעות. קיינער האָט זיך נישט איינגעבויגן דאָס אויפצוהייבן. דער עולם האָט זיך אפילו אָפּגערוקט פון פעקל, כדי עס זאָל ניט פאלן דער חשד, אז דאָס פעקל געהערט דעם אמנאָענטסטן שטייענ־דיקן.

די רעוויזיע האָבן דורכגעפירט עטלעכע סאָלדאטן. זיי האָבן באטאפט די מלבושים. ווער עס האָט געהאט רוסיש געלט האָט עס פרייוויליק אָפּגעגעבן קעגן א קוויטונג. די סאָלדאטן האָבן צונויפגענומען די בערגלעך גאָלד פון דער ערד. ווען זיי האָבן גענומען אין דער האנט די דאָלארן, האָבן זיי געפרעגט, צי דאָס איז אמעריקאנער געלט. א באקאנטער האָט מיר שפעטער דערציילט, אז איינער פון די סאָלדאטן האָט פון דער ערד א נעם געטאָן עטלעכע ענגלישע פונטן. דערזעענדיק, אז דאָס פאפיר פון דעם געלט איז דין, האָט ער באשלאָסן צו פארדרייען דערין א ציגארעט פון מאכאָרקע.

נאָכדעם, ווי זיי האָבן אונדז אויסגעליידיקט פון אלץ וואָס מיר האָבן

געהאט, האָבן זיי אונדז געפירט דורך לאַנגע קאָרידאָרן פון דער תפיסה. מיר האָבן געקלעטערט אויף די העכערע שטאָקן. א טיר פון א צעלע האָט זיך געעפנט און זיי האָבן אהין אריינגעלאָזט 30 מאן און א מאָל נאָך מער. איך און מיין חבר איצל זענען געגאנגען צוזאמען. מיר האָבן זיך אפילו געהאלטן ביי די הענט, כדי זיך ניט צו פארלירן. זיי האָבן אונדז ביידע צוזאמען אריינגעפירט אין א צעלע. די סאָלדאטן האָבן צוגעשלאָסן די טיר און די אַנדערע אַרעסטאַנטן ווייטער געפירט.

מיר האָבן זיך ארומגעקוקט, אויסגעזוכט א שטיקל פלאַץ, ווו מען זאָל זיך קענען אוועקזעצן און אָפּרוען נאָך די וואנדערונגען און רעוויזיעס פון דער לאַנגער נאכט. כ'האָב קיינמאָל נישט געזען, ווי עס זעט אויס א תפיסה פון אינעווייניק. האָב איך דערפאר גענוי באטראכט דעם נאקעטן צימער, אין וועלכן מען האָט אונדז אריַינגעזעצט.

ס'איז געווען א שיינער צימער מיט א קליינעם פענצטער, וואָס איז פון דרויסן געווען פארשטעלט מיט א בלעך, כדי מען זאָל נישט זען די גאס. דערפאר אָבער קען מען זען דורכן פענצטער א שטיקל הימל. אין דער זייט פון צימער שטייט א טיש צוגערוקט צו דער וואנט און א לאַנגע באנק צו זיצן. די זעקס בעטלעך, וואָס זענען בייטאָג אויפגעהאנגען ביי דער וואנט, זאָגן עדות, אז ס'איז א צימער פאר זעקס ארעסטאַנטן. אָבער זיי האָבן דאָ אריַיגעשטופט 32 מענטשן. מיר האָבן אראָפּגעלאָזט די זעקס בעטלעך און דער עולם האָט זיך גענומען איינאָרדענען פּלעצער, כדי זיך צוצולייגן.
ס'איז אונדז געלונגען צו באקומען א פלאַץ אויף די בעטלעך. מיר זענען געווען אויסגעלייגט, ווי הערינג אין א פאס. די אנדערע האָבן זיך אויסגעלייגט אויפן טיש און אויף דער פאָדלאָגע. ס'איז אויף דער פאָדלאָגע נישט געבליבן קיין שטיקל ליידיק פלאַץ. די ערשטע קריגעריי איז אנטשטאנען צווישן די עטלעכע ארעסטאנטן, וואָס האָבן זיך געמוזט לייגן ביי דער טיר, ווו עס איז געשטאנען די „פאראשע". מיטן דאָזיקן נאָמען האָט מען אָנגע־רופן א גרויסן קעסל מיט א דעקל, וואָס האָט געדינט פאר אויפנעמען א מענטשלעכע באדערפעניש אין פאל ווען עמיצן האָט ביינאכט געדרייט אין בויך. לייכט איז עס אַזאַ איינעם נישט אָנגעקומען. קודם האָט ער געמוזט ממש טרעטן אויף די, וואָס ליגן ביי דער טיר נעבן דער „פאראשא" און אז עס האָבן זיך צעטראָגן די שטינקענדיקע ריחות אלס א צוגאָב צו דער שוין אזוי געגוג שטיקענדיקער לופט, האָט אזא בעל־דבר אריינגעכאפט א־זעלכע זידלערייען, אז עס האָט זיך אים איבערגעוואָלט א צווייט מאָל איבערצוחזרן די אָפעראציע און ער האָט זיך איינגעהאלטן, אפילו ער זאָל צעפלאצט ווערן.

געלעגן זענען מיר איינגעפרעסט. כדי זיך איבערצודרייען אויף דער אַנדערער זייט האָט מען געמוזט אָנווענדן אַקראָבאַטישע מיטלען. דערפאַר אָבער האָבן מיר זיך אָנגעוואַרעמט. געלעגן זענען מיר, פאַרשטייט זיך, אין די מלבושים. אפילו די שיך האָט קיינער נישט אויסגעטאָן.

אינדערפרי האָט א שומר געעפנט די טיר און באפוילן גיין אין קלאָ־זעט. די ערשטע צוויי האָבן געדארפט ארויסטראָגן די „פאראשע" און זי אויסגיסן. די 30 ארעסטאנטן זענען נאָכגעגאנגען די צוויי מיטן קעסל אין לאנגן קאָרידאָר און עס האָט אויסגעזען, ווי א פראָצעסיע פון עפּעס א הייליקן קולט. די הענט האָבן מיר געמוזט האלטן פארלייגט אויף הינטן. עס איז געווען פארבאָטן צו שרייען און צו רעדן צווישן זיך. מיר האָבן לאנגזאם געשפאנט און אָנגעקוקט דעם לאנגן ווייסן קאָרידאָר, וואָס איז געווען פריש אויסגעמאָלן. די טירן פון די צעלעס זענען אויך געווען ביי־געפארבט און יעדע טיר האָט געהאט אן „אויג" אינמיטן. די תפיסה האָבן די פּאָליאקן אויסגעפארטיקט קורץ פארן אויסברוך פון קריג. מיר האָבן שוין א צייט נישט געזען קיין קלאָזעט מיט וואַסער און דערליידיקן זיך אין אזעלכע מענטשלעכע באַדינגונגען האָט אונדז פאַרשאַפט אַ פאַרגעניגן. הגם אויך דאָ האָבן מיר געמוזט ווארטן אין דער ריי, ווייל עס זענען געווען נישט מער ווי 6 פלעצער. דערווייל האָבן די אנדערע זיך געוואשן ביי די קראנען מיט לויפנדיקן וואסער. אויך צום וואסער האָבן מיר זיך צוגע־כאפּט. שוין באלד צוויי וואָכן, ווי מיר האָבן אפילו דאָס העמד נישט אויס־געטאָן פון לייב, די הענט נישט געוואשן. יעדער פון אונדז איז געווען אזוי ברודיק און פארוואקסן, אז ער האָט זיך אליין נישט דערקענט.

צוריק אריין אין דער צעלע, האָט מען אונדז געטיילט פּאָרציעס ברויט און געגעבן א ביסל טיי, דעם רוסישן „טשיי" אָן צוקער. אין צווישנצייט האָט זיך דער עולם אָנגעהויבן צו באַקענען. יעדער איינער האָט געוואָלט וויסן מיט וועמען ער זיצט. מיר האָבן געזוכט יידן. ס'איז דאָ געווען נאָך א ייד — א יונגער בחור, א זון פון א ווארשעווער בוי־אונטערנעמער, א געוויסער ס. די אַנדערע זענען געווען פּאָליאַקן פון פאַרשידענע עקן פוילן, אַלע גע־כאפּטע ביי דער גרענעץ. ביסלעכווייז האָט מען זיך באַפריינדעט און יעדער איינער האָט דערציילט זיין געשיכטע.

א סאָלדאט איז אריינגעקומען מיט א בויגן פּאפּיר אין דער האנט און געפרעגט ווער עס קען שרייבן רוסיש. עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז איך בין דער איינציקער, וואָס קען די דאָזיקע שפּראך.

— דאָ האָסטו פּאפּיר און מאך א פולע ליסטע פון די נעמען פון אלע מענטשן אין דער צעלע — זאָגט מיר דער סאָלדאַט און גיט צו: זע, אַז

דאָ זאָל זײַן אַלץ אין אָרדענונג, ווײַל דו ביסט פון איצט אָן דער עלטסטער פון דער צעלע.

אנטציקט פון געדאנק צו זײַן דער עלטסטער אין תפיסה בין איך נישט געוועזן. די דרײַ ייִדן, מיך אַרײַנגערעכנט, זענען אָבער געווען צופרידן. מיר וואָלטן נישט געוואָלט האָבן אַ פּוילישן אנטיסעמיט אַלס עלטסטן איבער אונדז.

דעם זעלביקן טאָג האָט מען אונדז פאָטאָגראַפירט און גענומען ביי אונדז די אָפּדרוקן פון די פינגער.

זיי קלייבן זיך אונדז צו האלטן זייער לאנג — האָבן אלע געזאָגט און א טרויער האָט אונדז באהערשט.

נאָכן מיטאָג־עסן, וואָס איז באשטאנען פון געקאָכטע זויערע אוגערקעס, באשמאָלצענע מיט ביינער פון פלייש, האָט זיך דער עולם אויסגעזעצט אויף די בעטלעך און ס׳איז אוועק א שמועס וועגן דער צעפאלענער פּוילישער מלוכה. מען האָט אויסגערעדט אלדאָס בייז אויף דער רעגירונג, וואָס איז אנטלאָפן; אויף דער מיליטערישער אָנפירונג, וואָס איז געווען פארקויפט צום דייטש; אויף די פריצים וואָס האָבן אזוי ברייט געלעבט און געפייניקט די אַרבעטער, אויף דעם שטייערן־סיסטעם, וואָס האָט באַלאַסטיקט דאָס פאָלק.

אן עלטערער פּאָליאַק, וואָס איז געזעסן אין א זייט און זיך די גאנצע צייט צוגעהערט צום געשפּרעך האָט מיט ווייטיק אויסגעקרעכצט: „אויב עס דארף אנטשטיין אזא פּוילן, ווי זי איז געווען ביז איצט, איז בעסער, אז פּוילן זאָל מער ניט עקזיסטירן״.

אלעמענס פּנימער האָבן זיך אויסגעדרייט אין דער זייט פון עלטערן פּאָליאַק.

— שווייג בעסער, דו אלטער נאר — האָבן אייניקע פּאָליאַקן זיך אָפּ־גערופן מיט כעס — און רעד נישט קיין נארישקייטן.

ס׳איז אנטשטאנען א טומל. כ׳האָב באמערקט, אז דער שומר קוקט אריין אין דער לאָך פון דער טיר און איך האָב זיי ווי עס איז בארויקט. מיר, די דריי ייִדן, האָבן ביי זיך אין הארצן גערן מסכים געווען מיטן אלטן, אז אזא אנטיסעמיטיש פּוילן, ווי זי איז געווען, איז בעסער, אַז זי זאָל נישט דער־לעבן אויפשטיין קיין תחית המתים. ווען די דייטשן זאָלן נישט קומען מיט זייער ראסן־האס און מיט זייערע מאָרדן, מיט זייער שנאה און רדיפות אויף ייִדן, וואָלטן אפשר ייִדן ווייניק וואָס באדויערט דאָס צעפאלענע אנטי־סעמיטישע פּוילן, ווו מיר האָבן זיך תמיד געפילט ווי פרעמדע און פונוואנען מען האָט אונדז ביי יעדער געלעגנהייט געהייסן זיך ארויספּעקלען קיין „פּאלעסטינע״.

אין אָוונט האָבן זיך אלע צעלייגט אויף זייערע ערטער. דאָס עלעקטריש

ליכט איז געבליבן ברענען, כדי דער שומר זאָל אונדז קענען זען דורך דעם „אויג״ אין דער טיר. דער עולם איז געלעגן און שטיל געשמועסט. יעדער איינער האָט דערציילט זיין אומגליק. כ׳האָב ארויסגעצויגן די קליינע פּאָטאָ־גראַפיע פון מיין זונעלע. כ׳האָב עס באַהאַלטן אין אונטערשלאַג פון מאַנטל. צום וויפלטן מאָל שוין האָב איך דערציילט וועגן מיין קינד... ביז אלע זענען איינגעשלאָפן.

אויפגעוועקט האָט אונדז אינמיטן דער נאכט א יאָמערלעכער געשריי פון אַ פרוי אויפן הויף פון דער תפיסה.

אין דער נאכט האָט מען דאָ געבראכט פרויען מיט זייערע קליינע קינדער. ווען זיי זענען אָנגעקומען האָט מען גענומען זיי צו צעשיידן — די מאַמעס באַזונדער און די קינדער ערגעץ אַנדערשווו. ס׳איז געווען אַן אימה צו הערן די ספּאזמעס פון די אומגליקלעכע פרויען, ביי וועלכע די סאָלדאטן האָבן געריסן די קינדער פון די הענט.

— מערדער, וואָס ווילט איר פון מיין קינד — האָט אַ מאַמע געשריען — גיט מיר צוריק מיין קינד!...

עס האָבן געשניטן דאָס הארץ די געשרייען פון די קליינע קינדער, וואָס האָבן זיך געריסן פון די סאָלדאטן מיט קולות „מאמא, מאמא!...

די קולות פון די פרויען האָט מען דערנאָך געהערט פון די לאנגע קאָרידאָרן, איבער וועלכע מען האָט זיי געפירט. זיי האָבן ספּאזמירט און גערופן זייערע קינדער, וועלכע מען האָט ערגעץ ווו אָפּגעפירט.

עס האָט ווי געטאָן און געדריקט אויפן הארצן. טרערן האָבן זיך געגאָסן פון זיך אליין.

אָ, גאָט! נעם נקמה אין די מערדער, צוליב וועלכע מאמעס לויפן מיט זייערע קליינע קינדער אויף די הענט איבער א פארפרוירענער גרענעץ און אין אָט אָ די, וואָס ווארפן פרויען און קליינע קינדער אין די קאלטע טורמעס.

אינדערפרי האָבן זיך אלע אויפגעוועקט מיט א געדריקטער שטימונג. די שווערע קאָשמארן, וואָס האָבן יעדן געמאטערט אין דער שלאָפלאָזער נאכט זענען קענטיק געווען אויף די פנימער.

גלייך נאָכן „פרישטיק״ האָט זיך אין דער טיר באוויזן א קראנקן־שוועסטער אין איר ווייסן כאלאט און אין א לייוונטענעם היטל אויפן קאָפּ. הינטער איר איז געשטאנען אין דער טיר א סאָלדאט פון נ. ק. וו. ד.

— ווער איז פון אייך קראַנק? — האָט די שוועסטער געפרעגט.

שטייענדיק נעבן מיר האָט מיין פריינט איצל פלוצלינג אָנגעהויבן צו ציטערן.

— ס׳איז דאָך מיין קוזינקע פון ווארשע!.. האָט ער מיר שטיל א זאָג געטאָן.

— שווייג.... האָב איך אים א צי געטאָן פארן ארבל.

איך בין צוגעגאנגען נענטער און געבעטן מיך צו פארשרייבן, ווייל איך האָב אָפּגעפּרוירענע פינגער פון די פיס און אַ צעהאַקטע פּלייצע. נאָך מיר איז צוגעקומען מיין פריינט איצל. כ׳האָב געזען ווי די האַנט ציטערט ביי דער קראַנקן־שוועסטער ביים פארשרייבן זיין נאָמען. זי האָט אים דערקענט און זיך באהערשט מיט אלע כוחות, כדי זיך נישט אויסצוגעבן.

— איצט וועט מיין שוועסטער אין בריסק וויסן ווו מיר געפינען זיך — האָט ער צו מיר הויך א זאָג־געטאָן אויף יידיש, כדי די קראנקן־שוועסטער זאָל הערן.

דאָס איז געווען דער איינציקער גרוס, וועלכן מיר האָבן געקענט איבער־שיקן אונדזערע נאָענטע פון דער פאנקראטעוועער תפיסה.

נאָכמיטאָג האָט מען אונדז געמאָלדן, אז מען פירט אונדז אין באָד. מיר האָבן שוין אלע געבענקט זייט לאנג נאָך א ביסל פריש וואסער צו ארומוואשן זיך. מיר האָבן זיך אויסגעטאָן אין א דערבייאיקן צימער און מיר זענען אלע צוזאמען אריינגעגאנגען אין א גרויסן צימער מיט א סך שפריצן, פון וועלכע עס האָט געשטראָמט ווארעם וואסער. געוואשן האָבן מיר זיך זייער לאנג. עס האָט אונדז אפילו געחידושט, וואָס מען לאָזט אונדז אזוי לאנג אין באָד. ווען מיר זענען ענדלעך ארויסגעגאנגען, כדי זיך אנצוטאָן, האָבן מיר געטראָפן א 20 סאָלדאַטן, וועלכע האָבן געגנישטערט אין אונדזערע מלבושים, יעדער מלבוש איז געוואָרן אויסגעטאַפּט און דורכ־געזוכט פון אלע זייטן. יעטוועדע קלייניקייט איז געוואָרן ארויסגענומען און צוגענומען. פונעם אונטערשלאג פון מיין פוטער־מאנטל האָט א סאָלדאט ארויסגעצויגן די פאָטאָגראפיע פון מיין קינד. כ׳האָב זיך ביי אים געבעטן, ער זאָל עס ניט צונעמען.

— זעסט דאָך, עס איז ביי מיר א הייליקער אָנדענק פון מיין פרוי און קינד... גיב מיר צוריק די פאָטאָ, איך בעט דיך. עס איז דאָך נישט קיין פארברעכן צו האלטן ביי זיך א פאָטאָגראפיע פון מיין קינד...

— ניין — האָט ער מיר געזאָגט אין אַ שטרענגן טאָן — עס איז ביי אונדז נישט דערלויבט צו שפילן זיך מיט פאָטאָס, איך וועל דיר די פאָטאָגראַפיע נישט צוריקגעבן. איבעריקנס דארפסטו נישט קלערן אזוי פיל וועגן דיין פרוי און קינד. ביי אונדז אין רוסלאנד זענען פאראן א סך פרויען און קינדער, וויפל דו וועסט נאָר וועלן, וועסטו האָבן...

א גאנצן טאָג בין איך געווען ווי צעטומלט. אויף צוויי פראגעס האָב איך נישט געקענט געפינען קיין ענטפער.

ראשית, צי זענען מיר טאקע פארמשפט אויף א גאנץ לעבן? צי וועלן מיר זיך נישט מער צוריקקערן אהיים, זיך זען מיט פרוי און קינד? — לויט דעם ווי דער סאָלדאט האָט גערעדט, האָט עס אזוי אויסגעזען.

שנית, איז דאָך אינגאַנצן אומפארשטענדלעך דער צוגאנג פון א רוסישן מענטש צו דער פראגע פון פאמיליע־לעבן. איז ער דאָך אינגאנצן אן אפיקורס מיט זיין אויסלאכן זיך פון אלע מענטשלעכע געפילן, פון סדר העולם, פון צוגעבונדנקייט פון א מאן צו א פרוי, פון טרייקייט מצד עלטערן צו קינדער....

ווי האָט ער עס געזאָגט? ...„פרויען זענען ביי אונדז פאראן א סך און קינדער, וויפל דו ווילסט באַר וועלן, וועסטו האָבן!"...

הייסט עס, אז א מענטש איז דאָ גאָרנישט, אָן פלייש, אָן געפילן... איז דאָ דער מענטש בלויז א מאשין, וואָס פירט אויס באפעלן?

בעת דער רעוויזיע האָט דער סאָלדאט אויך ארויסגעצויגן פון מיין טאש א קליינעם טלית־קטן. מיין מאמע האָט עס ספעציעל אויפגענייט פאר מיר און ביים געזעגענען זיך האָט זי מיר עס דערלאנגט מיט ציטערדיקע הענט און געזאָגט: „טראָג, מיין קינד, דעם טלית־קטן, וועסטו פארהיט ווערן פון אלדאָס בייז".

דער טלית־קטן איז פאר מיר געווען א הייליקייט, ווייל אזוי האָט די מאמע געוואָלט.

— וואָס איז דאָס אזוינס? — האָט דער סאָלדאט געפרעגט.

— ס'איז א רעליגיעזע זאך...

ער האָט געלאכט, וואָס נארישע מענטשן שפילן זיך נאָך מיט רעליגיע. ער האָט מיר עס אָבער צוריקגעגעבן. אפשר האָט ער געמיינט, אז אַ טלית־קטן איז ווייניקער שעדלעך, ווי א פאָטאָגראַפיע פון א קינד.

אין אלע רעוויזיעס, צרות און אומגליקן, וועלכע איך האָב דורכגעמאכט אין די עטלעכע מלחמה־יאָרן, האָב איך מיין מאמעס טלית־קטן תמיד געהאט ביי זיך און אָפּגעהיט, ווי א הייליקטום. ס'איז דאָס איינציקע, וואָס מיר איז געבליבן אלס אָנדענק נאָך מיינע אויסגעמאָרדעטע עלטערן, שוועסטער און ברידער. ווען איך קוק אויפן טלית־קטן און דריק אים צו צו מיינע ליפּן, זע איך פאַר די אויגן מיין טייערע מאַמע.

אויפן צווייטן טאָג אינדערפרי האָט מען אונדז גערופן, מיך און מיין פריינט איצל, אין שפּיטאָל פון דער טורמע. די זעלביקע קראנקן־שוועסטער האָט אונדז באנדאזשירט אונדזערע אָפּגעפרוירענע פיס און מיך באשמירט די פלייצע. כ'האָב געפילט, אז אירע הענט ציטערן און מיר האָבן זיך שארף אָנגעקוקט. פון איר שאָקל מיטן קאָפּ האָב איך פארשטאַנען, אז אונדזערע אייגענע ווייסן שוין ווו מיר געפינען זיך.

א פּאָר טעג שפּעטער האָב איך באַקומען א פּעקל מיט עסן. כ׳האָב דער־קענט לויט דעם טעפּעלע פּוטער, אז עמיצער פון מיינע עלטערן געפינט זיך דאָ. ס׳איז געווען מיין טעפּעלע, פון וועלכן איך האָב יאָרנלאַנג אין דער היים געטרונקען קאַווע. זיי האָבן דאָס טעפּעלע ספּעציעל געשיקט, כדי איך זאָל פון זיי האָבן א גרוס. און א האָפענונג האָט זיך ביי מיר דערוועקט: אפשר וועט זיי געלינגען מיך צו באַפרייען פון דער תפיסה...

אייניקע וואָכן נאָכן דערהאַלטן דאָס פּעקל פון דער היים האָט זיך מיר געדאַכט, אז עמעצער שטייט אויף יענער זייט פון דער געמויערטער וואַנט און קוקט אַרויף צו מיין פענצטער. כ׳האָב געפילט, אַז מיין טייערע מאַמע דרייט זיך אַרום דער תפיסה, טאַפּטשעט מיט אירע מידע פיס אין טיפן שניי און זוכט מיט אירע פאַרווייינטע אויגן א פענצטער, כדי צו כאַפּן א בליק כאָטש פון דערווייטנס אויף איר קינד.

נאָך דער מלחמה האָט מען מיר דערציילט, אז מיינע עלטערן האָבן געקלאַפּט אין די טירן פון אַלע נאַטשאַלניקעס און געבעטן מיך צו באַפרייען. לאַנגע שעהן האָט מיין מאַמע יעדן טאָג געוויינט פאַרן וועכטער פון דער תפיסה, ער זאָל איר לאָזן רעדן מיט איר זון.

גאָרנישט האָט געווירקט אויף די פאַרשטיינערטע הערצער.

לאַנגזאַם האָבן זיך געצויגן די אומעטיקע טעג און די שלאָפלאָזע נעכט. יעדן טאָג דער זעלביקער סדר. יאָ, עפּעס נייעס איז דאָך געשען. זיי האָבן אויפן הויף פון דער תפיסה צונויפגעקלאַפּט פון ברעטער עטלעכע גרויסע קאַסטנס, פּונקט ווי שטייגן, און מען האָט אונדז יעדן נאָכמיטאָג אַרויסגעפירט כאַפּן א ביסל לופט במשך א האַלבע שעה. געגאַנגען איז מען אין א ראָד, די הענט פאַרלייגט אויף הינטן. ס׳איז אונדז געווען פאַרבאָטן צו רעדן. מיר האָבן מיט נייגער יעדן טאָג געוואַרט אויפן שפּאַציר.

שפּעטער האָט מען אויך דערלויבט צו רויכערן אין צעלע. פאַר די, וואָס האָבן בעת דער רעוויזיע איבערגעלאָזן אין ביוראָ פון דער תפיסה רוסיש געלט, האָב איך געשריבן ביטעס און מען האָט זיי געבראַכט רוסישע מאַכאָרקע.

א שכן פון דער צעלע, א פּאָליאַק, האָט זיך צו מיר געווענדעט מיט א ביטע איך זאָל אים באָרגן געלט צו קויפן מאַכאָרקע. כ׳האָב מיט שטוי־נונג געזאָגט:

— דו ווייסט דאָך, אז איך האָב נישט קיין געלט. צוזאַמען האָט מען אונדז דאָ אויסגעטאָן נאַקעט און צוגענומען וואָס איינער האָט געהאַט. דו האָסט דאָך אַליין געזען. ווי אזוי בעטסטו ביי מיר געלט?

— יאָ, זאָגט מיר דער פּאָליאַק, איך האָב טאַקע אַלץ געזען און איך ווייס,

אז מען האָט ביי אונדז אַלץ צוגענומען. אָבער איך קען זיך נישט פאָר־שטעלן א ייד אָן געלט...

וויפל אָרעמקייט איז געווען ביי די פוילישע יידן!.. די אנטיסעמיטן האָבן עס נישט געוואָלט זען.

דער עולם האָט זיך צוגעוווינט איינער צום צווייטן. בכדי מיר זאָלן זיך אַ ביסל ווייניקער לאַנגווייליקן האָב איך פאָרגעלייגט, אַז יעדער פון אונדז זאָל עפעס דערציילן, איבערגעבן אַן אינטערעסאַנטע פּאַסירונג פון זיין לעבן.

האָט אַן עלעקטריקער דערציילט וועגן זיין פאַך, וועגן עלעקטריע. דער יידישער בחור, וואָס איז מיט אונדז געווען, א געוויסער ס. פון וואַרשע, א בוי־אינזשעניער האָט דערציילט וועגן קאָנסטרוקציע; א וואָרשטן־הענדלער האָט דערציילט, ווי אזוי מען מאַכט וווּרשט א. א. וו.

עס האָט זיך אונדז שטאַרק געוואָלט שטעלן אין קאָנטאַקט מיט די אַרעסטאַנטן פון די שכנותדיקע צעלעס. מיר האָבן אָנגעהויבן שטיל צו קלאַפּן אין דער וואַנט. זיי האָבן געענטפערט. דאָס מיטל פון צוזאַמענרעדן זיך איז שנעל געפונען געוואָרן. מיר האָבן פאַרטיילט דעם פוילישן אלף־בית אין 4 שורות, אויפגעשריבן אים אויף א שטיקל פּאַפּיר און עס איבערגעלאָזט אין קלאָזעט. די אַרעסטירטע פון דער שכנותדיקער צעלע, וואָס זענען געווען אין קלאָזעט נאָך אונדז, האָבן גלייך פאַרשטאַנען דעם שיפר. האָט זיך אָנגע־הויבן אַ קלאַפּעניש אין דער וואַנט. איין קלאַפּ — די ערשטע שורה, דריי קלעפּ — דער דריטער אות... ס'איז אַוועק אַ געשפּרעך. מיר האָבן איבערגענומען די נייעס פון איין וואַנט און גלייך זי איבערגעגעבן דער צווייטער וואַנט.

ווען מיר האָבן ביינאַכט געהערט געשרייען אין א צעלע, איז גלייך אינדערפרי געוואָרן איבערגעגעבן די נייעס: ביי אונדז איז איינער משוגע געוואָרן, די וועכטער האָבן אים געבונדן און צוגענומען. איין מאָל איז געקומען א טעלעגראַמע: „פּאָליקאַן! פאַלט נישט פון מוט. גענעראַל באָר־קאָמאָראָווסקי וועט אונדז אינגיכן באַפרייען".

א צווייטע טעלעגראַמע איז געווען: „די דייטשן האָבן געשאַפן אין וואַרשע א פּוילישע רעגירונג. צוזאַמען גייען זיי פאַרטרייבן די רוסן פון דער פּוילישער ערד"...

עס זענען געווען נאָך א סך ענלעכע לעגענדעס.

נאָך א פּאָר וואָכן אָפּזיצן אין דער בריסקער טורמע האָבן זיי ווידער אָנגעהויבן וועקן ביינאַכט און פירן צו אַן אויספאָרשונג. יעדע נאַכט האָט מען גערופן א פּאָר מענטשן. אויך אויף מיר איז געקומען די ריי. אויפ־געוועקט אינמיטן דער נאַכט, האָבן זיי מיך געפירט איבער די לאַנגע קאָרי־

דאָרן, די הענט פארלייגט אויף הינטן, ביז דער קאנצעלאריע. דער וועכטער האָט מיך אריינגעפירט אין א ליכטיקן און גוט באהייצטן צימער. דער לייטענאנט, וואָס איז געזעסןביים טיש מיטן ציגאַר מאכאָרקע אין דער האנט האָט מיך העפלעך געבעטן זיך זעצן. אויפן טיש איז געלעגן ברייט־צעעפנט מיין קארטאָטעקע, אין וועלכער ס׳איז געווען אריינגעקלעפּט מיין פאָטאָגראַפיע, געמאַכט שוין דאָ, אין דער תפיסה. באוואקסן מיט א באָרד, האָב איך זיך אַליין נישט דערקענט. דער לייטענאנט האָט פארגליכן די פאָטאָגראַפיע פון מיין פּאספּאָרט מיט דער פאָטאָגראַפיע פון דער טורמע און האָט א שמייכל געטאָן.

— נאָמען, ביינאָמען, געבוירן, וווּ־אָרט, באשעפטיקונג....

— איצט זאָג, ווער האָט דיך געשיקט איבער׳ אונדזער גרענעץ? זיי זיך מודה אין אלץ...

כ׳האָב אים אָנגעהויבן דערציילן, אז די דייטשן פייניקן די יידן. כ׳האָב אים דערציילט די דורכגעלעבטע נאַכט און געזאָגט, אַז יידן זענען געצוווּנגען צו אנטלויפן און אז קיינער האָט מיך ניט געשיקט.

— דו ווייסט — זאָגט ער שוין מיט א שטרענגן טאָן — אויב דו וועסט ניט דערציילן מיט גוטן, האָב איך אַלע מיטלען דיך צו צווינגען צו רעדן...

כ׳האָב אים נאָכאמאָל געזאָגט, אז ס׳איז אָן אבסורד חושד צו זיין א ייד אין שפּיאָנאזש. „איך בעט אייך מיר צו גלויבן״ — האָב איך צוגעגעבן — „אז איך זיץ דאָ פאר גאָרנישט״.

— יאָ, אָבער זאָג מיר פונוואנען רעדסטו אזוי גוט רוסיש. דאָס האָט מען דיך ספּעציעל געלערנט, כדי דו זאָלסט קענען שפּיאָנירן די רוסן!...

כ׳האָב אים אויפגעקלערט, אז איך בין פון די אזוי גערופענע „קרעסן״. דאָרט האָב איך געלערנט רוסיש, ווייל עס איז די שפּראַך פון דער גאנצער געגנט.

ער האָט מיך געמאַטערט צוויי שעה צייט. נישט קענענדיק ביי מיר ארויסבאקומען עפּעס אנדערש, ווי דעם אמת, האָט ער מיר א זאָג געטאָן:

— גיי דערווייל שלאָפן און מיר וועלן נאָך זען...

אין א פּאָר טעג ארום האָט מען מיך ווידער אויפגעוועקט ביינאכט און ווידער געפירט צו דער אויספאָרשונג. ביים טיש איז דאָסמאָל געזעסן א צווייטער מיליטערמאַן, וועלכער האָט געלייענט מיינע אקטן. ער האָט דער־נאָך אָנגעשטעלט אויף מיר א שמייכלענדיקן פּנים און ווייך א זאָג געטאָן:

— איך זע פון דער באשרייבונג, אז דו ביסט אומשולדיק. געוויס וועט מען דיך אינגיכן באפרייען. אָבער אויב דו ווילסט פארשנעלערן דיין באפרייאונג, וואָלסטו אונדז געדארפט העלפן אויסגעפינען די שפּיאָנען, וואָס געפינען זיך דאָ מיט דיר. דו שלאָפסט דאָך מיט זיי צוזאמען, דו הערסט

א גאנצן טאָג וואָס זיי דערציילן... דו, אלס ייד, וואָס דער דייטש איז אייער גרעסטער שונא, דארפסט דאָך געוויס אונדז העלפן אויסצוגעפינען די שפּיאָנען, וואָס ארבעטן קעגן אונדז...

נאָך דער דאָזיקער דרשה, מיט וועלכער ער האָט געפּרוווט מיר צוצו־רעדן, אַז איך זאָל ווערן אַ שפּיאָן, האָב איך זיך עפּעס ווייניקער געשראָקן. כ׳האָב אים אויפגעקלערט, אז ביי מיר אין צעלע זענען אזעלכע נישטאָ. זיי זענען אין גרעסטן טייל פּוילישע אָנגעשטעלטע און לוין־ארבעטער, וועלכע טראָגן אויך א כעס אויפן דייטש פאַרן אָקופּירן זייער לאנד. איבע־ריקנס — זאָג איך צו אים — גלויב מיר, איך זיץ אויף אַזעלכע צרות, אַז די אלע געשיכטעס קריכן מיר ניט אין קאָפּ. מיין איינציקע ביטע איז, אַז דו זאָלסט מיך וואָס שנעלער פונדאַנען באַפרייען.

געזען, אז ער קען מיט מיר גאָרנישט מאכן, האָט ער געהייסן, אז איך זאָל זיך אונטערשרייבן אויף דעם וואָס איך האָב געזאָגט. ער האָט מיר אויך שטרענג אָנגעזאָגט, אז קיינער זאָל נישט וויסן פון דאָזיקן געשפּרעך.

כ׳האָב ווידער געפרעגט, וואָס איז מכוח מיין באפרייאונג. ער האָט מיר געזאָגט: „זיכער וועט מען דיך באפרייען, מען וועט דיך דאָ לאנג ניט האלטן....״

דער לייטענאנט האָט טיילוויז געהאלטן וואָרט. באַפרייט האָט מען אונדז נישט. אָבער אין בריסקער טורמע האָט מען אונדז מער נישט געהאלטן.

נאָכדעם ווי מיר זענען אָפּגעזעסן אין דער בריסקער תפיסה פיר און א האלבן מאָנאט, האָט מען אונדז דעם 15־טן יוני ארויסגעפירט אין אָפענע לאַסט־אויטאָס צו דער באַן. זיי האָבן אונדז אַריינגעזעצט אין אויטאָ, איינ־געפלאָכטן איינער אין אנדערן, כדי מיר זאָלן זיך נישט קענען אויפהויבן צום אַנטלויפן. אין יעדן לאַסט־אויטאָ זענען געווען פיר זעלנער. אויף די גאסן פון בריסק האָבן מענטשן זיך זיכער געוווּנדערט, וואָס מען פירט אזוי־פיל ארעסטאנטן. קיינמאָל האָט מען נאָך נישט געזען אזויפיל פאַרברעכער. אָבער א סך מענטשן האָבן שוין אין יענער צייט גוט געוווּסט, אז נישט קיין פאַרברעכער פירט מען, נאָר אומגליקלעכע מענטשן, וואָס זענען אנט־לאָפן פון די דייטשע מערדער און אריינגעפאלן אין סאָוויעטישן גן־עדן....

# אין פאַרפּלאָמבירטע וואַגאָנעס

אויף דער באַן־ליניע איז געשטאַנען אַ לאַנגער צוג מיט רויטע פראַכט־וואַגאָנעס. אין יעדן וואַגאָן האָט מען אַריינגעשטופּט צו עטלעכע און דרייסיק מאַן. די טיר איז געוואָרן פאַרפּלאָמבירט פון דרויסן. מיר האָבן נאָר געקענט אַרויסקוקן דורך די קראַטעס פון די קליינע פענצטערלעך אין אויבערשטן טייל פון וואַגאָן. יעדער האָט זיך גלייך געזוכט אַ פּלאַץ אויף די צוויי־שטאָקיקע נאַרעס, וואָס זענען דאָ געווען צוגעגרייט. אַלע האָבן זיך דאָ אַריינגעפּרעסט.

איך האָב געהאַט אַן אָרט — דער צווייטער פון דער וואַנט. נאָך מיר איז געלעגן מיין פריינט איצל, וועלכער האָט מיך צוגעהאַלטן, כדי מיר זאָלן זיך נישט צעשיידן. דער ערשטער ביי דער וואַנט איז געלעגן אַ יונגער קריסט פון וואַרשע. ער איז מיט אונדז צוזאַמען געזעסן די גאַנצע צייט אין דער צעלע און איך האָב בשום אופן נישט געקענט זיך דערוויסן וואָס ער האָט געטאָן און מיט וואָס ער האָט זיך באַשעפטיקט אין דער היים. געוווּסט האָב איך נאָר, אַז ער האָט זיך פאַרשריבן אויף זיין מאַמעס ביינאָמען, ווייל זיין טאַטן האָט ער קיינמאָל נישט געקענט.

לויט אונדזער חשבון זענען אין צוג געווען בערך 2000 אַרעסטאַנטן. די אויפלאָדונג פון די מענטשן האָט געדויערט אַ גאַנצן טאָג. פון צייט צו צייט האָט מען געבראַכט נייע אַרעסטאַנטן און זיי אַריינגעפּאַקט אין די וואַגאָנעס. באַלד נאָכדעם האָט מען פאַרפּלאָמבירט די פאַרפּאַקטע פראַכט־וואַגאָנעס. לענגאויס פון דעם עשאַלאָן איז אַרומגעגאַנגען אַ שטאַרקע וואַך מיט אָנגעשטעלטע ביקסן גרייט צו שיסן. די וואַך האָט קיינעם נישט צוגעלאָזט צום צוג. מיר האָבן געזען פון דער ווייטנס פאַרזאַמלטע מענטשן. זיי זענען ווייזט־אויס געקומען זוכן אייגענע, באַקאַנטע, מעגלעך, אַז עמעצער האָט געוואָלט זיך געזעגענען מיט אַ משפחה־גליד און מיט אַ קרוב. כ׳האָב געזוכט מיט די אויגן, אָנגעשטרענגט מיין בליק מיט דער האָפענונג צו דערזען אַ לעצט מאָל עמעצן פון מיינע טייערע.

מיר האָבן שוין אַלע געוווּסט, אַז מען פירט אונדז קיין רוסלאַנד,

ווייט, ווייט פון דער היים. די צעשיידונג איז זייער א ווייטיקלעכע און זיכער אויף גאָר, גאָר לאנג.

די ערעסטאנטן האָבן פארשידנארטיק רעאגירט אויף דער דאָזיקער צעשיידונג. איינע האָבן נישט אויפגעהערט צו רעדן און שעלטן די „מאָס־קאלן", וואָס רייסן אונדז אָפּ פון דער היים און פון לאנד. אנדערע, ווי איך, האָבן פון גרויס פּיין און ווייטיק געלאָזט פאלן א טרער שטיל אין א ווינקל. נאָך אנדערע ווידער האָבן שטיל און פארטראכט געקוקט ערגעץ ווייט און געוועבט אין מוח פּלענער פון באפרייאונג, נישט רעזיגנירט, נישט געוואָלט זיך אונטערגעבן דעם גורל. צו דער לעצטער קאטעגאָריע פארטראכטע מענטשן האָט געהערט מיין שכן, וואָס איז דער ערשטער געלעגן ביי דער וואנט.

אין אָוונט איז דער צוג געווען פול און באלד איז ער אָפּגעפאָרן. ווען מיר זענען געפאָרן אַ פּאָר שעה, האָבן מיר לויט די דורכגעפאָרענע באַן־סטאציעס פארשטאנען, אז מען פירט אונדז צו דער רוסישער גרענעץ דורך בארזאנאָוויטש און דורך דער געוועזענער פויליש־רוסישער גרענעץ־סטאציע סטאָלפּצי. שפּעט ביינאכט האָבן מיר געהערט עטלעכע שאָסן און דער צוג האָט זיך האסטיק אָפּגעשטעלט.

מיר האָבן ארויסגעקוקט דורך די קראטעס אין דער פינצטערער נאכט און געזען, אז מיר געפינען זיך אין א געדיכטן וואלד.

די פּאָליאקן אין וואגאָן האָבן באלד ארויסגעזאָגט זייער מיינונג, אז דאָס האָבן די פּוילישע פארטיזאנער אין די וועלדער אָפּגעשטעלט די באַן, כדי אונדז צו באַפרייען. האָבן מיר געקוקט אויף דער פאַרשלאָסענער טיר, אַז זי זאָל זיך עפענען און אלע זענען מיר געווען גרייט צו שפּרינגען אין דער פינצטערניש פון געדיכטן וואלד. מיר האָבן זיך גוט אָפּגעגעבן א חשבון, אז אויסבאהאלטן זיך איז נאָר מעגלעך אויף דער פּוילישער ערד. אויף דער אנדערער זייט גרענעץ וועט יעדער רוס אונדז איבערגעבן דער מאכט.

נאָך אַ פּאָר מינוט האַרץ־קלאַפּעניש און אָנגעשטרענגטע נערוון האָבן מיר דערזען דורך דער פינצטערניש, ווי די סאָלדאטן, וואָס באגלייטן דעם צוג שפּרינגען פון אַלע זייטן און לויפן מיט הינט אין וואַלד אַריין. באַלד האָבן זיי געטראָגן א פארוואונדעטן, וואָס האָט שווער געקרעכצט און די סאָלדאטן האָבן צו אים געשריגן: „איצט וועסטו שוין וויסן, ווי צו שפּרינגען פון וואגאָן"... ס'איז געווען קלאָר, אז אין א פּאָר וואגאָנעס האָבן ארעסטאנטן אויפגעבראָכן די טירן און געשפּרונגען. אפשר איז עטלעכע געלונגען צו אנטלויפן. אייניקע האָבן אָבער באצאָלט מיט זייער לעבן, ווען די סאָלדאטן האָבן נאָכגעשאָסן.

צוויי שעה שפּעטער האָט זיך די זעלביקע געשיכטע איבערגעחזרט. שאָסן, דער צוג שטעלט זיך האסטיק אָפּ. די סאָלדאטן לויפן אין וואלד און שלעפּן פון דאָרט פּארווונדעטע. מען הערט קרעכצן, געשרייען, גע־שלעגן. פון די וואגאָנעס שרייט מען ארויס: „באנדיטן, הרגעט נישט קיין אומשולדיקע מענטשן! פּארוואָס פירט איר אונדז קיין סיביר?..״

דער צוג האָט ענדלעך גערירט פון אָרט און איז דערפאָרן צו א קליינער סטאציע, ווו ער איז געבליבן שטיין ביז אינדערפרי. אפשר איז דער צוג געשטאנען, כדי אויסצומיידן ווייטערדיקע אינצידענטן אין דער פינצטערער נאכט. דער עולם האָט נאָך לאנג קאָמענטירט די געשעענישן. ביסלעכוויין האָבן די מענטשן זיך בארויקט און איינגעדרימלט.

ס׳איז שוין געוואָרן טאָג, ווען אייניקע סאָלדאטן האָבן אראָפּגענומען די פּלאָמבעס און געעפנט די טיר. צוויי סאָלדאטן זענען געשטאנען מיט די ביקסן אָנגעשטעלטע אין אונדזער ריכטונג. איינער פון זיי האָט געמאָלדן, אַז ביים מינדסטן ריר פון אָרט און פּרווו צו אַנטלויפן וועלן זיי שיסן אָן א ווארענונג. זיי האָבן אונדז ארויסגעפירט אין דרויסן צו דערליידיקן א מענטשלעכע באדערפעניש אויפן פעלד נעבן די וואגאָנעס און גלייך אריינגעפירט אונדז צוריק. די זעלביקע פּראָצעדור איז געמאכט געוואָרן אין די אנדערע וואַגאָנעס. דערנאָך האָט אַן אַנדער סאָלדאַט אַריינגעטראָגן צוויי קעסעלעך וואסער און א טאָרבע ברויט.

— צעטיילט זיך און עסט...

און ווידער איז די טיר געוואָרן פארפּלאָמבירט. עס האָט גענומען א שפּאָר ביסל צייט ביז זיי האָבן פּארטיילט דאָס ברויט מיטן וואסער איבער אלע וואגאָנעס.

דער צוג האָט גערירט פון אָרט. מיר זענען דורכגעפאָרן באקאנטע סטאַציעס נישט ווייט פון דער אמאָליקער רוסיש־פּוילישער גרענעץ און מיר האָבן אויסגערעכנט, אז אין דער נאכט וועלן מיר איבערפאָרן די דאָזיקע גרענעץ ביי סטאָלפּצי.

אָבער וווהין פירט מען אונדז? און פּארוואָס? וואָס פּארא פארברעכן זענען מיר באגאנגען? שוין 5 חדשים, ווי מען מאטערט אונדז אָן א פּאר־וואָס, אָן א משפּט, אויף וועלכן מיר זאָלן כאָטש האָבן די מעגלעכקייט זיך צו פאַרטיידיקן פאַר אַ ריכטער, פאַר אַ געריכט. איז די וועלט הפקר? איז נישט געבליבן אויף דער וועלט א ביסל יושר, בפרט אין א לאנד, וואָס האָט אויפגעשריבן אויף דער ערשטער זייט פון זיין קאָנסטיטוציע, אַז די גרעסטע ווירדע אויף דער ערד איז דער מענטש?

וואָס טוט זיך דאָ? כאָטש נעם און צעקלאפּ זיך דעם מח אין דער היל־צערנער וואַנט פון לויפנדיקן צוג... און א סוף זאָל שוין נעמען..

דורך דעם קליינעם פארקראטעוועטן פענצטערל פון וואגאָן געזעגן איך זיך צום וויפלסטן מאָל מיט מיינע עלטערן, מיט מיין שוועסטער און מיטן ברודער, מיט מיין טייערער פרוי און מיט מיין איינציקן זונעלע, מיין נשמהלע. איך זע אים פון דער ווייטנס, ווי ער שטרעקט אויס די זיסע הענטלעך צו מיר און וויינט־ארויס — „טאַטע"...

ס'איז שוין געווען ווייט נאָך האלבן טאָג, ווען די טיר האָט זיך געעפנט גלייך נאָכדעם, ווי די באן האָט זיך אָפּגעשטעלט. אונטער א שטארקער וואך האָט מען אונדז אַריינגעטראָגן די 2 קעסלעך וואַסער מיטן ברויט. ס'איז געווען דאָס מיטאָג־און נאַכט־עסן צוזאמען.

דאָס איבערפאָרן די געוועזענע פויליש־רוסישע גרענעץ האָט דער עולם באטראכט ווי עפּעס אַ וויכטיקע געשעעניש. ערשטנס האָבן מיר זיך דאָ געזעגנט מיט דער פוילישער ערד און צוזאמען מיט איר אויך מיט אלע אונדזערע נאָענטסטע און טייערע, וועלכע מיר פאַרגעסן נישט אַפילו אויף קיין איין מינוט. צווייטנס האָט געווירקט די דערוואַרטונג און דער נייגער צו זען דאָס לעבן אויף יענער זייט פון פאָרהאנג. מיר זענען נאָך לאַנג געזעסן און געשמועסט אין דער פינצטער און פון צייט צו צייט געכאפּט א בליק דורכן פענצטערל אויף די קליינע סטאַציעס און אויף די דערפער, וועלכע מיר זענען פארבייגעפאָרן.

מיין שכן, וואָס איז א גאנצן טאָג געלעגן שטיל ביי דער וואנט האָט, ווייזט אויס, באשלאָסן נישט לאָזן זיך אריבערצופירן איבער דער סאָוויעט־טישער גרענעץ. איך האָב באמערקט ווי ער גראבלט עפּעס אין די ברעטער פון דער וואנט. כ'האָב פארשטאנען, אז ער גרייט זיך צו שפּרינגען פון וואגאָן די היינטיקע נאַכט, כל זמן מיר זענען נאָך נישט אריבערגעפאָרן די גרענעץ.

כ'האָב זיך מיישב געווען מיט מיין פריינט איצל צי מיר זאָלן צוהעלפן אויפרייסן א פּאָר ברעטער און זיין פון די ערשטע שפּרינגער פון וואגאָן. לאַנג האָבן מיר געוואויגן דעם גורל: יאָ אָדער נישט. און מיר האָבן באַ־שלאָסן נישט צו ריזיקירן מיטן לעבן, ווייל דאָס שפּרינגען פון לויפנדיקן צוג אונטער דער באַוויכטונג פון די פּראָזשעקטאָרן פון דער וואך, וואָס וועט אונדז גלייך באשיסן, גיט נישט קיין סך האָפענונג צו געווינען.

אויסער דעם האָבן מיר זיך געפילט אזוי אומשולדיק, אזוי איבערצייגט אין אונדזער גערעכטיקייט, אז אויב זיי וועלן אונדז שטעלן פאר א געריכט, וועט יעדער פון אונדז — בפרט א ייד — לייכט קענען באווייזן זיין אומשולד און וועט באפרייט ווערן.

כ'האָב אָבער נישט געוואָלט שטערן מיין שכן אין דער ארבעט. ער האָט די ברעטער געזעגט מיט א שטיקל גלאָז, וואָס ער האָט ערגעץ געפונען

און רייסט ממש מיט די ציין יעדעס שטיקל שפענדל פון ברעטל. די ארבעט איז אים געגאנגען זייער לאנגזאם. ער האָט קוים באוויזן איבערצוזעגן איין שמאָל ברעטל, ווען די ארעסטאנטן, וואָס זענען געזעסן ביים פענצטערל האָבן געמאָלדן, אַז מיר פאָרן דורך ביי סטאָלפּצי די פויליש־רוסישע גרענעץ. אויף דער רוסישער זייט האָט דאָס שפרינגען פון וואגאָן קיין שום צוועק נישט געהאט. מיין שכן האָט דערפאר רעזיגנירט פון זיין פּלאן און שטיל זיך געדרייט אויפן געלעגער ביז מיר זענען אלע איינגעשלאָפן.

די באן איז שטיין געבליבן אויף אַ קליינער סטאציע אויף דער רוסי־שער זייט. ווען ס'איז געוואָרן טאָג האָבן די נ. ק. וו. ד.־סאָלדאטן געעפנט די טיר און אונטער א שטארקער שמירה געהייסן אלעמען אראָפּגיין פון די געלעגערס. צוויי סאָלדאטן האָבן גענומען באטראכטן די ווענט.

כ'האָב געפילט, אז גלאטיק וועט דאָ נישט דורכגיין. זיי האָבן גלייך באמערקט דאָס איבערגעשניטענע ברעטל אין דער וואנט.

— ווער שלאָפט דאָ ביי דער וואנט? — האָט א סאָלדאט מיט א שטרענגן טאָן געפרעגט.

קיינער האָט זיך נישט אָנגערופן.

— איך פרעג נאָכאמאָל ווער שלאָפט דאָ? אויב איר ענטפערט נישט, וועט זיין שלעכט מיט אייך...

מיין שכן איז צוגעגאנגען. — איך שלאָף דאָ...

— הייסט עס, אז דו האָסט געוואָלט שפרינגען פון וואגאָן...

ער האָט גאָרנישט געענטפערט.

— ווער שלאָפט דער צווייטער נעבן דיר? — האָט דער סאָלדאט גע־פרעגט.

ער האָט אָנגעוויזן אויף מיר. אָן ווערטער האָבן זיי אונדז ביידע אָנגע־נומען פארן קארק און ארויסגעוואָרפן פון וואגאָן. איך בין געפאלן. די וואך האָט אונדז באדעקט מיט קלעפּ. זיי האָבן אונדז געשלאָגן מיט די קאָלבעס. כ'האָב דערפילט א שטארקן ווייטיק אין דער פלייצע.

— אויפשטיין — האָבן זיי באפוילן — פאָרויס!...

כ'האָב זיך קוים אויפגעשטעלט און נישט געקענט גיין. דער סאָלדאט האָט מיך ווידער אמאָל א קלאפּ געגעבן מיט דער קאָלבע פון ביקס אין דער פלייצע און פאר ווייטיק האָב איך אָנגעהויבן צו לויפן. זיי האָבן אונדז צוגע־פירט צו א פאסאזשיר־וואגאָן, אין וועלכן עס איז מיטגעפאָרן די נ. ק. וו. ד.־וואך. זיי האָבן אונדז אריינגעשטופט אין א קופּע, ווו עס זענען שוין געווען 6 אנדערע ארעסטאנטן פאר דער זעלביקער זינד. זיי האָבן אראָפּגלאָזט די ברעטער, וואָס דינען אין דער הויך צום שלאָפן, ממש איבער אונדזערע קעפּ. אין דער גרויסער ענגשאפט האָבן מיר נאָר געקענט זיצן מיט איינגע־

בויגענע קעפ. עס האָט אויסגעזען, ווי מיר וואָלטן געווען איינגעשלאָסן איז אן ענגן קאסטן. אפילו זיצנדיק מיט איינגעבויגענע קעפ איז פאר 8 מענטשן דאָס אָרט געווען קליין. דער נ. ק. וו. ד.־וועכטער אין קאָרידאָר האָט יעדע ווײַלע אריינגעקוקט צו אונדז דורך דער גלעזערנער טיר, כדי צו זען, צי די „שרעקלעכע ארעסטאנטן” גרייטן נישט אמאָל א נייעם איינברוך.

די באַן איז לאנגזאם געפאָרן און אַפט זיך אָפּגעשטעלט אויף די קליינע סטאציעס.

# פאַראורטיילט אויף פינף יאָר

נאָך דער ערשטער איבערראַשונג האָבן מיינע שכנים אין „קאַסטן" זיך אָנגעהויבן צוגעוווינען צו דער לאַגע און זיי האָבן אָנגעהויבן רעדן. א פּאָליאַק האָט זיך אפילו אָפּגערופן: „ברידער, נאָר נישט פארלירן דעם מוט. מיר וועלן זיי אויך איבערקומען".

איך בין דאָ געווען דער איינציקער ייד. כ'האָב באַוווּנדערט דעם מוט פון פּאָליאַק מיט די פאַרדרייטע וואָנצעס. מיר האָט זיך אפילו דאָס מויל נישט געעפנט ארויסצוזאָגן א וואָרט. כ'האָב אָנגעקוקט מיין שכן צוליב וועלכן זיי האָבן מיך דאָ אריינגעשטופּט אין דעם „קאַסטן". כ'ווייס נישט פאַרוואָס, איך בין אויף אים נישט געווען אין כעס, הגם ס'איז געווען זיין שולד. עס האָט מיך א סך מער אויפגערעגט די אויפפירונג פון די, וואָס פייניקן אונדז און גיבן נישט די מעגלעכקייט זיך צו פאַרטיידיקן אפילו מיט א פּאָר ווערטער.

א גאַנצן טאָג האָבן די נ. ק. וו. ד.־סאָלדאַטן אונדז בייז אָנגעקוקט און זיך נישט געווענדעט צו אונדז מיט קיין איין וואָרט. איצט, פאַרנאַכט, האָבן זיי יעדן איינעם געגעבן א טעפּעלע וואַסער און א שטיקל ברויט פון ארום 200 גראַם. ס'איז געווען נישט מער, ווי די נשמה צו דערהאַלטן. אין די פינף חדשים אַרעסט איז יעדער פון אונדז געוואָרן אויסגעדאַרט, הויט און ביינער און בלויז די אויגן האָבן אַרויסגעגלאַנצט פון ווילד־באַוואַקסענעם פנים.

אין לאַנגן הייסן טאָג זענען מיר, די אַכט אַרעסטירטע, געזעסן פאַר־שטיקטע אין „קאַסטן", מיט פאַרטריקנטע ליפּן. יעדן איינעמס פנים האָט ארויסגערופן מיטלייד.

אין אָוונט זענען מיר שוין אַלע געווען גוט מיד פון זיצן צונויפגעפּרעסט א גאַנצן זומערדיקן טאָג. אָנגעשפּאַרט איינער אויפן אַנדערן האָבן מיר איינגעדרימלט. פון צייט צו צייט האָט זיך עמעצער אויפגעכאַפּט, כדי איינ־צורייבן די פאַרשטייפטע גלידער.

מיר האָבן זיך אַזוי געמאַטערט נאָך א טאָג. אויפן דריטן טאָג האָט

זיך דער צוג אָפּגעשטעלט אין גאָמעל. לויט אונדזער אויסרעכענונג איז עס געווען דעם 20־טן יוני 1940.

א קורצע ווײַלע שפּעטער האָבן מיר געהערט, ווי די וואַגאָנעס ווערן געעפנט, מענטשן לויפן. עס הערט זיך א געשריי „ווילעזאַיטיע״ — קריכט ארויס. מיט אן איינגעהאַלטענעם אָטעם האָבן מיר זיך צוגעהערט צו יעדן שאָרך און צו יעדן וואָרט. וואָס וועלן זיי מיט אונדז טאָן? גרייטן זיי פאַר אונדז א ספּעציעלן משפּט?

ענדלעך, און ווײַזט אויס, ווען אלע זענען שוין ארויסגעקראָכן, האָבן זיי זיך אין אונדז דערמאָנט. די טיר פון אונדזער קופּע האָט זיך האַסטיק צעעפנט און מיר האָבן קוים דערהערט דאָס וואָרט — „ווילעזאַיטיע״ — קריכט ארויס.

מיר זענען, ווײַזט אויס, געווען די איינציקע פון גאַנצן צוג, וואָס זענען באמת ארויסגעקראָכן, ווײַל נאָך דרײַ טעג און דרײַ נעכט זיצן מיט איינ־געבויגענע קעפּ, צונויפגעפּרעסט, מיט א גלאָז וואַסער און א שטיקל ברויט צו דערהאַלטן די נשמה, אז מען זאָל נישט פּגרן („שטאָב ניע פּאָדאָך״ — האָבן זיי געזאָגט) האָט זיך קיינער פון אונדז נישט געקענט אויסגלייכן.

אין דרויסן האָט מען שוין אלעמען אויסגעלאָדן פון די וואַגאָנעס. דער גרויסער עולם איז געשטאַנען אויף א ברייטן פּלאַץ און דער פּלאַץ איז געווען ארומגערינגלט מיט א שטאַרקער וואַך פון נ. ק. וו. ד. מיט אָנגע־שטעלטע ביקסן, גרייט צו שיסן אָן א וואָרענונג.

באַלד האָט מען אונדז געהייסן זיך רעגיסטרירן בײַ די טישלעך, וואָס זענען געווען אויסגעשטעלט אויפן פּלאַץ. די פאָרמאַליטעטן איינפאַכע — נאָמען, בײַנאָמען, דאַטע פון געבורט. באַלד האָט מען אונדז אויסגעשטעלט צו 4 מאַן אין א ריי, גרייט צום אָפּמאַרש. כ׳האָב זיך ארומגעקוקט אויף אלע זײַטן. דער צוג איז געווען זייער א לאַנגער. כ׳האָב געזוכט מײַן חבר איצל, אָבער כ׳האָב אים מער נישט געזען. עס האָט מיר זייער באַנג געטאָן. אין אַזעלכע שווערע מאָמענטן ווערט תּמיד בעסער, ווען מען קען זיך דורכ־רעדן מיט א פרײַנט.

מיר האָבן מאַרשירט אין דער ריכטונג פון דער שטאָט. לענגאויס פון אונדזער וועג איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דער פאַרקער און אויף בײַדע זײַטן פון דער מאַרשירנדיקער קאָלאָנע איז יעדע צוויי מעטער געשטאַנען א סאָלדאַט מיט א ביקס אין דער האַנט. סאָלדאַטן מיט הינט זענען אונדז נאָכגעגאַנגען באַזונדער.

די צונויפגעזאַמלטע מענטשן האָבן פונדערווײַטנס געוויזן אויף אונדז מיט די פינגער. דאָס פירט מען די פּוילישע „פּאַנעס״ — האָבן זיי געזאָגט. אייניקע פון זיי האָבן צוגעשמייכלט. א סך האָבן, ווײַזט אויס, געהאַט א

געפיל פון נקמה אין די פריצים, די בלוטזויגער. יאָרן פּראָפּאגאנדע, אז אין קאפּיטאליסטישן פוילן זענען עס די פריצים, די „פּאנעס", וואָס עקספּלאָאטירן די ארבעטער, האָבן געווירקט אויף די מוחות פון די מענטשן, וועלכע האָבן אין יעדן פּאָליאק געזען א „פּאן", א פריץ.

איך געדענק נאָך היינט דעם שווערן איינדרוק, וואָס עס האָט אויף מיר געמאכט די אָפּגעלאָזנקייט פון די הייזער אין די גאסן פון גאָמעל. די פלויטן זענען געווען צעבראָכן, די הויפן שמוציק, פון די ווענט פון די הייזער זענען געפאלן שטיקער. ס'איז קענטיק, אז שוין לאנג, ווי קיינער האָט נישט געזאָרגט עפּעס צו פאַרריכטן, אפשר נאָך פון די צייטן פון דער רעוואָלוציע, ווען די בעלי־בתים זענען פארשיקט געוואָרן ערגעץ ווייט און די נייע שכנים ווילן נישט זאָרגן פאר די הייזער וואָס זענען נישט זייערע.

מיר זענען צוגעקומען צו א הויז. לויט דעם הויכן געמויערטן פלויט מיט די שטעכעדיקע דראָטן אין דער הויך האָבן מיר גלייך דערקענט, אז עס איז א טורמע.

אין לאנגן קאָרידאָר האָט א סאָלדאט יעדעס מאָל געעפנט א טיר און אריינגעלאָזט ביז 40 מענטשן.

אריינגעלאָזט האָט מען אונדז אין א גאנץ גרויסן צימער, אין וועלכן עס איז גאָרנישט געווען אויסער די פיר ווענט. נישט קיין בעט, נישט קיין טיש און נישט קיין בענקל. זייער מיד, האָט זיך דער עולם גלייך אויסגעזעצט אויף דער ערד. מיר האָבן באלד אויסגערעכנט, אז אין דריי רייען, אין דערברייט פון דער גרויסער צעלע, און פון וואנט צו וואנט וועלן זיך אַלע קענען אויסלייגן און די גאנצע פאָדלאָגע וועט זיין צוגעדעקט מיט אונדזערע קערפּערס.

אויף אזא אופן האָט מען אונדז אויסגעגלייכט. צו וואָס זיך קריגן איבער א בעטל אָדער איבער אנדערע באקוועמלעכקייטן? בעסער גאָרנישט צו געבן, וועלן אלע ליגן גלייך אויף דער ערד... אויסער דעם פארשפּאָרט מען זיך אויסצוטאָן אויף ביינאכט. בכלל האָט דער עולם ארעסטאנטן זיך אָפּגעוווינט זייט לאנג פון אויסטאָן זיך. ביים לייגן זיך שלאָפן פלעגט יעדער איינער אונטערלייגן צוקאָפּנס דעם צעקנייטשטן מאנטל, וואָס ער האָט נאָך פארמאָגט. אין די ווינטער־חדשים האָט מען אויך דעם צוקאָפּנס נישט געקענט האָבן, ווייל מען האָט זיך מיטן מאנטל געדארפט צודעקן. איצט אָבער איז אין די נעכט אזוי הייס, אז מען ווערט ממש דערשטיקט. 40 מאן האָבן געאָטעמט מיטן ביסל לופט, וואָס גייט אריין דורך די צוויי קליינע פארקראטעוועטע פענצטערלעך אין באלקן. דער עולם האָט געשוויצט. די שווארץ־ברודיקע העמדער האָבן זיך געקלעפּט צום לייב. פאר דער גאנצער

צייט האָט מען אונדז קיין איין מאָל נישט געביטן די וועש. איז דאָס בייסע־ניש געווען אומדערטרעגלעך. מיר האָבן זיך געקראַצט ביז בלוט. די לייז זענען געוואָרן אונדזער גרעסטער פּלאָג. מיר האָבן זיך נישט געקענט געבן קיין עצה. זיי האָבן אויסגעזען גרויס פון אויספּאַשען זיך אויף אונדזערע לייבער, און זיי האָבן אָנגענומען די פאַרב פון אונדזערע מלבושים. איך האָב געטראָגן א מאַנטל מיט ווייסן פוטער פון אינעווייניק. זענען מיינע לייז געווען ווייס ווי שניי און עס איז געווען אוממעגלעך זיי צו פּאַריאָגן פון די האָר פון פוטער, כאָטש נעם און פאַרברען דעם מאַנטל. אָבער אזא לוקסוס האָט זיך קיינער נישט געקענט דערלויבן, ווייל קיין אַנדער מאַנטל פון דער היים האָט קיינער נישט דערוואַרט.

פאַר דער גאַנצער צייט האָט מען אונדז קיין איין מאָל נישט דערלויבט צו שרייבן א בריוו אַהיים, כדי אָנצוזאָגן, אז מען לעבט אין געהאַקטע צרות. מיר זענען בוכשטעבלעך פאַרפאַלן געוואָרן, ווי אין וואַסער אריין.

דערווייל האָבן די נייע מיטזיצער זיך אָנגעהויבן צו באַקענען. איך האָב ביי זיך געטראַכט, אז איך האָב שוין א מזל צו „שווייגנדיקע״ שכנים. כ׳האָב פאַר זיי מורא געהאַט, ווי פאַר פייער. ווער ווייסט, וואָס אזא איינער טראַכט און קען אָפּטאָן, אז ער רעדט נישט. ביי מיין רעכטער זייט איז נעבן מיר געזעסן א יונגער שיינער פּאָליאַק, כ׳האָב פון אים ארויסגעקריגן, אז ער איז א סטודענט פון ווארשעווער אוניווערסיטעט, א זון פון רייכע עלטערן. מער האָט ער מיר גאָרנישט געזאָגט. פון דער צווייטער זייט ליגט נעבן מיר אַן עלטערער פּאָליאַק מיט א ווייס באַוואַקסן בערדל. ביי אים דאַקעגן, מאַכט זיך דאָס מויל נישט צו. וואָס דער יונגער האָט פאַרשוויגן האָט דער אלטער געקרעדט. ווען עס ווערט זיי, די מאָסקאַלן, מקויים נאָר א קליינער טייל פון דעם, וואָס דער אלטער האָט זיי אויסגעשאָלטן, וואָלט גאַנץ רוסלאַנד לפּחות געגאַנגען אויף קוליעס.

מיר האָט באַזונדערס געאַרט, וואָס ער מישט אַריין יידן אין זיין פּלאַפּלעריי. עס האָט זיך מיר שטאַרק געוואָלט אים צומאַכן דאָס מויל און איך האָב געוואַרט אויף א געלעגנהייט. דערווייל בין איך אָבער איין ייד און ס׳איז מיר נישט געווען באַקוועם זיך אָנצורופן. כ׳האָב באַשלאָסן צו וואַרטן.

דער עולם האָט געשוויצט און געגעסן באָרשטש. ס׳איז נישט געווען דער רוסישער באָרשטש פון דער היים. יעדן טאָג האָט מען אונדז געגעבן דעם זעלביקן באָרשטש אָן א גראַם פעטס. דער עולם האָט געדרייט מיט דער נאָז. אָבער ווען מען איז הונגעריק עסט מען וואָס מען גיט, בפרט, אז קיינער פרעגט נישט, צי דער באָרשטש שמעקט...

ס׳איז געווען אַ יום־טוב, ווען מען האָט אונדז אָנגעזאָגט, אז מען

פירט אונדז אין באָד. יעדער איינער האָט באַקומען אַ קליין שטיקעלע זייף, וואָס מען האָט געדאַרפט היטן, כדי עס נישט צו פאַרלירן. אויף יעדע צוויי אַרעסטאַנטן איז געווען אַ הילצערן שעפּעלע. פון די קראַנעס האָט זיך געגאָסן וואַרעם וואַסער אָן אויפהער. קיין דוש אָבער זעט מען נישט. דער עולם האָט זיך ממש דערקוויקט מיטן וואַרעמען וואַסער. מיר האָבן איינגעוואַשן אונדזערע צעשוויצטע קערפּערס און צוריק אַרויפגעצויגן אויף זיך די שמוציקע העמדער. אַ טייל אַרעסטאַנטן האָט געוואַשן די העמדער אין די שעפּעלעך, אָבער ס'איז דערצו נישט געווען קיין צייט. זיי האָבן אונדז אונטערגעיאָגט, עס וואַרטן אין דער ריי נאָך אַנדערע אַרעסטאַנטן.

אין באָד האָב איך דערזען דעם ערשטן ייד, דעם פאַרוואַלטער פון דער באָד. ער איז געשטאַנען ביים אַריינגאַנג און זיין פּנים האָט עדות געזאָגט, אַז ער איז „עמך". קיין סך צייט צו פאַרלירן האָבן מיר נישט געהאַט. כ'בין צו אים צוגעגאַנגען און געפרעגט: „עמך?"

— געוויס בין איך אַ ייד — האָט ער געענטפערט אין אַ פיינעם יידיש — איך בין דער פאַרוואַלטער פון דער באָד.

אַ פיינער יחוס, האָב איך זיך געטראַכט, אַ ייד אַ בעדער אין טורמע. קיין בעסערע פּרנסה האָט ער שוין נישט געפונען, נאָר זיך פּאָרען דאָ מיט די ברודיקע הילצערנע שעפּעלעך?

— איר פאַרשטייט — זאָגט ער מיר — פאַר אַ רוסישן מענטשן איז דאָ דאָס בעסטע אָרט זיך אָפּצולעבן רואיק. מען דאַרף נאָר האַלטן די צונג צווישן די ציין, ווייסטו נישט „זיצן".

— זאָגט מיר — איך בעט אייך — וואָס קלערן זיי מיט אונדז צו מאַכן? זיי האַלטן אונדז שוין אַזוי 5 חדשים.

— ווייס איך טאַקע נישט... איר האָט פאַרשטאַנען? — און ער האָט זיך פון מיר גלייך אָפּגעקערט.

נאָך אַ ייד האָב איך געזען צווישן די וועכטער, וואָס האָבן אונדז יעדן טאָג געפירט אויף אַ האַלב-שעהדיקן שפּאַציר אויפן הויף. ס'איז געווען אַ שיינער יונגערמאַן, מיליטעריש אָנגעטאָן אין אַ מונדיר פון נ. ק. וו. ד. צו אים האָב איך נישט געוואָגט צוצוגיין רעדן. איבעריקנס וואָלט ער סיי־ווי נישט געענטפערט צו דער זאַך.

דער הויף איז געווען אַ גרויסער, אַרומגערינגלט מיט אַ געמויערטער וואַנט. אין איין זייט פון דער וואַנט האָבן זיך געשלענגלט בלומען אויף אַ דראָטענעם לייטער. מיר האָבן שפּאַצירט פּאָרווייז אין אַ ראָד, די הענט פאַרלייגט אויף הינטן. ווען מיר זענען פאַרבייגעגאַנגען די בלומען האָט זיך געוואָלט אָפּרייסן אַ בלימל. ס'איז אָבער געווען פאַרבאָטן. אָבער נישט אַלע האָבן געקוקט אויף די בלומען. מיין שוויגנדיקער שכן האָט, ווייזט־

אויס, געהאט געוויסע פּלענער. נישט די בלימעלעך האָבן אים אינטערעסירט, נאָר דער געפלאָכטענער דראָטענער לייטער אויף דער ליימענער וואנט. מיט א פּאָר שפּרונגען קען מען מיט זיין הילף זיין אויף יענער זייט וואַנט און דאָרט קען מען זיך געפינען אויף א גאס, אויף א פעלד, אין א וואלד און אפשר מיט דער צייט אין דער היים.

א געוויסן טאָג ווען מיר זענען ווי געוויינלעך געווען אויף אונדזער שפּאַציר און די צוויי וועכטער זענען, ווי תמיד, געשטאנען אין אַ זייט, האָט מיין שווייגנדיקער שכן פּונקט ווי א ווילדע קאַץ אַ שפּרונג געטאָן אויפן דראָטענעם לייטער פון די בלומען. אין א קורצע ווײַלע איז ער געווען אויף יענער זייט מויער. ער האָט עס געמאכט אזוי שנעל, אז די צוויי וועכטער האָבן ערשט נאָך א געוויסע צייט באמערקט, אז עפּעס איז דאָ געשען. זיי האָבן נעמלעך דערהערט, ווי פון יענער זייט וואנט האָט מען צוויי מאָל אויסגעשאָסן און דער דאָרטיקער וועכטער האָט געשריגן — סטאָי... — שטיי!..

אונדז האָט מען באלד צוריק אריינגעפירט אין דער צעלע. אייניקע ארעסטאנטן האָבן דערקלערט, אז זיי האָבן געהערט קרעכצן — א סימן, אז ער איז פארוואונדעט געוואָרן, ווען די סאָלדאטן אויף יענער זייט וואנט האָבן אויף אים געשאָסן. אנדערע האָבן אים געהאלטן פאַר א נארישן פאנטאזיאָר און האָבן אויסגעלאכט זיין פּרווו צו אנטלויפן. כ׳האָב זיך בכלל ניט אָפּגערופן. עפּעס האָב איך זיך געפילט נישט גוט און כ׳האָב זיך אליין געפרעגט פארוואָס נעמט עפּעס אָן פּונקט מיינע שכנים א חשק צו אנטלויפן? איז עפּעס אין מיר פאראן א שטויס־קראַפט א ספּעציעלע? כ׳האָב געקלערט, אז עס וואָלט גוט געווען, ווען די אלע וואָס ווילן לויפן זאָלן ליגן נעבן עמעצן אנדערש און נישט נעבן מיר. גענוג קלעפּ האָב איך שוין אריינגעכאפּט פאַר יענעמס לויפן אָדער פאַר ווערלן לויפן.

כ׳האָב געהאט א פאַרגעפיל, אז אינגאנצן גלאטיק וועט פאַר מיר נישט דורכגיין דער שפּרונג פון מיין שכן. אזא זאַך וועט נישט אויסמיידן קיין אויספאָרשונג, כדי זיך צו דערוויסן צוליב וואָס און פארוואָס האָט ער געשפּרונגען און געוואָלט לויפן. און אויב פרעגן וועט מען קודם כל פרעגן זיין נאָענטסטן שכן.

האָב איך זיך דערפאַר געגרייט צו דער אויספאָרשונג. כ׳האָב מורא געהאט פאַר קלעפּ אָדער פאַר אנדערע פּייניקונגען, ווייל איך בין געווען זייער אָפּגעשוואכט פון די עטלעכע מאָנאטן „זיצן״.

א גאנצן טאָג און א גאנצע נאכט זענען מיר אלע געווען אָנגעשטרענגט. די שפּאנונג פון דערוואַרטונג האָט נישט דערלויבט בײַנאכט צוצומאכן מיט אַן אויג. כ׳האָב דורכגעטראכט אלע מעגלעכקייטן. מיין באַבערדלטער

שכן האָט זיך אויך געדרייט אויף זיין געלעגער. ער האָט מן הסתם זיך אויך גערוכט אויף אן אויספאָרשונג.

אינדערפרי האָבן זיך באוויזן אין דער טיר א לייטענאנט פון נ. ק. וו. ד. מיט צוויי סאָלדאטן. זיי האָבן געלאָזן זיך ארומגעקוקט און באלד צוגע־גאנגען צום עצם ענין.

— ווו איז ער געשלאָפן אייער חבר, וואָס האָט געוואָלט אנטלויפן?

מען האָט אים אָנגעוויזן דאָס אָרט און ווער זענען די צוויי שכנים פון געלעגער. איך בין צוגעגאנגען און געוויזן ווו איך ליג. נאָך מיר איז צוגעגאנגען דער שכן פון דער אנדערער זייט און האָט זיך געמאָלדן. דער לייטענאנט האָט אונדז ביידע באַטראַכט און צו מיין שלימזל באפוילן מיר, אז איך זאָל אים נאָכגיין.

בין איך אים נאָכגעגאנגען און הינטער מיר די צוויי סאָלדאטן.

ווייזט אויס, אז ביים באשאפן דעם מענטש האָט דער רבונו של עולם פאָרויסגעזען אזעלכע שרעקלעכע מאָמענטן און האָט דאָס הארץ פארזיגלט אין שטארקע ביינערנע רייפן. דאָס הארץ האָט מיר נעמלעך אזוי געקלאפט, אז כ׳האָב זיך געוווּנדערט, וואָס עס שפרינגט נישט ארויס. כ׳האָב נישט געוווּסט, וואָס עס וועט מיט מיר געשען. אָבער איך האָב זיך געריכט אויף אלץ. נאָכדעם ווי מיר זענען דורכגעגאנגען דעם לאנגן קאָרידאָר, האָבן זיי מיך ארייננגעפירט אין א צימער, אויף דער טיר פון וועלכן ס׳איז געווען אָנגעשריבן „קאנצעלאריא״.

דער לייטענאנט האָט זיך געזעצט ביים טיש און מיך געבעטן זיצן. ער האָט לאנגזאם פאדרייט א „טרובקע״ פון צייטונגס־פאפיר, אָנגעשאָטן מאכאָרקע און באלד ארויסגעלאָזט א געדיכטן וואָלקן־רויך. פון צייט צו צייט האָט ער געכאפט אויף מיר א קוק פון דער זייט. איך האָב נישט אויפ־געהערט אים צו באטראכטן. עפעס איז מיר זיין נאָז געפעלן געוואָרן. איך בין נישט געווען זיכער, אָבער איך האָב געהאט א געפיל, אז ער איז א ייד.

ווי איז אייער נאָמען — האָט ער מיך ווייך געפרעגט.

כ׳האָב אים געזאָגט מיין יידישן דריי־גארנדיקן נאָמען, וואָס איז פאר אַ גוי שווער נאָכצוזאָגן. איצט בין איך געווען זיכער, אַז ער איז אַ ייד, ווייל ער האָט אָן קיין שום שוועריקייט נאָכגעזאָגט מיין נאָמען, ווי אן „אייגענער״.

— איר זייט א ייד? — האָט ער מיך געפרעגט.

— געוויס בין איך א ייד — האָב איך אים שנעל געענטפערט.

ער האָט א שמייכל געטאָן.

ס׳איז מיר נישט געווען קלאָר די באדייטונג פון זיין שמייכלען. זאָל דאָס הייסן „איך אויך...״, אָדער איז ער צופרידן צו קענען רעדן מיט א פוילישן ייד.

— איז אמת — פרעגט ער מיך — אז א סך פּאָליאַקן זענען אַנטיסעמיטן?
— יאָ — ענטפער איך אים — עס איז אמת, אז א סך פּאָליאַקן זענען אַנטיסעמיטיש געשטימט. איבעריקנס זענען זיי אויך פיינטלעך געשטימט צו אַלע אַנדערע בירגער, וואָס האָבן געלעבט אין פּוילן און זענען נישט געווען קיין געבוירענע פּאָליאַקן. בכלל איז עס א פּאָלק פון גרויסהאַלטער, וועלכע גלויבן אין דער העכערקייט פון זייער „ראַסע".
— איז אמת — פרעגט ער מיך — אז א פּוילישער אַרבעטער האָט נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו קויפן א פונט צוקער פאַר די קינדער אָדער אז אין די פּוילישע דערפער פלעגט מען שפּאַלטן א שוועבעלע אויף 4 טיילן?
— אמת איז, אז א סך פּוילישע בירגער האָט זיך נישט גוט געלעבט, געוווינט, צום ביישפּיל, אין ענגע דירות. אָבער אז א שטיקל צוקער זאָל זיין א זעלטנהייט אין שטוב, אָדער מען זאָל שפּאַלטן א שוועבעלע אויף 4, דאָס האָב איך נישט געהערט.
— יאָ, אָבער נישט צוליב דעם האָב איך אייך גערופן. ווי איר ווייסט, האָט דער, אייער שכן, וואָס שלאָפט נעבן אייך אין דער צעלע, געמאַכט א פּרוּוו צו אַנטלויפן. זאָגט מיר, צי האָט איר געוווּסט, אז ער גרייט זיך צו אַנטלויפן? צי האָט ער זיך מיט אייך בּאַראָטן? און אויב יאָ, פאַרוואָס האָט איר נישט דערציילט די וועכטער וועגן דעם באַצייטנס?
— איך וועל אייך דערויף ענטפערן, אז איך האָב מיין שכן גאַנץ ווייניק געקענט, ווייל ער איז זייער א שווייגנדיקער און וויל זיך נישט טיילן מיט עמעצן מיט זיינע סודות. וואָס איך ווייס יאָ איז, אז ער איז פון וואַרשע, א סטודענט פון אוניווערסיטעט. אָבער ער האָט מיר קיינמאָל נישט געזאָגט, אז ער גרייט זיך צו אַנטלויפן.
— און איר אַליין — פרעגט ער מיך פּלוצלינג — גרייט זיך נישט צו אַנטלויפן?
כ'האָב זיך אויף אַזאַ פראַגע נישט געריכט. א ווײַלע האָב איך זיך פאַרלוירן. כ'האָב זיך אָבער שנעל באַהערשט און געזאָגט:
איך מיין, הער לייטענאַנט, אז לויפן קענען אפשר נאָר די, וואָס פילן אויף זיך א גרויסע שולד און האָבן מורא פאַר א שווערן אורטייל אין געריכט. אָבער איך וואַרט נאָר אויפן מאָמענט געשטעלט צו ווערן פאַר א משפט און איך בין זיכער, אז מען וועט מיך באַפרייען, ווייל אַזוי אומשולדיק, ווי עס זיצן דאָ די יידן, גלויב איך, איז קיינער נישט. אונדזער שולד באַשטייט נאָר אין דעם, וואָס מיר זענען אַנטלאָפן פון די דייטשישע טויט־לאַגערן, ווו די מערדער פאַרפאָלגן אַזוי אַלע יידן. מיר האָבן זיך געוואָלט ראַטעווען אויף דער רוסישער זייט און דאָ האָט מען אונדז איינגעזעצט און מען מאַטערט אונדז שוין חדשים אין טורמע. דערפאַר דאַרף קיין ייד נישט

פּרוּוון צו אַנטלויפן. מיר גלויבן, אַז איר וועט אונדז בקרוב אַלע באַפרייען.

דער לייטענאַנט האָט מיך אַ לאַנגע ווײַלע באַטראַכט מיט אַ באַדויערנדיקן בליק. כ׳האָב געפילט, אַז ער וויל נאָך עפּעס פרעגן, רעדן. אָבער ער האָט געשוויגן.

איך בין געוואָרן אַ ביסל דרייסטער און ווײַטער געפרעגט:

— זאָגט מיר, ה׳ לייטענאַנט, איך בעט אײַך, ווען וועט מען אונדז באַפרייען? צי וועט מען אונדז נאָך לאַנג דאָ האַלטן? איר ווייסט, איך האָב אין דער היים געלאָזט אַ פרוי מיט אַן אײנציק קינד, עלטערן, אַ שוועסטער און ברודער. זיי ווייסן דאָך אפילו נישט וווּ איך בין פאַרפאַלן געוואָרן. מען האָט דאָך אונדז די גאַנצע צייט נישט געגעבן אפילו די מעגלעכקייט אָנצושרײַבן אַ בריוו. זאָגט מיר, איך בעט אײַך, ווי לאַנג וועט עס נאָך דויערן?

ער האָט מיר איבערגעריסן אינמיטן רעדן און נישט זיכער אַ זאָג־געטאָן:

— געוויס וועט מען אײַך באַפרייען. מען וועט נאָר אויספאָרשן אײַער זאַך און דערנאָך וועט מען אײַך באַפרייען. איצט גייט צוריק אין אײַער צעלע און דערציילט גאָרנישט וועגן וואָס מיר האָבן גערעדט. פאַרשטאַנען?..

— יאָ, איך האָב פאַרשטאַנען.

ער האָט געעפנט די טיר, מיך איבערגעגעבן דעם שומר אין לאַנגן קאָרידאָר און געהייסן מיך פירן אין דער צעלע נומער 46.

איך בין צוגעגאַנגען צו מײַן פּלאַץ, זיך אַנידערגעזעצט אויף דער ערד און אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף די הענט. כ׳האָב דורכגעטראַכט דעם גאַנצן שמועס, וואָס איך האָב געהאַט מיטן לייטענאַנט. איך בין געווען זייער דע־נערווירט. אַלע זענען צו מיר צוגעשטאַנען, אַז איך זאָל דערציילן וואָס איז געווען מיט מיר אין דער קאַנצעלאַריע. כ׳האָב נישט געהאַט קיין חשק צו דערציילן, אַז איך האָב גערעדט מיט אַ יידישן לייטענאַנט, וועלכער פאַר־וואַלטעט אפשר מיט דער טורמע. כ׳האָב געקלערט, אַז עס וועט מיר מעגלעך נישט ברענגען קיין איבעריקן כבוד.

האָב איך זיי געבעטן מיר לאָזן צורו און איך האָב בכלל נישט גערעדט.

די זאַך האָט זייער פאַרדראָסן מײַן שכן מיטן ווײַסן בערדל. ער האָט זיך אָפּגערופן: „וואָס בעט איר זיך אַזוי ביי דעם „זשיד", ער זאָל אײַך דערציילן. איר זעט דאָך, אַז ער איז געוואָרן „זייערער אַ מענטש" קעגן אונדז...."

כ׳האָב זיך האַסטיק אויפגעשטעלט, אָנגעכאַפּט דעם אַלטן אַנטיסעמיט ביי זײַן בערדל און אים געפרעגט, צי ער וויל צומאַכן זײַן פּיסק, אַז נישט וועל איך אים אַליין צומאַכן. כ׳האָב אים אויך געדראָט מיט אײַנזעצן אין אַ קאַרצער...

עטלעכע פּאָליאַקן האָבן אונדז צענומען און אוועקגעזעצט יעדן אין אַן אַנדער ווינקל.

וואָס איך האָב געוואונען? דער עולם האָט געקריגן דרך־ארץ פאר מיר, מיינענדיק, אַז איך קען באמת עפּעס ווירקן ביים נאַטשאַלניק.

אין דער צעלע נומער 46, אין דער טורמע פון גאַמעל, זענען מיר אַזוי אָפּגעזעסן 6 וואָכן. מיט די מענטשן פון די אַנדערע צעלעס האָבן מיר זיך די גאַנצע צייט נישט געזען און אויך מיט זיי קיין קאָנטאַקט נישט געהאַט. די אָפּגעזונדערטקייט איז געווען שטרענג אָפּגעהיט. ווען מען האָט די מענטשן פון איין צעלע געפירט אין קאָרידאָר זענען אַלע אַנדערע געווען פאַרמאַכט. דער איינציקער קאָנטאַקט איז באַשטאַנען אין קורצע אויפ־שריפטן, וואָס מיר האָבן געמאַכט אויף דער וואַנט אין קלאָזעט.

א געוויסן פרימאָרגן האָט מען אַרויסגערופן צוויי מאַן פון אונדזער צעלע. זיי זענען מער נישט צוריקגעקומען. מיר האָבן צווישן אונדז אָפּ־גערעדט, אַז אויב מען וועט עמעצן פון אונדז רופן, זאָל ער אין קלאָזעט אויף דער רעכטער וואַנט אָנשרייבן וואָס מיט אים האָט פּאַסירט. צומאָרגנס האָט מען ווידער גערופן דריי מאַן און זיי זענען אויך נישט צוריקגעקומען. א טאָג שפּעטער האָבן מיר אין קלאָזעט אויף דער רעכטער וואַנט איבער־געלייענט: „באַקומען 5 יאָר, יאָזעף". א צווייטע אויפשריפט האָט גע־לויטעט: „באַקומען 8 יאָר" און זי איז געווען אונטערגעשריבן „סטעפאַן און מיכאַל".

מיר זענען ממש צעטומלט געוואָרן. מיר האָבן זיך געריכט אויף א באַפרייאונג און דאָ איז גאָר א געריכט, וואָס טראָגט אַרויס אַן אורטייל במשך א פּאָר שעה — 5 יאָר, 8 יאָר.... און פאַרוואָס?

די לעצטע פּאָר טעג האָט געהערשט אין קאָרידאָר א שטאַרקע באַוועג־גונג. טירן פון צעלעס האָבן זיך געעפנט און מען האָט געפירט מענטשן אַרויף און אַראָפּ. מיר האָבן זיך צוגעהערט צו די רייד פון די אַרויס־געפירטע אַרעסטאַנטן, ווען זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען אונדזער טיר. מיר האָבן דייטלעך געהערט — „זיי האָבן מיר געגעבן 8 יאָר לאַגער", „זיי האָבן מיר געגעבן 3 יאָר לאַגער" און אַלץ איז געווען צוגעבראָקט מיט דריי־גאָרנדיקע פּוילישע זידל־ווערטער.

יעדער פון אונדז האָט זיך געריכט, אַז באַלד קומט מען אים נעמען. יעדער איינער איז געווען נייגעריק צו וויסן וואָס פאַרא „פּאָרציע יאָרן" מען וועט אים איינטיילן.

כ'האָב זיך פאָרגעשטעלט דאָס געריכט מיט די ריכטער. כ'האָב אין געדאַנק צונויפגעשטעלט א צעטל מיט פראַגעס, וואָס די ריכטער קענען מיר פרעגן און איך האָב צוגעגרייט מיין פאַרטיידיקונג און בעיקר מיין

לעצט וואָרט, וואָס איך וועל זאָגן איידער די ריכטער וועלן ארויסטראָגן דעם אורטייל. איך בין קיינמאָל אין מיין לעבן אפילו קיין עדות נישט געווען אין א געריכט און אויסער פון לייענען וועגן געוויסע פראָצעסן, האָב איך קיין געריכט נישט געקענט און קיינמאָל עס נישט אָנגעזען פאר מיינע אויגן. כ׳האָב זיך אָבער געפילט אזוי אומשולדיק און אויך אזוי באליידיקט, אז איך האָב געגלויבט אין מיין באפרייאונג, אויב ס׳איז נאָך פאראן אויף דער וועלט כאָטש א קליין ביסל יושר...

א טאָג שפּעטער איז אריינגעקומען א וועכטער פון נ. ק. וו. ד., ארויסגעקוועטשט מיין יידישן ביינאָמען, געהייסן נעמען די זאכן און גיין נאָך אים. דאָס איינציקע, וואָס איך האָב פארמאָגט איז געווען דער מאנטל מיטן ווייסן פוטער פון אינעווייניק, ווו עס האָט זיך געראָדערט אין די קאָלטונעס. כ׳האָב אָנגעטאָן דעם מאנטל אויף די אקסלען, געזאָגט אויף ווידערזען די חברים פון דער צעלע און בין ארויסגעגאנגען נאָכן וועכטער. ער האָט מיך צוגעפירט צו דער קאנצעלאריע. עס האָבן דאָרט געוואַרט נאָך עטלעכע ארעסטאנטן. אריינגעלאָזט האָט מען אונדז איינציקווייז יעדע פינף מינוט. קיינער איז אָבער דורך דער זעלביקער טיר נישט צוריקגעקומען. ווייזט אויס, אז מען פירט ארויס דורך א צווייטער טיר...

ווען דער סאָלדאט האָט מיר אריינגעלאָזט און פארמאכט הינטער מיר די טיר, האָב איך גע׳מיינט, אז איך געפין זיך אין א פאָדערצימער פון געריכט. ביים טיש זענען געזעסן צוויי געווייגלעכע סאָלדאטן פון נ. ק. וו. ד., וואָס האָבן נישט אויסגעזען ווי ריכטער. כ׳האָב מיטן בליק געזוכט א טיר דורך וועלכער מען וועט מיך אריינפירן אין „געריכטס־זאל״.

— קום צו נענטער צום טיש, אָט א דאָ שטעל זיך... האָט מיר איינער פון די זיצנדיקע סאָלדאטן געזאָגט מיט א באפעלערישן און זעלנערישן טאָן.

כ׳האָב זיך דערנעׂנטערט צום טיש. ער האָט מיר נישט געבעטן זיצן, הגם אין דער נאָענט איז געשטאנען א בענקל נעבן טיש. ער האָט ווארשיינלעך געוואָלט וואָס גיכער פארטיק ווערן מיט זיינע „געסט״.

ער האָט מיר דערלאנגט א פירקאנטיק שטיקל פּאַפּיר, בערך 20 סענטימעטער אויף צוואנציק.

— דו לייענסט רוסיש ? — פרעגט ער מיך.

— יאָ, איך לייען רוסיש.

— לייען...

איך האָב מיט ציטערנדיקע הענט גענומען דאָס שטיקל פּאַפּיר און כ׳האָב מיט מיין בליק שנעל אדורכגעלאָפן די געשריבענע שורות. עס האָט מיר א שווינדל געטאָן פאר די אויגן. כ׳האָב נישט געקענט גוט פארשטיין, וואָס ער מיינט.

...אז דער בירגער מיטן נאָמען... איז פאראורטיילט געוואָרן לויטן פאראגראף 122 פאר אריבערגיין די גרענעץ מיט דער שטראָף פון 5 יאָר „איבערדערציאונגס־ארבעטס־לאגער".

— האָסט פארשטאנען? פרעגט ער מיך.

— ניין, איך פארשטיי נישט...

— וועל איך דיר אויב אזוי געבן צו פארשטיין, אז די „טראָיקא" האָט דיך פארמשפט אויף 5 יאָר ארבעט־לאגער פאר אריבערלויפן די גרענעץ. און איצט שרייב זיך אונטער...

— זאָגט מיר — איך בעט אייך — וואָס פארא „טראָיקא" האָט עס מיך געמשפט? איך האָב דאָך קיינעם פאר מיינע אויגן נישט געזען?..

— וואָס פארשטייסטו נישט — זאָגט ער מיר — אין מאָסקווע זיצן דריי מענטשן, וואָס מען רופט זיי „טראָיקא" און זיי משפטן „זאאָטשנאָ", אונטער די אויגן הייסט עס....

— און איך האָב נישט די מעגלעכקייט זיך צו פארטיידיקן, ווען מען נעמט מיר צו 5 יאָר פון מיין לעבן? — האָב איך געפרעגט.

— דו פרעג בעסער ווייניקער און לערן קיינעם נישט קיין שכל. האָסט געלייענט דעם אורטייל און שרייב זיך אונטער און אויב דו ווילסט נישט וועל איך אָנשרייבן, אז דו זאָגסט זיך אָפּ אונטערצושרייבן און אז דו שטעלסט זיך קעגן אונדזער סאָוויעטישן געריכט...

כ'האָב מיט א ציטערנדיקער האנט אונטערגעשריבן.

—זאָגט מיר, איך בעט אייך — האָב איך דערנאָך געפרעגט — וואָס איז אזוינס א לאגער? וואָס טוט מען דאָרט מיט אונדז?

— זאָרג זיך נישט — זאָגט ער — וועסט דאָרט בלייבן לעבן, נאָר צו קיין פרוי וועט זיך דיר נישט גלוסטן...

דער צווייטער סאָלדאט האָט צוגעלאכט פון דער חכמה, וואָס זיין חבר האָט ארויסגעזאָגט. ער האָט מיר אָנגעוויזן די טיר אין דער צווייטער זייט פון צימער, דורך וואנען איך דארף ארויסגיין. אַ סאָלדאַט האָט מיך אריינגעפירט אין א צעלע, ווו עס האָבן זיך געפונען בערך א צוואנציק מאן, אלע „אָפּ־נעמשפּטע" ארעסטאנטן, ווי איך.

וויפל האָבן זיי דיר געגעבן? האָבן עטלעכע מיטאמאָל מיך געפרעגט.

— 5 יאָר — האָב איך געזאָגט.

— אָ, ס'איז א קינדערישער טערמין — זאָגן די רוסן — „דיעטסקי סראָק"... זע, אָט זיצן דאָ מענטשן, וואָס האָבן באקומען צו 8 און צו 10 יאָר... גאנצע „טשערוואָנצעס" (א צען־רובלדיקער באנקנאָט) — האָבן אייניקע פריילעך זיך געוויצלט.

איך בין אָבער געבליבן זייער פארזאָרגט. כ׳האָב נישט באַגריפן זייער גלייכגילטיקייט צו אזעלכע לעבנס־פראגעס.

אין א ווינקל האָב איך באמערקט א דארן, אויסגעבלייכטן יידישן פנים, וואָס האָט עדות געזאָגט אויף א מענטש מיט העכערער אינטעליגענץ.

— עמך? — האָב איך געפרעגט.

— געוויס א ייד — האָט ער מיר היימיש געענטפערט — זעצט אייך אָט דאָ נעבן מיר אויף דער ערד.

— פונוואנען איז א ייד?

— איך בין פון קראקאָוו און מען רופט מיך, לאָמיר זאָגן, נ., פּראָפעסאָר אין א קראקאָווער שולע (שפּעטער האָב איך אויך געקענט זיין אמתן נאָמען).

— עס פרייט מיך זייער אייך צו קענען, כאָטש אין אזעלכע אויסטער־לישע אומשטענדן... און איך וועל זיין צופרידן צו הערן אייער מיינונג וועגן אייניקע פראגעס, וואָס דריקן אזוי אויף מיר און זענען אָן א פאר־ענטפערונג.

— זאָגט מיר צוערשט, ווו האָט מען אייך געכאַפּט?

— מיך האָט מען געכאפּט אין לעמבערג אינמיטן דער גאס צוזאמען מיט נאָך טויזנטער יידן, אנטלאָפענע פון דייטש. כ׳האָב געוואָגלט פון איין טורמע אין דער צווייטער, געוויס אזוי ווי איר, אָן קיין שום באווייזן פון שולד. היינט האָט מען מיר אויסגעלייענט, אז די באוווסטע „טראָיקאָ״ האָט מיך פאראורטיילט אויף 10 יאָר לאגער אונטערן פאראגראף ס. א. ע. — דאָס הייסט, אז איך בין א סאָציאל נישט זיכערער עלעמענט („סאָציאלנאָ אָפּאסטני עלעמענט״).

— זאָגט מיר, איך בעט אייך ה׳ פּראָפעסאָר, איר, וואָס קענט זיך אויף רעכט און גערעכטיקייט, צי עקזיסטירט ערגעץ־ווו אויף דער וועלט נאָך אזא לאנד אין וועלכן מען זאָל האלטן אומשולדיקע מענטשן לאנגע חדשים אין טורמע, און מען זאָל זיי דערנאָך משפּטן אָן א געריכט אויף יאָרן צוואנגס־ארבעט אָן דעם, אז מען זאָל זיי דערלויבן צו פארטיידיקן זיך אָדער באווייזן זייער אומשולד?

— אויב איר ווילט געפינען אן ענטפער אויף אייערע פראגעס וועגן דער אומאָרדענונג אין דעם לאנד, פון וועלכן מיר זענען אלע דירעקטע קרבנות, וואָלטן מיר באדארפט לערנען א ביסל געשיכטע. לויט די „יאָרן״, וואָס מיר האָבן היינט אריינגעכאפּט איז קלאָר, אז מיר וועלן האָבן גענוג צייט פאר דעם, אבי געזונט....

געוויס האָבן די גרינדער פון דער קאָמוניסטישער אידיי געמיינט צו שאפן עפּעס גרויסעס אויף דער וועלט, צו פארבעסערן דאָס לעבן פון ארבעטער און פון פויער, עס זאָלן נישט זיין קיין אונטערדריקער און קיין

אונטערדריקטע און צו שאפן א פארברידערונג צווישן פעלקער, אָן ראסן־שנאה. ווען מען לייענט די כתבים פון מארקסן, לענינען און פון אנדערע קאָמוניסטישע טעאָרעטיקער, קען מען זיך פאָרשטעלן, אז זייערע אידייען זענען בכוח צו שאפן א גן־עדן אויף דער ערד.

די זאך איז אָבער, אז די אלע שיינע אידייען האָבן קארל מארקס און אנדערע געשריבן זיצנדיק באקוועם אין זייערע ברייטע פאָטעלן און אין זייערע שיינע ליכטיקע קאבינעטן. די אידיי איז געגליכן — לאָמיר זאָגן — צו א גיגאנטישער מאשין פון שטאָל און אייזן און ווען מען גיט א דריק אויף אן עלעקטריש קנעפל דרייט זי זיך די מאשין אָן א ווידערשטאנד און נישט פרעגנדיק קיין קשיות...

אָט דערין באשטייט דער גרעסטער טעות פון דער געשיכטע. מען קען נישט איינשפאנען א וועלט מיט מענטשן, וואָס זאָלן זיך דרייען שנעל נאָכדעם, ווי מען דריקט דאָס עלעקטריש קנעפל, ווייל א מענטש איז נישט קיין טויט אייזן, נאָר פלייש און בלוט, מיט נערוון און מיט געפילן און יעדער איינער האָט זיך זיין באזונדערע מעטאָדע, וואָס שטרעבט צו לעבן, ווי ער וויל און ווי ער פארשטייט. דאָ איז אָבער געקומען א קליינע באנדע פאנאטיקער און מיט דער הילף פון באגנעט נעמען זיי צו די פרייהייט פון יחיד. אזוי ארום האָבן זיי דאָס גרויסע רוסלאנד פארוואנדלט נישט אין א פריי לאנד, נאָר אין א גרויסער טורמע, אין וועלכער א מענטש האָט מורא פאר זיין שכן און א פאָטער האָט מורא פאר זיין אייגן קינד. די מורא פאר אונדז אויסלענדער איז נאָך גרעסער. דערפאר איז נישטאָ פאר אונדז קיין גערעכטיקייט. אָן אונטערשיד, צי מיר זענען קרבנות פון די מערדערישע דייטשן, אָדער אנדערע. מיר טיילן איצט דעם גורל פון פאָלק פון דאָזיקן לאנד. מיר פילן איצט אויף אונדזער אייגענער הויט די ליידן פון דעם פאָלק, וואָס לעבט אין די דאָזיקע באדינגונגען שוין איבער צוויי צענדליק יאָרן, וואָס לעבט אין אן אומענדלעכער קייט פון שרעק, ווייל דער ארבעטער האָט מורא פארן דירעקטאָר, דער דירעקטאָר האָט א טויט־שרעק פארן העכערן נאטשאלניק און אזוי ביז די הויכע פענצטער, וואָס זענען ארום־גערינגלט מיט א שטארקער וואך, ווייל זיי פילן דאָרט דעם האס פון פאָלק און זיי קענען אפשר נישט גיין אויף צוריק, האָבנדיק מורא פאר שחיטות און פארן אייגענעם קאָפּ.

געבליבן איז זיי איין אויסוועג — וואָס ענגער פארציען דאָס שטריקל, וואָס שארפער מאכן די באגנעטן, כדי דאָס פאָלק זאָל ווייטער גיין אין שפאַן, אין דעם שפאן, וואָס איז דער גרעסטער בלאָף פון דער געשיכטע.

און איר זאָלט נישט מיינען, מיין טייערער ייד — האָט דער פּראָפעסאָר מיט איין אָטעם־צוג געעדט — אז מען וועט זיך דאָ מיט אונדז שפּילן.

רוסלאַנד איז זייער גרויס, עס איז פאַראַן אָרט פאַר ביליאָנען שקלאַפן, ווי מיר, אין די סטעפּעס פון סיביר. אהין וועט מען אונדז פאַרשיקן אויף שווע־רער אַרבעט, וואָס טראָגט ביי זיי דעם נאָמען פון אַן „איבערדערציאונגס־לאַגער". ווי איר זעט אָט די אַלע אָפּגעשוואַכטע מענטשן, וועלן גאַנץ ווייניק פון זיי בלייבן לעבן. עס וועט לאַנג נישט דויערן און זיי וועלן פאַלן ווי פליגן אונטער די שמיץ פון דער קאָמוניסטישער בייטש, וואָס פּרוווט דורכצופירן אַן עקספּערימענט פאַרן פּרייז פון מיליאָנען מענטשלעכע קרבנות.

— זאָגט מיר, ה' פּראָפעסאָר, זעט איר דען נישט אַ שטיקל האָפענונג, אַז מיר זאָלן זיך אַמאָל אומקערן אין אונדזערע היימען, צו אונדזערע נאָענטע?

— געוויס טאָר אַ מענטש נישט פאַרלירן די האָפענונג — האָט מיר דער פּראָפעסאָר נאָך אַ ווײַלע אָפּרו געענטפערט — דערווײַל איז איצט אַ מלחמה אויף דער וועלט און עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז אויך רוסלאַנד זאָל אַרײַנגעצויגן ווערן אין קריג קעגן דײַטש. פאַרשטייט זיך, אַז אין איצטיקן מאָמענט קען קיינער נישט פאָרויסזען ווען אַזאַ קריג קען זיך ענדיקן און מיט וועלכע רעזולטאַטן, וויפל פעלקער וועלן אָפּגעווישט ווערן פון דער לאַנדקאַרטע, ווי עס געשעט אָפט נאָך אַ מלחמה, און ווי אַזוי גרענעצן וועלן געענדערט ווערן. אָבער אויב עס וועט נאָך אַמאָל עקזיסטירן אַ פּוילן און מען וועט זיך זעצן צום טיש פון אַ שלום־קאָנפערענץ, קען יעדעס לאַנד פאָדערן אירע בירגער און דעמאָלט וועט מען, וואַרשײַנלעך, זיך דערמאָנען אין אונדז...

דערווײַל איז אָבער די האָפענונג זייער אַ ווײַטע און ווער ווייסט, צי ווער פון אונדז וועט בלייבן לעבן ביז יענער צייט....

— און איצט, ה' פּראָפעסאָר, זאָגט מיר, מיט וואָס קען מען דערקלערן די גלײַכגילטיקייט פון די אַלע מענטשן, וואָס זיצן דאָ מיט אונדז, צו די שווערע אורטיילן פון לאַנגע יאָרן תּפיסה, וואָס מען האָט זיי צוגעטיילט. צי פילן זיי נישט דאָס גרויסע אומגליק, וואָס זיי דערוואַרט? דעם אמת געזאָגט, קומט מיר איצט אויס מײַן אייגן „קוויטל", וואָס איך האָב הײַנט אונטערגעשריבן אויף 5 יאָר לאַגער, אויך ווי אַ שפּאַס...

— געוויס — ענטפערט דער פּראָפעסאָר — איז פאַר אַ מענטש פון מערב זייער שווער צו באַגרײַפן, וואָס דאָ קומט פאָר, ווײַל מיר זענען געוווינט, אַז אַפילו פאַרן קלענסטן פאַרברעכן שטעלט מען פאַר אַ געריכט און יעדער מינדערווערטיקסטער פאַרברעכער האָט דאָס רעכט זיך צו פאַר־טיידיקן און אײַנלאַדן פאַר זײַן פאַרטיידיקונג די גרעסטע אַדוואָקאַטן און ספּעציאַליסטן. אַ פּראָצעס קען דערגיין ביזן העכסטן געריכט און די פּראָ־

צעדור קען דויערן זייער לאנג. עס איז אויך פאראן א לאנגער ישוב הדעת פון אויספאָרשונגען און בּאראטונגען ביז דער אורטייל ווערט ארויסגעטראָגן.

דאָ אָבער איז נישט נאָר וואָס די מענטשן פילן זיך אומשולדיק, נאָר זיי זעען נישט אָן קיין געריכט פאר זייערע אויגן, עס זענען נישטאָ קיין געריכטס־פארהאנדלונגען, נאָר עפּעס א „טראָיקא" האָט אויסגעמאָסטן און צוגעטיילט צענדליקער יאָרן פון פארשקלאפונג. דאָס אלץ איז אומגלויבּלעך און א מענטש איז געצוואונגען עס אלץ אָנצונעמען ווי א שפּאס.

אָבער צום באַדויערן דארפן מיר וויסן, אז דער שפּאס איז א בלוטיקער און ווער ווייסט, ווי ער וועט זיך פאר אונדז ענדיקן...

נישט מער ווי צוויי טעג האָט מען אונדז געלאָזט זיצן אין דער בּייער צעלע, וואָס איז יעדע שעה אָנגעפּולט געוואָרן מיט מער און מער ארעסטאנטן. יעדעס מאָל האָט זיך די טיר געעפנט און עס זענען צוגעקומען נייע פארמשפטע. עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז מיין אורטייל איז געווען פון די לייכטסטע, ווייל דער גרעסטער טייל האָט דאָ באקומען צו 8 און צו 10 יאָר. בכלל האָבן זיך די אורטיילן אָנגעהויבן פון 3 יאָר לאגער, דערנאָך זענען געווען 5 יאָר, 8 יאָר און 10 יאָר. דער עולם האָט געשפּאסט, אז די פאראורטיילטע אויף 3 יאָר וועלן זייער צייט אָפּזיצן אין דער באַן, ווייל ביז זיי וועלן אָנקומען קיין סיביר וועט א העלפט פון דער שטראָף דורכגיין און זיי וועלן דארפן באלד צוריקפאָרן...

אויפן דריטן טאָג אינדערפרי האָט מען אונדז אלעמען ארויסגעפירט אויפן גרויסן הויף פון דער תפיסה. ביים ארויסגיין אין קאָרידאָר האָט מען יעדן איינעם זייער גענוי באזוכט צום וויפלסטן מאָל שוין... גרופּעסווייז האָט מען אונדז דערנאָך ארויסגעפירט אונטער א שטרענגער וואך פון נ. ק. וו. ד. אויפן וועג צו דער באַן. פון דער ווייטנס האָבן אונדז מענטשן נאָכגעקוקט. אייניקע האָבן מן הסתם באדויערט, אַנדערע, ווידער, האָבן מעגלעך געטראכט — „א מצווה אויף זיי, אויף די פּוילישע פּאנעס, זאָלן זיי אויך פארזוכן אונדזער טעם..."

די שטימונג איז דאָ געווען א מער רואיקע, ווי ביים אָפּפאָר פון בריסק. דאָרט האָט מען זיך געפילט נאָענט צו דער היים און מען האָט געהאָפט אויף עפּעס א נס, וואָס קען געשען, אז די אייזערנע טיר זאָל זיך עפענען... דאָ אָבער איז מען געווען אויף דער רוסישער ערד, ווייט פון דער היים, מיט אן אונטערגעשריבענעם שווערן אורטייל אויף יאָרן פון פארשקלאפונג. איז וואָס איז דער אונטערשיד — גאָמעל אָדער עפּעס אן אנדער דאָרף אין סיביר. דער עולם האָט זיך וואָס אן אמת געשראָקן פאר די סיבירער פרעסט. ווער ווייסט, צי מען וועט אויסהאלטן די קעלט? און לעבן האָט זיך אזוי שטארק געוואָלט. מיר האָבן געוואָלט איבערלעבן, ווייל ס'איז פאראן פאר

ווּעמען, פאַר אונדזערע נאָענטע און טייערע, וועלכע מיר האָבן דאָרט ערגעץ ווייט איבערגעלאָזן...

דערווייל שטופּט אונדז דער סאָלדאַט אונטער. שנעלער אין דעם רויטן פּראַכט־וואַגאָן אַריין. ער האָט שוין אָפּגעציילט 30, פאַרמאַכט די ברייטע טיר און פאַרריגלט די אייזערנע קליאַמקע פון דרויסן. דער עולם האָט זיך שנעל איינגעאָרדנט אויף די נאַרעס פון 2 שטאָק, וואָס זענען געווען צונויפגעקלאַפּט פון ברעטער. ווער עס האָט נישט געהאַט קיין אָרט אויף די נאַרעס האָט געפונען אַ פּלאַץ אויף דער פּאָדלאָגע פון וואַגאָן. כ׳האָב געהאַט דאָס גליק צו ליגן ביים פאַרקראַטעוועטן פענצטערל, וואָס איז געווען באַשלאָגן מיט שטעכעדיקן דראָט.

דורכן פענצטערל האָב איך געזען, ווי מען ברענגט אַלץ מער און מער גרופּעס מיט אַרעסטאַנטן, שטאַרק באַוואַכטע פון נ. ק. וו. ד. זיי ווערן גלייך איינגעטיילט אין די וואַגאָנעס פון עשאַלאָן, די טירן ווערן פאַרריגלט.

די פאַרמשפּטע אַרעסטאַנטן האָבן אין דער שטיל זיך באַזעצט אָדער זיך אויסגעלייגט אויף זייערע האַרטע געלעגערס. אונטערגעשפּאַרט די האַנט אונטערן קאָפּ אויף די דאַרע ברעטער, איז דער עולם געוואָרן פאַרזונקען אין מחשבות — ווער וועגן דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט און ווער עס האָט געפּרוּווט זיך פאָרצושטעלן די אָנקומענדיקע יאָרן פון זיין שטראָף — מיט אַ פולשטענדיקער רעזיגנאַציע...

ס׳איז שוין געווען שפּעט ביינאַכט, ווען דער צוג האָט גערירט פון אָרט. נישט געקוקט אויפן יאוש האָט זיך יעדער אינטערעסירט אין וועלכער ריכטונג מען פירט אונדז. ווען מיר זענען דורכגעפאָרן באָברויסק און מאָגילעוו האָבן אייניקע פון אונדז געזאָגט, אַז מען פירט אונדז אין דער ריכטונג פון לענינגראַד. צומאָרגנס זענען מיר אָנגעקומען אין אָרשע. דאָ האָט דער צוג לאַנג מאַנעווורירט אויף זייטיקע ליניעס ביז מיר זענען געבליבן שטיין צווישן צוויי, ענלעכע צו אונדזערן, צוגן מיט אַרעסטאַנטן. דער עולם האָט אָנגעהויבן אַריבערצושרייען און אויסצופרעגן צי עס זענען אין די אַנדערע צוגן פאַראַן באַקאַנטע, אפשר קרובים. יעדע פּאָר מינוט האָט זיך דערהערט אַ ווייטיקלעכער אויסגעשריי פון אַ באַקאַנטן אָדער פון אַ קרובֿ, וואָס האָט זיך געפונען אין איינעם פון די פאַרשלאָסענע וואַגאָנעס פון צוג, וואָס איז געפאָרן אין דער זעלביקער ריכטונג.

איך זע ווי פון אַ פענצטער פון קעגנאיבערדיקן וואַגאָן שטרעקן זיך הענט און אַ חנעוודיק יונג מיידל שרייט מיט אַלע כוחות אויף יידיש: „מיכאל, וואָס ווייסטו פון דער מאַמע און פון דער שוועסטער”... פון די איבעראַשטע און דערשראָקענע אויגן גיסן זיך טרערן...

עס לויפט אָן דער סאָלדאט מיטן שטעכעדיקן שפּיז אויף דער ביקס און שרייט:

— נעם אריין די הענט, דו פּוילישע זונה, ווייל איך האק זיי דיר אָפּ ביידע.

דאָס מיידל כאַפּט אריין די הענט און צעשניידט זיך דאָס לייב ביי די שטעכעדיקע דראָטן. דאָס בלוט גיסט זיך פון די הענט און זי הערט נישט אויף צו וויינען און צו שרייען.

— מיכאל, ווו איז די מאמע ?...

ס׳איז געווען זייער ווייטיקלעך צו קוקן אויף די וואגאָנעס מיט די פארמשפּטע פרויען. פארוואָס האָט מען זיי גענומען ? פאר וועלכע זינד ?

אין אָרשע איז, ווייזט אויס, געווען די סטאציע פון אפּראָוויזאציע פאר אלע עשאלאָנען מיט די ארעסטירטע. מען האָט אונדז אריינגעטראָגן א זעקל מיט צעשניטענע שטיקלעך ברויט — פאר יעדן צו איין שטיקל — און א קעסעלע מיט קליינע געזאלצענע פישלעך, וועלכע מען רופט „קאָמסא״. מען האָט אונדז אויך געבראכט צוויי קעסעלעך וואסער. וועגן וואשן זיך איז קיין רייד נישט געווען, אָבער צו טרינקען איז אויך געווען ווייניק, ווייל פון די געזאלצענע „קאָמסא״־פישלעך האָט זייער געדורשט. כ׳האָב דורכן פענצטער געבעטן ביים סאָלדאט א ביסל וואסער, האָט ער מיר געענטפערט מיט אזא לשון:

— אויב דו וועסט פגרן, וועט מען געפינען א פּלאץ פאר דיר. דער־וויל זיץ און שווייג...

עס האָט נישט געהאָלפן דאָס געשריי פון די דורשטיקע פון אלע וואַ־גאָנעס. דער עולם האָט אָן אויפהער געשריגן — „וואסער, וואסער, וואסער״... קיין וואסער האָט מען זיי אָבער נישט געגעבן.

אין יעדן וואגאָן האָבן די וועכטער צוגעשטעלט די זעלביקע פּייקעס ברויט מיט די זעלביקע געזאלצענע הערינגלעך. טרינקען האָט קוים גע־סטייעט פאר יעדן איינעם א ביסעלע.

אזוי האָבן מיר זיך אויסגעמאטערט אכט טעג צייט ביז מיר זענען אָנגעקומען אין דעם בארימטן קאָטלאס.

# דער שקלאַפן־צענטער קאָטלאַס

ווער פון די הונדערטער טויזנטער פאַרמשפּטע ווייסט נישט צו דערציילן עפּעס וועגן קאָטלאַס.

ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין קאָטלאַס האָבן מיר נישט געזען קיין שטאָט, נישט קיין גאַסן און נישט קיין ציווילע באַפעלקערונג. פון דער באַן האָט מען אונדז אַריינגעפירט דירעקט אין א פאַרצוימטן לאַגער. די פאַרצוימונג איז געווען אַזוי ברייט און לאַנג, אַז דאָס אויג האָט נישט דערזען דעם סוף. הויכע טורעמס מיט רעפלעקטאָרן ארום דער פאַרצוימונג האָבן ביינאַכט נישט אויפגעהערט צו וואַרפן אַ שטאַרק ליכט אין אַלע זייטן, כדי צו קאָנטראָלירן צי עמעצער וואגט נישט אַמאָל צו אַנטלויפן. אַ מיליטערישער וועכטער מיט אַן אויטאָמאַט אין דער האַנט איז געווען אין יעדער סעקונדע גרייט צו שיסן, ביים מינדעסטן חשד, אז עמעצער גרייט זיך צו אנטלויפן.

אויפן גרויסן מיט שטעכעדיקע דראָטן ארומגעצוימטן פלאַץ זענען געווען אַ סך באַראַקן, אלטע און ניי־געבויטע. עס זענען אויך געווען שענערע הייזער, באשטימט פאר דער לאגער־וואַך און פאַר די ביוראָען פון דער פאַרוואַלטונג. אין אייניקע ערטער זענען איינגעאָרדנט געוואָרן קיכן, אין וועלכע מען האָט געקאָכט אַ „באַלטושקע" פאר די געפאנגענע.

אונדז האָבן זיי אריינגעפירט אין אַן אלטן הילצערנעם באַראַק, אָן טירן און אָן פענצטער. עס האָט אויסגעזען ווי אַ שטאַל פאַר בהמות. פון ביידע זייטן באראק זענען געווען שטאָקיקע נאַרעס פון ברעטער. דאָ אויף די האַרטע האַלב־פאַרפוילטע ברעטער האָבן די פאַרמשפּטע געקענט אויסציען זייערע דאַרע ביינער. ס'איז קיין זאַך נישט געווען צו אונטערלייגן אונטער די מידע גופים און קיין זאך נישט צו צודעקן זיך. קיינער האָט זיך נישט אויסגעטאָן און ממילא האָט מען פארשפּאָרט די אַרבעט פון אָנטאָן זיך. אין די לעכער פון די פארפוילטע ברעטער האָבן געראָיעט מיליאָנען וואַנצן און אַנדערע אינזעקטן, וואָס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו די פריש־געקומענע קערפּערס און אויסגעזויגן פון זיי די

לעצטע טראָפּנס בלוט. ס׳איז נישט געווען קיין שום מיטל זיי צו פאַרטרייבן.

די נעכט זענען געווען אימהדיק לאַנג, ווייל קיינער האָט נישט געקענט איינשלאָפן, די וואַנצן, גרויסע ווי ווערעם, האָבן געביסן און געריסן פון אונדז שטיקער. דער ווינט דורך די אָפענע טירן האָט אַ גאַנצע נאַכט געוואָיעט, ווי עמעצער וואָלט באַוויינט אַ טויטן. אויף די נאַרעס האָבן מיר זיך געטוליעט איינער צום צווייטן, כדי זיך צו דער־וואַרעמען. ביז מען האָט אין מאַטערניש זיך דערוואַרט דעם טאָג האָט לאַנג געדויערט. אינדערפרי האָט מען שוין באַקומען אַ ביסל וואַסער זיך אָפּצוּוואַשן און דערנאָך איז מען געשטאַנען אין לאַנגע רייען צו קריגן אַ ביסל וואַרעם וואַסער מיט אַ שטיקל ברויט. אויף מיטאָג האָבן מיר געהאַט די „באַלטושקע", וואָס איז באַשטאַנען פון אויפגעקאָכט וואַסער, פאַרמישט מיט אַ ביסל שווארצע ראַזאָווע מעל און דאָס אויך נישט צו דער זאַט.

מענטשן האָבן מיר דאָ געזען אַ סך. ממש, אַ ים פון מענטשן, פון אַלע קאָלירן און מיט פאַרשידענע שפּראַכן. קאַטלאָס איז געווען דער קעסל פון אַלע לאַגערן. דאָ איז געווען דער „ראַזדיעלטשי פּונקט" — דער פאַרטיילונגס־פּונקט, ווי די פּאַליאַקן האָבן געזאָגט. יעדן טאָג זענען אַהער אָנגעקומען עשאַלאָנען מיט טויזנטער געפאַנגענע און פונדאַנען האָט מען זיי צעשיקט אין די טויזנטער לאַגערן, וואָס זענען צעשפּרייט איבער גאַנץ רוסלאַנד. דאָ האָט מען אויך געמאַכט די סעלעקציע לויטן עלטער און לויטן אויסזען. אַ ייִנגערן האָט מען געשיקט אויף שווערער קאַטאָר־זשנער אַרבעט, אַן עלטערן, אָן כוחות — אויף לייכטערער אַרבעט. יעדן טאָג זענען אָנגעקומען געפאַנגענע און יעדן טאָג האָט מען אָפּגעשיקט קאַטאָרזשניקעס.

די אַדמיניסטראַציע האָט געאַרבעט פּלייסיק, קאַלט און אָן נערוון, ווי אַ מאַשין פון אייזן, אָן קיין שום געפילן. נישט קיין מענטשן האָט מען דאָ סאָרטירט, נאָר נומערן.

אויך די געפאַנגענע האָבן זיך געפילט ווי נומערן און נישט ווי מענטשן. שוין דאָ איז די מענטשלעכע ווירדע געבראָכן געוואָרן. דער מענטש האָט זיך דאָ געפילט נידערגעשלאָגן, זיין „איך" אָפּגעטעמפּט. קיינער האָט נישט געשטעלט קיין פראַגעס און נישט געזוכט קיין יושר. נאָר כוח האָט דאָ געהערשט, כוח, וואָס זיגט און וואָס געוועלטיקט. געבליבן איז נאָר די חיה, וואָס אין מענטש. דאָס פּראָבלעם פון עסן איז געווען דער עיקר. יעדער האָט זיך אָנגעשטרענגט צו באַקומען עסן מיט

אַלע מיטלען. מענטשן פלעגן אָפּגעבן אַ טייל פון זייערע מלבושים און עס אויסגעטוישט אויף עסן. אנדערע האָבן געבעטלט ביי די קוכערס אַ פּאָר קאַרטאָפל, אַ ביסל שאָלעכץ פון קאַרטאָפל איז אויך געווען גוט, ווייל מען האָט עס געקענט אָפּקאָכן מיט וואַסער אין אַ שאַכטל און זופן, אַבי נישט שטאַרבן פון הונגער, אַבי דערהאַלטן די נשמה.

צום ערשטן מאָל האָבן מיר דאָ געטראָפן אויף רוסישע פאַרמשפּטע. זיי האָבן זיך בעסער אַן עצה געגעבן ווי מיר. קודם כל איז ביי זיי די שטימונג געווען שטענדיק אַ גוטע. ביי זיי איז געווען נאָרמאַל „אַריינ־צוכאַפּן" אַ „צענערל יאָרן". אין גרעסטן טייל זענען עס געווען גנבים אָדער מערדער. די וואַך פון נ. ק. וו. ד. האָט צו זיי געהאַט מער צוטרוי ווי צו די אויסלענדישע געפאַנגענע און זיי האָט מען גלייך אָנפאַרטרויט פאַרשידענע פּאָסטנס אין לאַגער. אַ דאַנק דער דאָזיקער פּאָזיציע האָבן זיי געקענט שטיצן איינער דעם אַנדערן און ווען עמעצן פון זיי האָט עפּעס געפעלט האָט ער אויך דאָ, אין לאַגער, געגנבעט. זיי האָבן זיך געוויצלט איבער די נאַרישע פּאָליאַקן, וואָס פאַרשטייען נישט דאָס רוסישע „לעבן".

— האָב נישט קיין מורא — זאָגט אַ רוס — עס איז נאָר שלעכט די ערשטע 25 יאָר. דערנאָך וועסטו זיך צוגעוווינען... און אויב דו וועסט זיך נישט צוגעוווינען, וועסטו פּגרן...

בלויז עטלעכע טעג זענען מיר געווען אין קאָטלאַס. זיי האָבן אונדז נישט געפירט צו קיין אַרבעט, אויסער העלפן אין דער קיך און דאָס האָט יעדער פון אונדז גערן געטאָן. אַ דאַנק דעם האָבן מיר געהאַט רעכט צו גיין אַרום דעם באַראַק און מיר האָבן די שפּאַצירן זייער גערן אויסגענוצט נאָך די לאַנגע חדשים פון זיצן אין די טורמעס און נאָך דער לאַנגער רייזע אין די פאַרשלאָסענע וואַגאָנעס.

אַרום 15־טן אויגוסט האָט מען אונדז אין אַ פרימאָרגן צוגעפירט צו אַ טויער פון לאַגער. מיר זענען געווען אויסגעשטעלט אין אַ לאַנגער ריי, איינער הינטער דעם אַנדערן. פאָרשטייער פון נ. ק. וו. ד. זענען געזעסן ביי טישלעך און יעדן איינעם אויסגעפרעגט זיין נאָמען, עלטער, פאַרוואָס מען איז פאַרמשפּט. אַ סך פון די אַרעסטירטע האָבן אויף דער לעצטער פראַגע געענטפערט, אַז זיי ווייסן נישט פאַר וואָס זיי זענען פאַרמשפּט געוואָרן. אַנדערע האָבן אויך צוגעגעבן, אַז זיי האָבן בכלל קיין געריכט נישט געזען.

אַ שאַרפער בליק פון אומצוטרוי איז געווען דער ענטפער און דאָס

האָט געדאַרפט באדייטן: „מיר ווייסן שוין, מיר קענען אייך"... און „דאַוואַי דאַלשע", ווייטער...

ווען מיר זענען דורכגעגאנגען דעם טויער האָבן מיר זיך געפונען אויף א גרויסן פלאץ ביים ברעג פון אַ טייך. אויפן טייך זענען געווען אויסגעשטעלט א סך שיפן — „באַרזשעס", ווי מען רופט זיי דאָרט. אַרום אונדז איז געווען אַ שטאַרקע שמירה פון סאָלדאטן מיט הינט, מיט ביקסן אין די הענט, גרייטע צו שיסן ביי יעדן ריר פון עמעצן אין א זייט. ביז מיטאג־צייט האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אויפן פלאַץ אפשר אַ טויזנט ארעסטאנטן. עס האָט זיך אָנגעהויבן די אָנלאָדונג פון די מענטשן אויף די באַרזשעס.

דער טאָג איז געווען א כמורנער ווי כמורנע עס איז אונדז געווען אויף דער נשמה. אין דער לופט איז געהאָנגען אַ שטורעם מיט אַ שלאקס־רעגן. די ערד איז דאָרט אַ ליימיקע און תמיד דורכגעווייקט מיט וואסער. ס'איז געווען זייער שווער צו גיין אין דעם זומפיקן ליים, אין וועלכן די פיס זינקען איין.

די באַרזשע, צו וועלכער זיי האָבן אונדז צוגעפירט, איז געווען באדעקט מיט א לייוונטענעם דאך. א שמאָלע ברעט איז געווען איבערגעווארפן פון ברעג ביז צו דער באַרזשע. איינציקווייז זענען מיר געגאַנגען אויפן ברעט און עמעץ האָט דערביי געציילט די קעפּ. די בארזשע איז פול געוואָרן מיט מענטשן. מיר האָבן זיך אויסגעזעצט אויפן דעק איינער נעבן צווייטן. אויסציען א פוס איז געווען אוממעגלעך, צוליב דער ענגשאפט. אינמיטן דער באַרזשע איז געשטאַנען א הילצערנער פאַס מיט וואַסער, פון וועלכן יעדער האָט דאָס רעכט צו טרינקען. אבער צוגיין צו דעם פאַס איז נישט געווען לייכט, ווייל מען האָט געמוזט גיין איבער פיס און איבער קעפּ.

עטלעכע יידן האָבן זיך צוזאַמענגענומען. מיר האָבן אָפּגעזוכט א ווינקל אויף דער באַרזשע — צווישן אייגענע פילט מען זיך בעסער. נעבן מיר איז געזעסן דער פינסקער ייד ש. און דער בלאָסער, ווילער בחור פון לאָמזשע ב., וועלכער האָט געקענט דאָס גאנצע דאַווענען פון אויסנווייניק און האָט נישט אויפגעהערט צו זאָגן קאפיטלעך תהלים. ער האָט אויף מיר געמאכט אן איינדרוק פון יונה הנביא, וועלכער טוט תשובה אין די אינגעווייידן פון דער פיש. עס זענען נאָך געווען אין דער גרופּע אייניקע יידן.

אין אָוונט האָבן מיר באַקומען דעם ערשטן פּאַיאָק, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי שוואַרצע סוכאַרעס מיט אַ שטיקל געטריקנטע פיש. נאָך

אַ גאַנצן טאָג פּאַסטן האָבן מיר זיך דערצו צוגעכאַפּט און דערנאָך פּאַר־טרונקען מיט וואַסער, וואָס מיר האָבן געשעפּט מיט אַ פּושקע פון דער פּאַס.

די נאַכט איז צוגעפאַלן און אונדזער באַרזשע האָט זיך נאָך נישט גערירט פון אָרט. פונדערווייטנס הערן מיר, ווי מען פירט צו נאָך מענטשן אין די דערבייאיקע באַרזשעס.

דער שטורעם איז אויסגעבראָכן מיט אַ שלאַקס־רעגן, פּונקט ווי אַ מבול. מיר זענען געווען צופרידן צו זיצן אונטער אַ דאַך אויף דער באַרזשע. אויפן פּלאַץ ביים טייך זענען נאָך געשטאַנען אַ סך אַרעסטאַנטן אין דער דורכגעווייקטער ליימיקער בלאָטע אונטער דעם שלאַקס־רעגן און זיי האָבן געשריגן מיט די לעצטע כחות, געבעטן זיך, מען זאָל זיי אַריינלאָזן אין די באַרזשעס וואָס שנעלער. אַ גאַנצע נאַכט האָט דאָס געשריי נישט אויפגעהערט. אָן אויפהער האָט מען די גאַנצע נאַכט געפירט מענטשן און אָנגעלאָדן אויף די באַרזשעס.

קיינער פון אונדז איז די נאַכט נישט געשלאָפן. מיר האָבן זיך צוגעהערט מיט ווייטיק צו די געשרייען פון די הונגעריקע, קראַנקע, דורכגעווייקטע פון רעגן און אומגליקלעכע, וואָס מען פירט אינמיטן דער נאַכט איבער די נאַסע ליימיקע פעלדער צו די באַרזשעס.

די באַרזשעס זענען וואַרשיינלעך די זעלביקע, וואָס האָבן איז די צייטן פון צאַר ניקאָליי איבערגעפירט טויזנטער קאַטאָרזשניקעס קיין סיביר. איצט פירן די „באַפרייער פון פעלקער" מיט די זעלביקע באַרזשעס הונדערטער טויזנטער אומשולדיקע קאַטאָרזשניקעס צו די זעלביקע סטעפּעס אויף צוואַנגס־אַרבעט.

עס דערמאָנט זיך מיר די צייט פון די צוואַנציקער יאָרן, נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע, ווען אונדזער גרויסן דיכטער חיים נחמן ביאַליק איז געלונגען אַרויסצופאָרן פון סאָוויעטישן גן־עדן און אָנצוקומען אין פּוילן. מענטשן האָבן געפרעגט זיין מיינונג וועגן היינטיקן רוסלאַנד. ביאַליק האָט געענטפערט, אַז במשך 150 יאָר איז דער רוסישער חזיר געלעגן אויף איין זייט און איצט האָט ער זיך איבערגעדרייט אויף דער צווייטער זייט...

געוויס איז די פאַרשקלאַפונג אין נייעם רוסלאַנד אַ סך מאָל גרעסער, ווי זי איז געווען. דער אונטערשיד איז נאָר, וואָס עס קלינגען נישט די אייזערנע קייטן אויף די הענט און אויף די פיס.

ערשט אין דער פרי איז אונדזער באַרזשע אָפּגעשווומען. לאַנגזאַם האָט זיך די באַרזשע געגליטשט איבער די וואַסערן פון טייך וויטשעגדאַ.

דעם ערשטן טאָג האָבן זיך אַלע נייגעריק צוגעקוקט, באַטראַכט דעם ארום, געזוכט באַקאַנטע פּנימער מיט דער האָפענונג צו דערזען אַן אייגענעם, אַ באַקאַנטן. דער עולם האָט זיך אויסגעלייגט אויף דער פּאַדלאָגע אין קליינע גרופּעס און געשמועסט.

א סך פּאָליאַקן האָבן זיך גרופּירט ארום דעם אלטיטשקן, אויס־געדארטן פּראָפעסאָר ל. פון ווילנע. ער האָט פאַר יעדן געהאַט אַ טרייסט־וואָרט, ער האָט געמונטערט און נישט געלאָזט פאַרלירן די האָפענונג, אז מען וועט נאָך צוריק זען פּוילן...

זייער אקטיוו איז אין יענע טעג אויף דער באַרזשע געווען דער הארציקער דאָקטאָר ס. פון האָשטיר, א שטעטל נעבן ביאַליסטאָק. שוין אויפן צווייטן טאָג זענען אַ סך פון די „פּאַסאַזשירן" קראַנק געוואָרן אויפן מאָגן פון עסן די טרוקענע געזאַלצענע פיש און טרינקען דאָס קאַלטע וואַסער. פון אַלע זייטן האָבן מענטשן געקרעכצט. דער דאָקטאָר ס. איז געלאָפן פון איינעם צום אנדערן מיט זיינע פּאָר פלעשלעך מעדיקאַמענטן אין דער האַנט און יעדן געגעבן אַ פּאָר טראָפּנס מיט א צוגאָב פון עטלעכע גוטע ווערטער.

די צוויי קלאָזעטן האָבן זיך געפונען אין דער הויך, אויפן דעק פון שיפל. אַ גאַנצע נאַכט איז געשטאַנען אַ לאַנגע ריי מענטשן, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן פאַר די בייכער פון ווייטיק און געוואַרט אויף דער מינוט צו קענען דערליידיקן זייער מענטשלעכע באַדערפעניש.

דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן האָב איך געחלשט פון בויך־ווייטיק. ווען כ'האָב זיך געשטעלט אין דער ריי צום קלאָזעט, האָב איך זיך שוין געפילט שלעכט. עס האָט געדויערט א פּאָר שעה ביז עס איז געקומען מיין ריי אריינצוגיין דורך דער טיר אויפן דעק פון דער שיף. און איך בין געפאַלן...

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט בין איך שוין געלעגן אויף מיין פּלאַץ אויף דער פּאַדלאָגע. מיינע שכנים, די יידן, האָבן מיך באַגאָסן מיט וואַסער און דאָס וואַסער האָט מיך אויפגעוועקט. באַלד איז צוגעקומען ד"ר ס. און מיר געגעבן עטלעכע טראָפּנס וואַלעריאַנע. כ'האָב געעפנט די אויגן און כ'האָב זיך צעוויינט. כ'האָב באַטראַכט מיין מצב און טרערן האָבן זיך מיר געגאָסן פון די אויגן. ד"ר ס. האָט מיר געגלעט איבערן קאָפּ, ווי אַ קליין קינד. ער האָט מיר שטיל אַ זאָג געטאָן — „וויין נישט, מיר וועלן זיי אויך איבערלעבן, נאָר נישט פאַרלירן דעם מוט און די האָפענונג. שטאַרק זיך, כדי צו זיין געזונט".

פון די בערך 200 מענטשן פון אונדזער באַרזשע איז דער גרעסטער

טייל געווען קראַנק. עס זענען אויך געווען שווער קראַנקע. יעדן טאָג פלעגט זיך די באַרזשע אפשטעלן ביי אַ ברעג אויף וועלכן מען האָט אַראָפּגעטראָגן די טויטע — און ווייטער אין וועג. יעדן טאָג זענען געווען טויט־פאַלן.

צווישן דער קליינער צאָל געזונטע האָבן אַ סך געליטן הונגער. זיי האָבן נישט געהאַט געגוג די צוויי סוכאַרעס מיטן שטיקל געטריקנטן פיש. אייניקע פון זיי האָבן ביינאַכט אויסגעפונען דעם זאַק מיט די סוכאַרעס און אָנגעגעסן זיך צו דער זאַט. אינדערפרי האָבן די סאָלדאַטן פון נ. ק. וו. ד. דערזען דעם צעריסענעם זאַק, בעת דער רעוויזיע האָבן זיי ביי צוויי פּאָליאַקן געפונען סאַכאַרין. מען האָט זיי אַרויפגעפירט אויפן דעק און מערדערלעך געשלאָגן. זייערע געשרייען האָט מען געהערט פון דער ווייטנס. די צוויי פאַרבלוטיקטע און געחלשטע האָט מען געבונדן די הענט און די פיס מיט שטריק און צוגעבונדן זיי צו אַ סלופּ. זיי זענען אַזוי געבליבן צוגעבונדן 24 שעה. אלע זענען פאַר־בייגעגאנגען זיי צו זען און צו באַדויערן. מיט וואָס האָבן מיר זיי געקענט העלפן אויסער מיט מיטגעפיל?

צען טעג האָט זיך אונדזער באַרזשע געשלעפּט. אַרום 25־טן אויגוסט האָבן מיר זיך אפגעשטעלט אין קאָיקינא. ווער עס האָט נאָר געקענט גיין האָט מיט פאַרגעניגן פאַרלאָזט די ענגע באַרזשע און געשפּרייזט איבערן ליימיקן ברעג. די קראַנקע האָבן מיר געהאָלפן אַראָפּטראָגן און זיי געלייגט אויפן ברעג פון טייך. לאַסט־אויטאָס זענען אָנגעקומען און צוגענומען די קראַנקע און שוואַכע, וואָס האָבן נישט געקענט גיין. די אַנדערע, כלומרשט געזונטע, האָט מען אויסגעשטעלט אין רייען און געפירט אין דער ריכטונג פון אוכטאַ. מיר זענען דורכ־געגאַנגען אַ דאָרף, אין וועלכן די הייזער זענען געווען געבויט זייער הויך פון דער ערד, ווייזט אויס צוליב דעם נאַסן גרונט, וואָס ווערט קיינמאָל נישט טרוקן. די עטלעכע פויערים, וואָס מיר האָבן דערזען, זענען זיך צעלאָפן. האָבן זיי מורא געהאַט זיך צו טרעפן מיט אונדז, אָדער מיט די נ. ק. וו. ד.־סאלדאטן?

דער וועג איז געווען אַ שווערער און לאַנגער. מענטשן זענען אָפט געפאַלן פון מידקייט. די לאַסט־אויטאָס האָבן זיי אויפגענומען און די סאָלדאַטן האָבן זיי באַגלייט מיט זידל־ווערטער.

שפּעט באַכמיטאָג זענען מיר אָנגעקומען אין אַ לאַגער. ער האָט געהאַט א הויכע פאַרצוימונג פון שטעכעדיקע דראָט. אין די פיר עקן זענען געווען די הויכע טורעמס, אויף וועלכע עס זענען געשטאַנען

וועכטער מיט ביקסן אין די הענט.ביים אַריינגאַנג אין טויער האָט אונדז אויפגענומען א מעדיציניזשע קאָמיסיע, האָט אונטערזוכט יעדן באַזונדער דאָס הארץ, די מוסקולן, די פעאיקייט צו ארבעט. זיי האָבן געמאַכט אַ סעלעקציע און איינגעטיילט דעם עולם אין באזונדערע גרופעס. יעדע גרופע איז דערנאָך אָפּגעפירט געוואָרן אין אַ באזונדערן באַראַק. דאָס ערשטע מאָל נאָך 10 טעג האָבן מיר דאָ פאַרזוכט אַ ביסל וואַרעמע זופ, אַ ביסל הייסע וואַסער. ווידער אַ מאָל האָט זיך יעדערער איינגעארדנט אויף די נאַרעס, כדי אוסצורוען די מידע ביינער. איצט איז שוין מער קיינער נישט געווען נייגעריק צו וויסן, וואָס מען וועט ווייטער מיט אונדז מאַכן. ס'איז געווען אלץ איינס...

די רוסישע אַרעסטאנטן, וואָס זענען געווען מיט אונדז האָבן געזאָגט, אַז מען פירט אונדז ביז דעם טייך פיעטשאָראָ און דאָרטן וועלן מיר דאַרפן בויען די נייע באַן־ליניע אין דער לענג פון 700 קילאָמעטער.

דער עולם האָט זיך דערוויל געגרייט צו אויסרוען זיך די נאַכט אויף די האַרטע ברעטער נאָך די 10 טעג פון שווימען אויפן טייך און נאָכן לאנגן מארש א גאנצן טאָג איבער דעם ליימיקן וועג.

## א מדינה פון אינטערנירטע אין די טייגעס פון סיביר

די נאַכט איז שנעל צוגעפאַלן און אַלע האָבן ביסלעכווייז איינגע־דרימלט. פּלוצלונג האָט אונדז אויפגעוועקט א געשריי. ביי דער טיר איז אויסגעבראָכן א געשלעג.

עטלעכע רוסישע אַרעסטאַנטן האָבן זיך אַריינגעריסן אין באַראַק און ממש מיט געוואַלד און מיט כוח געשלעפּט די מלבושים פון די שלאָפנדיקע. די איבערפאַלן האָבן זיך במשך דער נאכט אייניקע מאָל איבערגעחזרט. מיר האָבן באַשלאָסן צו וואַכן און אכטונג געבן, אז זיי זאָלן ביי אונדז נישט צונעמען דאָס לעצט שטיקל מלבוש, וואָס איז יעדן פון אונדז געבליבן.

אינדערפרי זענען גרופּעס אַרעסטאַנטן אַרויפגעזעצט געוואָרן אויף לאַסט־אויטאָס, וואָס זענען געווען באַוואַכט פון באַוואָפנטע זעלנער. דאָס זענען געווען די יינגערע, וועלכע מען האָט מיט א טאָג פריער סעלעקציאָנירט. מיר האָבן געפילט אַז מיר זענען נאָענט צום אַרבעט־פּלאַץ. קיין באַן זעט מען דאָ נישט. אָבער דער וואַלד איז אויסגעהאַקט אויף אַ ברייט פון א באַן־ליניע און פון אַן אויטאָ־שאָסיי, וואָס מען גרייט זיך דאָ איצט צו בויען. דערווייל זענען די לאַסט־אויטאָס געפאָרן איבער א וועג מיט אויסגעלייגטע געשפּאָלטענע ביימער. די שאָפערן זענען געווען זייער פּאָרזיכטיק, כדי נישט אריינצופאַלן מיט אַ ראָד אין זומפּ.

דורכפאָרנדיק האָבן מיר אויפן וועג געזען אַ סך לאַגערן, אַרומגע־צוימטע מיט שטעכעדיקע דראָטן. יעדע צוויי קילאָמעטער בערך איז געווען אַ לאַגער. אין אייניקע פון זיי זענען שוין געווען אויסגעבויטע באַראַקעס. אין די אנדערע לאַגערן האָבן זיך די אַרעסטאַנטן אַרומגעדרייט פּונקט ווי בהמות, תמיד אונטער א שטרענגער וואַך פון באַוואָפנטע זעלנער.

נאָכדעם ווי מיר זענען עטלעכע שעה אָפּגעפאָרן מיט די לאַסט־אויטאָס, האָט מען אונדז אַראָפּגעלאָזט אויף אַ פעלד. די ערד איז געווען

נאס. אין יענער געגנט איז דעם 1־טן סעפּטעמבער שוין גאַנץ קאַלט, בפרט אין די נעכט.

אַ באַזונדערער לאַסט־אויטאָ האָט געבראַכט שטעכעדיקע דראָט. אַ פּאָליטרוק האָט פאַר אונדז געהאַלטן די ערשטע רעדע אין לאַגער:

— איר זאָלט וויסן, אַז דאָ אויפן פּלאַץ וועט זיין אייער לאַגער. דאָ וועט איר בויען אייערע באַראַקעס, אין וועלכע איר וועט וווינען און פון וועלכע איר וועט גייז צו דער אַרבעט. איר דאַרפט אויך וויסן, אַז דער לאַגער וועט זיין שטרענג באַוואַכט און יעדער פּרווו צו איבער־גיין די דראָטן וועט זייער שטרענג באַשטראָפט ווערן. ווער עס וועט פּרוּוון צו אַנטלויפן וועט אויפן אָרט דערשאָסן ווערן. איר דאַרפט וויסן, אַז מען האָט אייך דאָ געבראַכט, כדי אָפּצואַרבעטן אייער שטראָף. מיט אייער פלייסיקער אַרבעט וועט איר באַווייזן, אַז נאָך דער באַפרייאונג וועט איר זיך קענען אויסלעבן אַלס פרייע בירגער אין אונדזער גרויסן סאָוויעטישן פאַטערלאַנד.

אין אַ פּאָר שעה אַרום זענען מיר שוין געווען אַרומגערינגלט מיט שטעכעדיקן דראָט. די סאָלדאַטן האָבן געוואַכט אַרום דעם דראָטן־צוים. אינעווייניק האָבן זיך פאַרמירט קליינע גרופּעס פון אַרעסטאַנטן. יעדע גרופּע האָט אויפן אָרט אָנגעריסן אַ ביסל צווייגן פון די ביימלעך און צונויפגעשטעלט ביידלעך. די נאַכט איז צוגעפאַלן. די עטלעכע יידן, וואָס האָבן זיך אָפּגעזוכט, האָבן זיך אויסגעלייגט אויף דער נאַסער ערד און צוגעטוליעט זיך איינער צום צווייטן, כדי איבערצוקומען די ערשטע נאַכט.

פון אַלע זייטן האָבן מיר געהערט די קללות פון די פּאָליאַקן אויף די מאָסקאַלעס, וואָס האָבן אונדז אַראָפּגעבראַכט אין דער דאָזיקער וויסטעניש, כדי מיר זאָלן אויסשטאַרבן פון הונגער און פון קעלט. קיינער האָט אָבער קיין אַכט נישט געלייגט אויף זייערע רייד, קיינער האָט זיך אפילו צו זיי נישט צוגעהערט. געדוכט האָט זיך, אַז גאָט אַליין איז גלייכגילטיק צו אונדזערע ליידן.

קיינער פון אונדז איז נישט געשלאָפן. אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר זיך בעדרייט אויף דער פייכטער ערד. עס האָט געשווידערט פון קעלט און ס׳האָט געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן. די נאַכט איז געווען אַ לאַנגע, אַ סך לענגער ווי אַלע נעכט פון אַ גאַנץ יאָר.

מידע און צעבראָכענע האָבן מיר זיך קוים דערוואַרט אויפן כמורנעם פרימאָרגן. קיינער האָט קיין עסן נישט געבראַכט, אפילו נישט אַ ביסל וואַסער. מיטאָגצייט איז דערשינען אַ ברייטפּלייציקער קאַצאַפּ און האָט געזאָגט, אַז ער איז נאַטשאַלניק פון לאַגער און אַז עס זאָלן זיך מעלדן

די אלע, וואָס זענען פּעאיק צו בוי־אַרבעט. אַרום 50 מענטשן האָבן זיך געמאָלדן. צוויי האָט ער אויסגעוויילט און באַשטימט אלס קוכערס.

אין א ווינקל פון לאַגער האָבן די קוכער׳ס אויסגעגראָבן אַ גרוב, אויפגעהאָנגען אויף צוויי שטעקנס אַ גרויסן קעסל, וועלכן מען האָט אָנגעפילט מיט וואַסער, געשעפּט ערגעץ פון אַ גרוב. צי פון בלאָטע. אונטערן קעסל האָט מען צעלייגט אַ פייער, און ווען דאָס בלאָטיקע וואַסער האָט אויפגעקאָכט האָט מען אַריינגעשאָטן אַ בייטל מיט קאַרענע מעל און אויסגעמישט מיט אַ שטעקן. שפּעטער זענען מיר געשטאַנען אין אַ לאַנגער ריי, ווער מיט אַ שאַכטל פון קאָנסערוון, ווער מיט אַ צעבראָכענעם טעלער. יעדער איינער האָט באַקומען אַ ביסל „באַלטושקע״. ס׳איז געווען דער פרישטיק און מיטאָג־עסן צוזאמען. אין אָוונט איז געווען די זעלביקע פּראָצעדור. נאָך אַ מאָל האָט מען אָפּגעקאָכט די זעלביקע פּאָרציע און צעטיילט. קיינער האָט זיך וועגן קיינעם נישט געקימערט, צי דאָס עסן איז גענוג. וואַרט, עס וועט אַ מאָל זיין בעסער און אויב דו וועסט נישט אויסהאַלטן, וועסטו פּגרן... וועט זיין מיט איינעם ווייניקער...

די בוי־מייסטער האָבן זיך דערווייל גענומען צו דער אַרבעט. קודם האָבן זיי געגראָבן גריבער אויף צוויי באַראַקעס, בערך פאַר 250 מענטשן יעדער איינער. געגראָבן האָבן זיי טיף, אַז א האַלבער באַראַק זאָל זיך געפינען אין דער ערד. דעם אויבערשטן טייל פון די סלופּעס, וואָס איבער דער ערד, האָט מען פאַרדעקט מיט א ברעזענט. ס׳איז געווען גלייכצייטיק א דאַך און א האַלבע וואַנט.

די אויסגעמאָגערטע אַרעסטאַנטן האָט מען דערווייל איינגעטיילט אין בריגאַדעס צו 30 מאַן. איינער איז באַשטימט געוואָרן אלס בריגאַדיר. יעדער אַרעסטאַנט האָט באַקומען אַ רידל אָדער אַן אנדער געצייג צו האַקן און גראָבן די ערד. יעדע בריגאַדע איז געווען באַוואַכט פון צוויי נ. ק. וו. ד.־זעלנער. די אַרבעטס־טעג האָבן זיך אָנגעהויבן.

פינף אַ זייגער פאַרטאָג האָט מען אונדז געוועקט צו דער אַרבעט, אויסגעשטעלט אין א ריי צו באַקומען דאָס ביסל „באַלטושקע״, וואָס מען האָט אויף שנעל געזופּט. אָנטאָן זיך האָט מען נישט געדאַרפט, ווייל זייט מאַנאַטן האָט קיינער זיך אויף דער נאַכט נישט אויסגעטאָן.

זעקס אינדערפרי זענען אַלע געשטאַנען גרייט ביים טויער. אויס־געשטעלט האָבן מיר זיך לויט בריגאַדעס. די סאָלדאַטן האָבן איבערגעציילט די קעפּ. זיי זענען געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער צאָל. דער מאַרש הייבט זיך אָן.

מיר זענען געווען נישט ווייט פון דעם וועג, אויף וועלכן עס דארף געבויט ווערן די באַן־ליניע. מיר זענען אויסגעשטעלט געוואָרן בריגאַדעס־ווייז און אונדזער אויפגאַבע איז געווען אָפּצוגראָבן אַ באַרג, כדי אויסצוגלייכן דעם שטח, אויף וועלכן עס זאָלן געלייגט ווערן די באַן־רעלסן. דער רוסישער „דיעסאַטניק" האָט אונטערגעזאָגט, ווייל „מען דאַרף מאַכן די נאָרמע" — האָט ער געזאָגט. מיר האָבן קיין אנונג נישט געהאַט וואָס אַזוינס איז אַ „נאָרמע".

מיטאָג־צייט האָט אַ מאָגער פערדל אונדז געבראַכט צו שלעפּן אין אַ וואָגן אַ פעסל „באַלטושקע". דאָס ביסל וואַסער מיט מעל איז שוין געווען קאַלט. עס האָט זיך אויסגעקילט אויפן וועג. דערצו איז עס געווען אָן זאַלץ. „ווו זאָל מען דאָ אייך נעמען זאַלץ אין צפון? באַשאַפן?" — האָט דער סאָלדאַט געזאָגט. און קיין שטיקל ברויט, זאָל זיין אפילו אָן זאַלץ, זעט מען נאָך אַלץ נישט פאַר די אויגן.

יאָ, מיר האָבן דווקא געזען ברויט — ווען די סאָלדאַטן האָבן אים געגעסן. איך האָב קיינמאָל אין מיין לעבן קיינעם נישט מקנא געווען אַזוי ווי דאָס מאָל, ווען די סאָלדאַטן האָבן געגעסן די גראָבע שטיקער פון שוואַרצן ברויט.

קוים האָבן מיר אָפּגעזופּט דאָס ביסל „באַלטושקע", האָבן זיי אונדז ווייטער געטריבן צו דער ארבעט. ס'האָט זיך מיר געדוכט, אַז יעדע לאָפּאַטע ערד קוועטשט פון מיר אַרויס אַ טראָפּן בלוט. מיט די לעצטע כוחות האָב איך געשטופּט די לאָפּאַטע אין באָדן און אַריבערגעוואָרפן דאָס ביסל ליימיקע ערד. כ'האָב נישט אויפגעהערט צו זיין הונגעריק. דער ליידיקער מאָגן האָט געפאָדערט זיינס. כ'האָב פון גאָרנישט געטראַכט, ווי נאָר פון אַ ביסל עסן. אַ שטיקל ברויט איז געווען אַ חלום.

אַ סך פון אונדז האָבן אַ גאַנצן טאָג געקייט אין מויל אַ שטיקל האָלץ אָדער אַ שטיקל קאָרע פון אַ בוים. אַראָפּשלינגען האָט מען עס אבער נישט געקענט.

אַ גאַנצע וואָך זענען מיר אַזוי געשלאָפן אין דרויסן אויף דער נאַסער ערד. יעדן טאָג האָט מען די קראַנקע ערגעץ־ווו אַוועקגעפירט. זיי האָבן געזאָגט, אַז מען האָט זיי געפירט אין שפּיטאָל, אָבער עס איז געווען שווער זיך פאָרצושטעלן, ווו עס איז פאַראַן אין אַ וויסטעניש אַ שפּיטאָל. כ'האָב באַשלאָסן זיך צו האַלטן מיט אַלע כוחות און נישט קראַנק ווערן.

ענדלעך זענען פאַרטיק געוואָרן די צוויי באַראַקעס. בריגאַדעסווייז האָט מען אונדז אַהין אַריינגעפירט. מיר האָבן זיך אויסגעלייגט אויף

די שטיקער האָלץ פון די דאָפּלטע נאַרעס. ס'איז אפילו נישט געווען קיין ביסל שטרוי אונטערצולייגן אונטער די זייטן. נאָכן אָפּשלאָפן אַ נאַכט און אָפּליגן מיט די דאַרעביינער אויף די האַרטע ברעטער האָבן ווײ געטאָן אַלע אברים. מיר זענען אָבער אַלע געווען צופרידן צו האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ.

ביי די טירן פוןביידע זייטן פון באַראַק זענען געשטאַנען צוויי פּעסלעך מיט וואַסער. אין באַראַק זענען אויך געווען צוויי אייזערנע אויוונס און ס'איז געוואָרן וואַרעמער.

גלייכצייטיק איז פּאַרטיק געוואָרן די קאַנטאָר מיט א ביורא, ווו מען האָט באַרעכנט די נאָרמעס, וועלכע יעדע בריגאַדע האָט געמאַכט במשך דעם טאָג. עס איז אויך אויסגעבויט געוואָרן א „קאָפּטיאַרקע", ווו צו האַלטן פאַר אונדז דאָס עסן און אַ קיך. צום באַקן ברויט האָט געדינט אַ גרוב אין דער ליימיקער ערד. נאָכן אונטערהייצן מיט האָלץ זענען די לעבּלעך ברויט אריינגעזעצט געוואָרן אינעווייניק. אָבער אָן ציגל איז די גרוב געבליבן קאַלט. דער ברויט האָט זיך נאָר צוגעטריקנט פון אויבן. אינעווייניק איז עס געווען רויע טייג.

די אויסגעהונגערטע אַרעסטאַנטן האָבן זיך צוגעכאַפּט צו דעם נישט דערבאַקטן ברויט, פּונקט ווי וועלף צו געבראָטנס. באַלד האָט זיך פאַר־שפרייט אַ נייע קרענק. עס האָבן געדרייט די קישקעס אין בויך. דאָך האָט מען אונדז יעדן טאָג געטריבן צו דער אַרבעט, בעת וועלכער דער עולם האָט זיך ממש געקאָרטשעט פון בויך־ווייטיק. עטלעכע טעג שפּעטער האָבן מיר דאָך באַקומען צוגעשיקט אויסגעבאַקן ברויט. יעדער ארעסטאַנט האָט באַקומען צו 500 אָדער 600 גראַם ברויט, אפּהענגיק פון דער ארויס־געגעבענער ארבעט. אין קיך האָט מען געקאָכט א זופּ, וואָס האָט געשמעקט מיט קאַרטאָפל און מיט ציבעלע.

איך בין געוואָרן זייער אָפּגעשוואַכט און כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז לאַנג וועל איך נישט אויסהאַלטן מיט דער לאָפּאַטע אין דער האַנט. בין איך געגאַנגען צום „זאַוויעדויושטשי" (דעם פאַרוואַלטער) פון דער „קאָפּטיאַרקע" און אים געפרעגט, צי עס געפעלט אים מיין מאַרינאַרקע. אויב יאָ, בין איך גרייט זי אויסצוטוישן אויף אַ „פופייקע" (א מין וואַטענער מאַנטל) מיטן באַדינג, אַז ער זאָל מיר אַריינגעמען אַלס „כלעבאָרעז", דאָס הייסט אַלס ברויט־שניידער.

— וועסט וועלן ארבעטן ביינאַכט, כדי צוצוגרייטן די „פּייקעס" ברויט?

— יאָ, געוויס — האָב איך אים געענטפערט.

צומאָרגנס בין איך שוין געשטאַנען אין דער „קאַפּטיאַרקע״, וווּ איך האָב געשניטן און געוווּגן די פּייקעס ברויט צו 500, 600 און 800 גראַם. כ׳האָב מיט מיטגעפֿיל געוווּגן די פּאָרציעס פֿון 300 גראַם. די דאָזיקע פּאָרציעס באַקומען די באַשטראָפֿטע, וואָס האָבן נישט געקענט אויסאַרבעטן אַפֿילו אַ טייל פֿון דער נאָרמע.

ביי דער דאָזיקער אַרבעט האָב איך אַ שפּאָר ביסל אויפֿגעלעבט. כ׳האָב דאָ פֿון צייט צו צייט געקענט כאַפּן א שטיקל שוואַרץ ברויט אין מויל. נעבן מיר איז געשטאַנען אַ בלעך מיט בוימאייל, וואָס מען האָט אויסגעטיילט פֿאַר דער קיך. כ׳האָב דערוויַיל געטונקען די שטיקלעך ברויט אין בוימאייל. כ׳האָב פֿולשטענדיק אָפּגעשאַצט דעם אויפֿטו פֿון מיין פֿאַרלייזיקטער און אויסגעשוויצטער מאַרינאַרקע, וואָס האָט מיך אין רוסלאַנד ממש געראַטעוועט דאָס לעבן.

אינדערפֿרי ביים צעטיילן דאָס ברויט האָב איך צוגעלייגט דעם בריגאַדיר פֿון מיין בריגאַדע צוויי פּאַיקעס און אים שטיל געבעטן צו פֿאַרטיילן עס צווישן די דריי יידן, וואָס זענען געלעגן נעבן מיר. יעדע נאַכט האָב איך זיך איינמיטן דער אַרבעט אַריינגעכאַפּט אין באַראַק מיט פֿולע קעשענעס קנאָבל און ציבעלע און עס צעטיילט צווישן אייניקע פֿון מיין בריגאַדע, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו ליידן פֿון „צינגאַ״ — אַ קרענק בעת וועלכער דער מענטש ווערט געשוואָלן און עס טרייסלען זיך די ציין אין מויל. כ׳האָב דערביי ריזיקירט צו ווערן אַרויסגעוואָרפֿן פֿון דער אַרבעט און אַפֿילו פֿאַרשפּאַרט ווערן אין קאַרצער. ס׳איז אָבער געווען שטאַרקער פֿון מיר. כ׳האָב נישט געקענט אָנקוקן די אויסגעהונ־גערטע און אויסגעמאַטערטע מענטשן און זיי מיט עפּעס נישט צו העלפֿן.

אייניקע וואָכן נאָך דעם ווי דער לאַגער האָט זיך אָרגאַניזירט האָבן מיר באַקומען די מעגלעכקייט צו שרייבן בריוו אַהיים, צו וויסן צו געבן, אַז מען לעבט און אויך באַקומען נייעס פֿון דער היים. קיינער פֿון אונדז האָט קיין שלעכטס וועגן לעבן אין לאַגער נישט געשריבן, ווייל אַנדערש איז געווען אַ ריזיקע, אַז די בריוו זאָלן נישט גיין ווייטער ווי די צענזור.

איך געדענק דאָס ערשטע פּאָסט־קאַרטל, וואָס כ׳האָב באַקומען פֿון דער היים. כ׳האָב געוויינט פֿאַר פֿרייד און עס האָט מיר אָנגעפֿילט מיט האָפֿענונג, אַז מיר וועלן נאָך זיין פֿריי און צוריקקומען צו זיך אהיים. דאָס איינציקע וואָס האָט אונדז דערמוטיקט און אויפֿגעהאַלטן איז געווען די האָפֿענונג צו זען די היים.

די אַרבעט איז דערווייל געגאַנגען אין פולן ברען. אונדזער לאַגער איז באַשטאַנען פון בערך 500 אַרעסטאַנטן, כמעט אַלע פּוילישע בירגער. אונדזער אויפגאַבע איז געווען אויסצוגלייכן אַ באַרג און פאַרשיטן די גריבער אויפן וועג, דורך וועלכן עס וועלן אויסגעלייגט ווערן באַן־רעלסן. עס זענען געווען בריגאַדעס, וועלכע האָבן געבויט בריקן איבער די בלאָטיקע ערטער. די דאָזיקע בריגאַדעס זענען באַשטאַנען פון רוסישע פאַרמשפּטע בירגער, אויף זייער לשון „זאַקלוטשאָנע". אפילו די אינזשיניערן זענען געווען פאַרמשפּטע. עס זענען אויך געווען גאַנצע בריגאַדעס, וואָס פלעגן קומען אויף לאַסט־אויטאָס, כדי אַוועקצופירן די אויסגעגראָבענע ערד צו די נידעריקע ערטער, וועלכע מען האָט געדאַרפט פאַרשיטן. אַלע זענען זיי געווען פאַרמשפּטע אָדער אַרעסטירטע אָן קיין שום משפט, אַזוי ווי מיר.

אַלע אַרבעטן, כדי אָפּצוקומען די נישט־פאַרדינטע שטראָף. עס זענען געווען 10 טעג אַרבעט, דער עלפטער איז געווען אַ רו־טאָג. ביסלעכווייז האָבן מיר פאַרגעסן דעם סדר העולם פון 7 טעג א וואָך. מיר האָבן כמעט נישט געוווּסט, ביי וואָס פאַרא טאָג אין דער וואָך מיר האַלטן. מיר האָבן אָבער געציילט די דאַטעס פון מאָנאַט, כדי צו וויסן ווען עס פאַלט־אויס דער 11־טער אָפּרו־טאָג. אייגנטלעך האָבן מיר אויך אין אָפּרו־טאָג געאַרבעט, אָבער אין, אָדער פאַרן באַראַק. די הויפּט־אַרבעט אין דעם טאָג איז באַשטאַנען פון צוגרייטן האָלץ צום הייצן. דער ווינטער האָט זיך שנעל צוגערוקט.

די טעג זענען געווען טונקעלע. איבער אונדז איז געהאָנגען אַ שווערער הימל, באַדעקט מיט געדיכטע וואָלקנס. די נעכט זענען געווען זייער קאַלטע. די צוויי אויוונס האָבן נישט באַוויזן צו דערוואַרעמען דעם באַראַק. די קאַטאָרזשניקעס פלעגן זיך טוליען אַרום דעם אויוון, כדי זיך צו דערוואַרעמען נאָכן זופּ פון „אָוונט־ברויט". פון דער טעגלעכער פּאַיקע ברויט, וואָס יעדער האָט באַקומען אינדערפרי איז קיין זכר נישט געבליבן. מיר פלעגן עס אויפעסן נאָך פאַר מיטאָג. דערנאָך האָבן זיך אַלע אויסגעצויגן אויף די האַרטע נאַרע־ברעטער. מיר פלעגן אפילו די שיך נישט אַראָפּנעמען פון די פיס. מיד פון דעם טאָג אַרבעט, זענען מיר שנעל איינגעשלאָפן.

אין דער ערשטער העלפט פון מאָנאַט אָקטאָבער איז געפאַלן א געדיכטער שניי. מיר האָבן געציטערט פון קעלט. יעדער איינער האָט זיך אַרומגעוויקלט מיט אַלע שמאַטעס, וואָס ער האָט נאָר געקענט האָבן. די מלבושים און די שיך האָבן זיך שנעל אָפּגענוצט ביי דער אַרבעט. ביסלעכווייז האָט „נאַטשאַלסטוואָ" (די אָנפירונג פון לאַגער) אָנגעהויבן ברענגען די באַרימטע „פופייקעס", די וואַטענע מלבושים. ווער עס האָט באַקומען אַזאַ פופייקע איז געווען גליקלעך. מיט דער פופייקע אויף זיך, אַרומגעבונדן מיט א שטריקל, איז טאַקע געווען וואַרעמער. מיר האָבן אויך באַקומען

— נישט אלע מיטאַמאָל — אזעלכע וואַטענע זאקן. מיר פלעגן זיי טראָגן אויף די פיס אָנשטאט שיך.

אין די קעלטן און אין טיפן שניי איז די אַרבעט געוואָרן שווערער. עס האָט נישט געהאָלפן דאָס אומאויפהערלעכע אונטערטרייבן פון די דיע־סאָטניקעס. קיין נאָרמע האָט קיינער נישט געקענט מאַכן. איבעריקנס זענען עס געווען אזעלכע ווילד־גרויסע נאָרמעס, אַז אַפילו מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג איז קיינער נישט געווען בכוח זיי צו מאַכן.

צוליב די נישט אויסגעפירטע נאָרמעס האָבן די אַרעסטאַנטן באַקומען איינגעשרומפּענע פּאָרציעס ברויט. מענטשן זענען געפאלן פון די כוחות. אויך דער מוט איז געפאַלן. דער עולם האָט געקרעכצט און א סך האָבן גע־טענהט, אַז זיי וועלן נישט אויסהאַלטן. כ׳האָב באַוווּנדערט צוויי פון מיינע יידישע באַקאַנטע, די פרומע ב. און אב. זיי האָבן זייער שלעכט אויסגעזען, געווען אויסגעדאַרטע און שטאַרק אָפּגעמאָגערט. אָבער די האָפענונג האָבן זיי נישט פאַרלאָרן און געהאט תמיד בטחון. אין זייערע תפילות האָבן זיי אויסגעגאָסן זייער ביטער האַרץ און נישט אויפגעהערט צו האָפן, אז גאָט וועט אונדז דאָך העלפן בקרוב בימינו.

כ׳האָב געקלערט, אז אין אונדזערע באַדינגונגען איז גוט צו גלויבן אין אַ העכערן כוח. די דאָזיקע קליינע ברואים, וואָס פייניקן אונדז, זעען אויס אזוי קליין, אַזוי נישטיק אין פאַרגלייך מיט דער אייביקייט. עס איז לייכטער איבערצוטראָגן די שווערע צרות, ווען מען גלויבט אין א הע־כערן כוח.

סוף אָקטאָבער האָט מען אונדז צונויפגעזאמלט, כדי דורכצומאכן אַ מעדיציניש קאָנטראָל. די דאָקטוירים פון דער קאָמיסיע האָבן אויס־געקליבן די שטאַרקערע, וואָס האָבן נאָך געהאַט א ביסל פלייש אויף די ביינער, כדי זיי אָפּצושיקן ווייטער אין צפון צו גראָבן ערד אָדער אין וואלד צו האַקן ביימער.

ס׳איז מיר געווען א שאָד צו פאַרלאָזן מיין פּאָסטן פון א ברויט־שניידער, אָבער כ׳האָב גאָרנישט געקענט טאָן. זיי האָבן אונדז ארויפגעזעצט אויף לאַסט־אויטאָס און אָפּגעפירט א פּאָר צענדליק קילאָמעטער ווייטער. דער לאגער איז שוין דאָ געווען א פּאַרטיקער, אַן אויסגעבויטער. די באַראַקעס די זעלביקע, ווי אין ערשטן לאַגער. מיר האָבן דאָ געפונען א סך „זאקלוטשאָנע״, וואָס ארבעטן אויף דעם אָרט זייער לאנג. דער אונטערשיד איז באַשטאנען אין דער באַשעפטיקונג. דאָ האַקט מען האָלץ אין וואלד. אויך דער צוזאמענשטעל פון ארעסטאנטן איז געווען אן אנ־דערער. דאָרטן זענען געווען נאָר פּוילישע בירגער. דאָ האָט מען די פּוילישע בירגער אויסגעמישט מיט דער גרויסער צאָל רוסן, אין גרעסטן

טייל קרימינעלע פאַרברעכער, גנבים, רויבער, מערדער און אויך אַ קליינער טייל פּאָליטישע אַרעסטירטע. ס׳איז געווען צו באַוווּנדערן ווי די רוסישע קרימינעלע פאַרברעכער האָבן אָפּגעהיט זייער אחדות און זיך געטיילט מיטן לעצטן ביסן ברויט. די גנבים האָבן אָבער ווייטער געגנבעט, אויך דאָ אין לאַגער. זיי האָבן אָבער געהאַט זייער אייגענע מאָראַל. מען מעג אַלץ גנבענען, אויסער דער פּייקע ברויט — האָבן זיי געזאָגט. פאַר גנבענען די „פּייקע״ ברויט זענען זיי גרייט געווען יענעם אומצוברענגען. די „פּייקע״ ברויט — האָבן זיי געטענהט — האַלט אויף דעם מענטש ביים לעבן.

אַ קלוגער גנב האָט מיר אַמאָל געזאָגט:

— וואָס איז מיר פאַר אַן אונטערשיד, וואָס פאַראַ מאַכט אָדער אָר־דענונג עס וועט זיין אין רוסלאַנד. איך בין געווען אַ גנב ביי ניקאָלייען און איך בין אַ גנב ביי די סאָוויעטן. מיין פאַך איז גנבענען.

אַלע זענען דאָ געווען פאַרשיקטע. די גאַנצע אָנפירערשאַפט פון לאַגער, די דיעסאַטניקעס, די שרייבער, דער פעלדשער, די אינזשיניערן זענען אַלע פאַרמשפּטע, אַפילו דער נאַטשאַלניק פון לאַגער איז אַ געוועזענער „זאַקלוטשאָני״, ווערלכער איז אָפּגעזעסן זיין שטראָף, אָבער ער מוז בלייבן זיין גאַנץ לעבן אין די דאָזיקע צפונדיקע סטעפּעס.

אין לאַגער איז אויך געווען אַ „פּאָליטרוק״. ער האָט אונדז געהאַלטן אין איין דערציילן די סאָוויעטישע געשיכטע און קיינעם איז עס אין קאָפּ נישט געקראָכן. אַרבעט פלייסיק — האָט ער אונדז געזאָגט — וועט איר אַמאָל זען די פרייהייט. ער איז געווען גערעכט, דער פּאָליטרוק, ווייל ווער עס האָט געאַרבעט האָט דאָך געהאַט אַ ביסל עסן און האָט געהאַט אַ האָפענונג אויסצוהאַלטן. עס זענען געווען אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן זיך איינגעעקשנט און נישט געוואָלט אַרבעטן פאַרן „טייוול״. זיי האָבן אָבער לאַנג נישט אויסגעהאַלטן. די ערשטע וואָך האָט אַזאַ איינער געהונגערט, די צווייטע וואָך האָט ער נישט געהאַט קיין כוח צו אַרבעטן, אַפילו ווען ער האָט שוין געוואָלט. אַ סך פון זיי זענען געפאַלן ווי פליגן און זייער געביין ליגט דאָרט ערגעץ אין דער וויסטער, פאַרפרוירענער ערד.

ווי מען האָט אונדז דערציילט זענען אַפילו די סאָלדאַטן פון נ. ק. וו. ד., וואָס האָבן אונדז געהיט, געווען אומזיכערע מענטשן פאַרן סאָוויעטישן רעזשים, וואָס האָט זיי נישט געוואָלט האָבן אין צענטער פון לאַנד און מען האָט זיי געשיקט טיפער אין צפון.

ס׳איז געווען אַ מדינה פון „זאַקלוטשאָנע״, ווו איינער היט דעם צווייטן.

מיר זענען איינגעטיילט געוואָרן אין בריגאַדעס צו 30 מאַן. אונדזער בריגאַדיר איז געווען אַ געוויסער ב., אַ געוועזענער לערער פון אַ פּוילישער שולע. ער האָט פאַרשטאַנען רוסיש, אָבער ער האָט נישט געקענט שרייבן. ס׳האָבן זיך פאַר אונדז אָנגעהויבן שווערע אַרבעטס־טעג אָדער, ריכטיקער געזאָגט, אַרבעטס־נעכט, ווייל במשך 4 חדשים איז אין יענער געגנט אַיין לאַנגע נאַכט. ס׳איז דאָך פאַראַן אַ ווייסע ליכטיקייט, וואָס גלאַנצט אַרויס פון שניי. און דער שניי איז טיף און געדיכט אויסגעשפּרייט מיט אַ גלייכער פלאַך, פונקט ווי אַ ווייסער טישטוך אויף אַ טיש. עס איז ממש אַ שאָד אַריינצושטעלן אַ פוס, בכדי נישט צו צעשטערן די שנייאיקע גאַנצקייט.

מיר האָבן אָבער יעדן טאָג געטאָפּטשעט אָפּטמאָל ביזן גאַרטל אינעם שניי. זעקס אַ זייגער אינדערפרי זענען שוין אַלע געשטאַנען ביים טויער, לויט די בריגאַדעס, גרייט אַרויסצוגיין, באַוואָפנטע מיט זעגן און מיט העק אויף די פּלייצעס.

די דיעסאַטניקעס האָבן קאָנטראָלירט די באַראַקעס, צי עס באַהאַלטן זיך נישט די „לאָדאַרעס״. זיי האָבן אונטערגעיאָגט מיט אַ שטורך אין די זייטן די, וואָס האָבן זיך געפילט שוואַך.

— מאָרגן וועסטו גיין צום דאָקטאָר, דו לאָדער איינער. היינט גיי צו דער אַרבעט...

נישט איינמאָל האָבן זיי אַראָפּגעשלעפּט פאַר די פיס פון דער אויבערשטער נאַרע אַ מענטש, וואָס איז געלעגן שווער קראַנק מיט הויכער טעמפּעראַטור.

ביים טויער האָט זיך דער עולם געוואַרעמט, קלאַפנדיק מיט די הענט און מיט די פיס און געוואַרט אויפן אַרויסגאַנג צו דער אַרבעט. נאָכדעם ווי די וועכטער האָבן נאָכאַמאָל איבערגעציילט די קעפּ האָט זיך די לאַנגע קאָלאָנע גערירט פון אָרט. אויף דער צווייטער זייט זענען געשטאַנען עט־לעכע מוזיקאַנטן מיט בלאָז־אינסטרומענטן און געשפּילט אַ מאַרש. די מוזיק האָט ווייט נישט אַנטשפּראָכן אונדזער טרויעריקן געמיט.

אין די ערשטע פאָר מינוט האָבן די קלאַנגען פון דער מוזיק עפּעס ווי אויפגעוועקט פון שלאָף און אָפּגעווענדעט די טרויעריקע געדאַנקען אין אַן אנדער ריכטונג. באַלד האָבן זיך אָבער אַ שאָט־געגעבן קללות אויף די מאָסקאַלעס מיט די מוזיקאַנטן, הגם די לעצטע זענען געווען גאָט די נשמה שולדיק, ווייל אויך זיי זענען געווען לאַגערניקעס און עס האָט זיך זיי זיכער נישט געגלוסט אויפצושטיין אין קאַלטן פאַרטאָג צו שפּילן אַ מאַרש פאַר זייערע ברידער, די קאַטאָרזשניקעס.

דער טעגלעכער מאַרש איז געווען אַ שווערער. ס׳איז געווען אַ מאַ־

טערניש צו טאָפּטשען אין טיפן שניי. נישט לאָזנדיק זיך אונדז אָפּרוען, זענען מיר אויסגעשטעלט געוואָרן צו דריי מענטשן — צוויי צו דער זעג און איינער מיט אַ האַק, וואָס האָט געדאַרפט צעהאַקן די אָפּגעזעגטע קלעצער און צונויפלייגן אין מעטערס. די נאָרמע איז געווען צו 10 מעטער פאַר אַ מענטש.

ווען דער דיעסאַטניק האָט באַצייכנט די דאָזיקע נאָרמע האָבן אייניקע געוויזן מיטן פינגער אויפן קאָפּ און געמיינט דערמיט צו זאָגן, אַז דער דיעסאַטניק איז גערירט אויפן מוח, ווייל אַראָפּזעגן און אונטערהאַקן דיביימער האָט מען געדאַרפט קענען און בעיקר האָבן אַ גוטן פיזישן כוח דערצו. אַ סך פון אונדז האָבן קוים געשלעפּט די זעג.

נאָך עטלעכע טעג אַרבעט האָב איך געפילט, אַז לאַנג וועל איך נישט אויסהאַלטן. די כוחות גייען אויס. איך האָב אַפילו געפּרוווט מאַכן אַ נאָרמע. אָבער ס׳איז געווען אוממעגלעך. כ׳האָב קוים דערצויגן ביז א דריטל פון דער נאָרמע. צומאָרגנס זענען די פּאַרציעס ברויט געווען קלענערע און דאַרע און איך האָב געהונגערט. כ׳וואָלט אָפּגעגעבן אַ פאַרמעגן פאַר אַ ביסן ברויט. כ׳האָב אָבער נישט געהאט נישט קיין פאַרמעגן און נישט קיין ברויט. בלויז די נשמה האָט געטליעט אין אויסגעדאַרטן גוף און אַ ים געפילן, וואָס וועלן נישט פאַרשווינדן ביזן לעצטן אָטעם־צוג.

הונגער, עסן און ברויט זענען כסדר געווען אויף דער טאָג־אָרדענונג. אַ געוויסן פרימאָרגן, ווען מען האָט אונדז ווי געוויינלעך אַרויסגעיאָגט צו דער אַרבעט, האָבן אין אַ ווינקל פון באַראַק צוויי יידן זיך געקריגט. עס האָט מיך צוגעצויגן דער יידישער לשון. כ׳בין צוגעגאַנגען נענטער און געוואָלט זיי באַרואיקן, זאָגן זיי, אַז זיי זאָלן זיך נישט קריגן, כדי גויים זאָלן פון אונדז נישט לאַכן. דערשטוינט בין איך געבליבן, ווען כ׳האָב געזען ווי אַ שוואַרץ־באַוואקסענער ייד בעט זיך ביים צווייטן, א יינגערן און דאַרערן פון אים, ער זאָל נעמען א שטיקל ברויט.

— כאָטש א ביס נעם ביי מיר... שוין דריי טעג, ווי ער קריגט 300 גראַם. ער האָט שוין נישט קיין כוח צו גיין און די מערדער יאָגן אים צו דער אַרבעט. כ׳האָב היינט באַקומען 500 גראַם און איך בעט אים, ער זאָל כאָטש נעמען אַ ביסן ברויט פון מיר, און ער וויל נישט...

אָרעם יידיש פאָלק, דאָס פאָלק פון „אתה בחרתנו" אין דאָזיקן ים פון פּיין און פון לייד. ווו איז יושר? ווו איז גערעכטיקייט?

אין דאָזיקן ים פון צרות, ווו מענטשן זענען גרייט פּונקט ווי די וועלף צו פאַרצוקן איינער דעם צווייטן, האָט דער ייד נישט פאַרלאָרן זיין מענטש־לעכן אויסזען און זיין מענטשלעך האַרץ און ער בעט זיך ביי זיין שוואַכן ברודער: „נעם ביי מיר כאָטש אַ ביסן ברויט..."

אין אָוונט, ווען מיר זענען געגאַנגען צוריק פון דער אַרבעט, האָב איך געזען, ווי מען פירט דעם יונגן ייִד אויף א שליטן. ער האָט שוין נישט געקענט גיין מיט די אייגענע כוחות צוריק אין לאגער. דער בריגאדיר האָט דעם קראנקן צוגעפירט צום פעלדשער. באטראכט, אָפּגעמאָסן אים די טעמפּעראַטור, האָט דער פעלדשער געמאָלדן דעם נאַטשאַלניק, אַז ער האָט 35.5 און אַז ער איז זייער שוואַך. דערויף האָט דער נאַטשאַלניק געזאָגט, אַז אויב זיין טעמפּעראטור איז נישט 38,5 קען ער אים נישט באַפרייען פון דער אַרבעט.

מיר האָבן דעם חולה אַריינגעטראָגן אין באַראַק און אַוועקגעלייגט אויף זיין אָרט, אויף דער אויבערשטער נאַרע. מיר האָבן אים צוגעטראָגן אַ ביסל וואַרעמע זופּ. קיין ברויט האָט קיינער נישט געהאַט אין אָוונט, ווייל די קליינע „פּייקעס" האָט יעדער אויפגעגעסן באַלד אינדערפרי. מיר זענען געזעסן נעבן בחור, אַריינגערעדט אין אים, געפּרוווט אים טרייסטן און געבן האָפענונג, אַז עס וועלן נאָך קומען בעסערע צייטן.

דאָס יינגל האָט זיך אָבער געפילט זייער שוואַך און פאָרויסגעזאָגט, אַז ער וועט נישט אויסהאַלטן.

— די כוחות גייען מיר אויס — האָט ער געזאָגט — איך וועל אייך נאָר בעטן, אַז אויב איר וועט אויסגעלייזט ווערן פון דאַנען און איר וועט זיך אין אַ געוויסן טאָג אומקערן אַהיים, זאָלט איר זאָגן מיינע עלטערן, דער משפחה א. פון דער דזשיקע גאס אין ווארשע, אַז זייער זון האָבן די רוסן פארפייניקט אין די וויסטע סטעפּעס...

אינדערפרי האָב איך דאָס יינגל נישט געזען ביי דער ארבעט. דער דיעסאַטניק, וואָס האָט קאָנטראָלירט די באַראַקעס, צי עס זענען נישט געבליבן קיין לאָדאַרעס, האָט אים אַראָפּגעשלעפּט פאַר די פיס פון דער הויכער נאַרע אויף דער ערד און געקאַפּעט אים מיט די פיס אין די זייטן. זעענדיק, אַז דאָס יינגל רירט זיך מער נישט, האָט ער א זאָג געטאָן „פּאָדאָך", געפגרט הייסט עס, און איז אַרויסגעגאנגען פון באַראַק.

דער דאָקטאָר האָט פעסטגעשטעלט צוויי צעבראָכענע זשעברעס, ער האָט אָבער נישט געקענט וויסן, צי דאָס יינגל איז געשטאָרבן ליגנדיק אויף דער נאַרע אָדער ער איז דערהרגעט געוואָרן, ווען מען האָט אים אַראָפּגעשלעפּט אויף דער ערד.

נאָך אַ קבר איז צוגעקומען נישט ווייט פון לאַגער.

אַ סך מאָל האָב איך אויסגעדרייט דעם קאָפּ אין דער ריכטונג צום בערגל.... אויב אזוי דאַרף זיין אונדזער סוף, אין דער דאָזיקער וויסטעניש, איז זייער טרויעריק...

אַ פּאָר טעג שפּעטער זענען מיר, ווי געוויינלעך, געלעגן אויף די נאַרעס

נאָך דער אַרבעט. מיר האָבן זיך קוים דערשלעפּט צום באַראַק, אַריינגעזופּט דאָס ביסל „שטשי״, און ליגנדיק אויף די ערטער האָט דער עולם געשמועסט וועגן דער פאַרגאַנגענהייט און געפּרוווט נביאות זאָגן. ווי תמיד האָט זיך דער שמועס געענדיקט מיט ווערטער פון האָפענונג, אַז מען וועט זיך אומקערן אַהיים.

די טיר האָט זיך פּלוצלינג געעפנט און עס האָט זיך באוויזן דער נאַטשאַלניק. ער איז צוגעגאַנגען צו אונדזער בריגאַדע און געפרעגט הויך, ווער פון דער בריגאַדע ב. קען לייענען און שרייבן רוסיש.

כ׳האָב זיך אינסטינקטיוו אויפגעשטעלט און צוגעגאנגען נענטער.

— איך, גראַזשדאַנין נאַטשאַלטיק, איך קען רוסיש.

— קום מיט מיר — האָט דער נאַטשאַלניק געזאָגט און זיך געלאָזט צו דער טיר.

איך בין שטיל געגאַנגען און דאָס האַרץ האָט מיר געקלאַפּט. כ׳האָב זיך געשראָקן און זיך אַליין גלייך באַרואיקט. צו וואָס דאַרף ער מיין רוסיש קענען ?

אין דער קאַנצעלאַריע האָט ער מיר געמאָלדן, אַז פון מאָרגן אָן וועל איך זיין בריגאַדיר, ווייל דער פּאָליאַק ב. קען נישט אָנשרייבן אויף רוסיש די „ראַבאָטשיע סוועדיעניא״ — דעם אַרבעטס־באַריכט.

— גיב אַכטונג — זאָגט ער מיר — אַז די בריגאַדע זאָל גוט אַרבעטן און זאָל אויספּילן די נאָרמע, וועט איר קריגן גרויסע „פּייקעס״ ברויט. וועגן די וואָס וועלן זיך אויסדרייען פון אַרבעט זאָלסטו מיר גלייך מעלדן. איך וועל שוין וויסן, וואָס מיט זיי צו מאַכן... זיי וועלן מיר האָבן צו געדענקען....

צוויי געפילן האָבן מיך באהערשט. איך בין געווען צופרידן, וואָס פון מאָרגן אינדערפרי וועל איך נישט דאַרפן ציען די זעג, ווייל כ׳האָב שוין באמת נישט געהאַט דערצו קיין כוח. פון דער אַנדערער זייט, אָבער, האָב איך נישט געהאַט קיין חשק אונטערצוטרייבן די אָפּגעשוואַכטע מענטשן צו דער אַרבעט.

די ערשטע טעג פון מיין נייעם אמט אַלס בריגאַדיר האָב איך זיך נישט שלעכט געפילט. א גאַנצן טאָג האָב איך זיך געוואַרעמט ביים גרויסן פייער אין וואַלד. פון צייט צו צייט האָב איך זיך דורכגעשפּאַצירט אין טיפן שניי, כדי צו זען, וואָס די בריגאַדע מאַכט, צי עס זענען שוין צו־נויפגעשטעלט געוואָרן אַ סך מעטערס האָלץ. כ׳האָב יעדן איינעם געמונ־טערט מיט א גוט וואָרט און דערנאָך אָפּגעגעבן דעם דיעסאַטניק אַ באַ־ריכט, אַז די ארבעט גייט נישט שלעכט.

כ׳האָב זיך באַמיט צו באַפריינדן מיטן דיעסאָטניק. כ׳האָב צו דעם צוועק געפּרוווט אים צו דערקענען, כּדי צו וויסן מיט וועמען איך האָב צו טאָן. כ׳האָב געוואָלט עפּעס אויסקאָמבינירן. אַז מײַנע מענטשן פון דער בריגאַדע זאָלן קריגן גרעסערע פּאָרציעס ברויט.

ער האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט אונדזער לעבן אין אויסלאַנד, אין וועלכע באַדינגונגען עס האָבן געלעבט די אַרבעטער אָדער אָנגעשטעלטע. ווי האָט אַן אַרבעטער אָדער אָנגעשטעלטער געהאַנדלט, ווען ער איז נישט געווען צופרידן מיט זײַן אַרבעט? האָט ער געקענט בייטן דעם פּלאַץ מען זאָל אים העכערן זײַן געהאַלט?

— געוויס — דערצייל איך אים — דער אַרבעטער האָט אפילו געפאָדערט. נישט נאָר געבעטן. ער האָט געהאַט רעכט צו שטרייקן, ביז ער האָט דערגרייכט אַ העכערן געהאַלט.

— און מען האָט די אַרבעטער נישט אַרײַנגעזעצט אין טורמע פאַר נישט וועלן אַרבעטן?..

אַזעלכע און ענלעכע פראַגעס האָט ער מיר געשטעלט. ער האָט שווער אָפּגעזיפצט, זיך פאַרקלערט און געזאָגט:

— יאָ, איצט פילן מיר דאָ צוזאַמען אין די קאַלטע סטעפּעס און מיר ווייסן נישט ווי לאַנג מיר וועלן דאָ אויסהאַלטן מיט אַזאַ פאַרשאָלטן לעבן. אָבער דו — זאָגט ער — האָסט כאָטש ביז דער איצטיקער צײַט געלעבט, געוווסט פון אַ לעבן, פון אַ פרייַ לעבן... איך בין אַ גאַנץ לעבן געווען אַ שקלאַף, אָפּגעפינצטערט מײַן יוגנט און ענדיק מײַנע יאָרן אין דעם וויסטן צפון נאָר דערפאַר, ווײַל איך האָב געפּרוווט פאָדערן גערעכטיקייט אין דעם ים פון שקר...

איך בין געווען יונג, ווען די רעוואָלוציע איז אויסגעבראָכן. אַ זון פון אַן אָרעמען פויער, האָב איך זיך פרייוויליק אַנגאַזשירט אין דער רויטער אַרמיי, געקעמפט אויף אַלע פראָנטן און זיך געשלאָגן מיט די ווייס־גוואַרדייער. איך בין עטלעכע מאָל געווען פאַרוואונדעט. מײַן לײַב איז דורכגעשאָסן און צעשניטן. כ׳האָב געהאָפט, אַז עס וועט קומען די באַפרייאונג פון פראָלעטאַריאַט.

נאָך דער מלחמה, ווען איך בין צוריקגעקומען מיט אַ ברוסט באַהאַנגען מיט מעדאַלן, האָט מען מיך באַשטימט פאַר אַ „זאַוויעדויושטשי״ (פאַרוואַלטער) פון אַ מאַסטערסקאַיע (וואַרשטאַט). כ׳האָב געדאַרפט אָנפירן מיט איבער 100 אַרבעטער, כ׳האָב אויף יעדן אַרבעטער געקוקט ווי אויף אַ ברודער, זיך אינטערעסירט מיט זײַן לעבן און מיטן לעבן פון זײַן משפּחה, געוואָלט אים דאָס לעבן פאַרלייכטערן. אויף דעם האָבן מיר דאָך געמאַכט די רעוואָלוציע, אויף דעם האָבן מיר דאָך בלוט פאַרגאָסן...

יעדן טאָג האָב איך באַקומען נייע פאַראָרדענונגען צו פאַרגרעסערן די אַרבעט־נאָרמע. כ׳האָב באַקומען באַפעלן אויפצוצווינגען מיט אַלע מיט־לען די אַרבעטער, אַז זיי זאָלן מאַכן די נאָרמע און נאָך מער ווי די נאָרמע. דאָס האָט באַדייט, אַז איך זאָל פון די אַרבעטער אַרויספּרעסן די לעצטע כוחות און פאַר דעם זיי גאָרנישט געבן.

אמת, עס זענען דעמאָלט געווען שווערע יאָרן. אָבער ס׳איז געווען שווער פאַר אַלעמען, אַזוי גוט פאַרן אַרבעטער, ווי פאַר נאַטשאַלסטוואָ. ליידער האָבן זיך אָבער געשאַפן ביי אונדז צוויי קלאַסן — דער קלאַס פון אַרבעטער, ביי וועלכן מען פּרעסט אַרויס דעם מאַרך פון די ביינער, און דער קלאַס פון נאַטשאַלניקעס און דירעקטאָרן, וואָס גנבענען און גזלנען אויפן חשבון פון אַרבעטער.

מיט דער גאַנצער רעוואָלוציע האָט זיך ביי אונדז גאָרנישט גע־ענדערט אין באַצוג צו דער עקספּלאָאַטאַציע פון אַרבעטער. דער אונטער־שיד איז נאָר, וואָס די בייטש האָט פריער געהאַלטן דער פריץ אָדער דער קאַפּיטאַליסט און איצט איז די בייטש אין די הענט פון סאָוויעטישער נאַטשאַלסטוואָ. און עס טוט וויי, פאַרדראָסיק, וואָס מען טאָר אַפילו נישט שרייען און זאָגן, אַז עס טוט וויי, אַז נישט פאַר אַזאַ אמת האָב איך געקעמפט....

ווען כ׳האָב אין אַ געוויסן טאָג געזאָגט, אַז מיינע 100 אַרבעטער קענען נישט אַרבעטן, ווען זיי זענען הונגעריק און נאַקעט, האָט מען מיך אין דער זעלביקער נאַכט אַרויסגענומען פון בעט און נאָך לאַנגע אויספאָר־שונגען און פּייניקונגען האָט מען מיך פאַרשיקט אין די דאָזיקע סטעפּעס אָן קיין שום משפט און אָן אַן אורטייל. שוין 12 יאָר ווי איך וואַנדער פון איין לאַגער אין אַנדערן אַלס ס. א. ע. — „סאָציאַלנאָ אָפּאַסני עלעמענט״ (סאָציאַל־געפערלעכער עלעמענט) און אויב די „וואָלאַסט״ — די מאַכט הייסט עס, די אָרדענונג, וועט זיך ביי אונדז נישט ענדערן, וועל איך זיכער דאָ פוילן צווישן די קברים...

ער האָט מיט כעס אויפגערודערט דאָס פייער. אַ וואָלקן פון רויך און פונקען האָבן זיך געריסן פון פייער אין אַלע זייטן וואַלד, פונקט ווי ער זאָל וועלן אונטערצינדן דיביימער מיט דער פאַלשער וועלט צוזאַמען.

דעם זעלביקן פאַרנאַכט, ווען מיר האָבן פאַרענדיקט דעם טאָג אַרבעט, בין איך געגאַנגען מיט מיין דיעסאַטניק איבערציילן די מעטערס צעשניטענע האָלץ. כ׳האָב אים צוגעפירט צו עטלעכע מעטערס האָלץ פון דער נעכטיקער אַרבעט און זיי נאָכאַמאָל פאַררעכנט.

אין דער קאַנצעלאַריע האָב איך צונויפגעשטעלט די „ראַבאָטשיע

סוועדיעניא״ — דעם באַריכט פון אַרבעטס־טאָג — און ס׳איז אַרויס־ געקומען, אַז מיינע אַרבעטער האָבן געמאַכט געשוואָלענע נאָרמעס....

צומאָרגנס האָב איך מיט צופרידנקייט פאַרטיילט יעדן איינעם אַ גרויסע פייקע ברויט. כ׳האָב יעדן טאָג צוגערעכנט צום חשבון די געשניטענע האָלץ פון נעכטן, כדי מיינע מענטשן פון דער בריגאַדע זאָלן נישט הונגערן.

לכתחילה האָבן די מענטשן נישט פארשטאנען, ווי אזוי איך קען זיי ברענגען מער ברויט. זיי האָבן אויף מיר געקוקט ווי אויף אַ היילין, ווייל מיטן ברויט האָב איך ממש געראַטעוועט נשמות. די פּאַליאַקן האָבן שטיל געזאגט, אז ווען מען וועט אמאָל צוריקקומען קיין פוילן, וועט מען מיר דערפאר געבן דעם העכסטן מעדאל, יעדער באזונדער האָט מיר צוגעזאָגט גאָלדענע גליקן....

אממערסטן צופרידן בין איך געווען, וואָס כ׳האָב געקענט געבן ברויט צו דער זאט די צוויי יונגע יידישע יינגלעך, די ברידער ז. פון וולאַדימיר־ וואָלינסק (לודמיר). ס׳האָט מיר געקאָסט געזונט, ווען איך האָב געזען די צוויי בלאסע, נאָך יינגלשע פנימער, הגם איך אליין האָב מיך אויך נישט געפילט ווי אמבעסטן. כ׳האָב אָבער זייער מורא געהאַט, אַז עס זאָל חס ושלום נישט אנטדעקט ווערן דער שווינדל. אין אַזאַ פאַל איז מיין לעבן קיין סך נישט ווערט.

ס׳איז אָבער געווען שטארקער פון מיר. כ׳האָב נישט געקענט זען, ווי די מענטשן מאַטערן זיך הונגעריקע ביי דער ארבעט. ס׳האָט זיך דאָ געהאנדלט אין ראַטעווען מענטשלעכע לעבנס, בפרט עטלעכע יידישע, אומ־ שולדיקע לעבנס.

די ארבעט איז אזוי אָנגעגאנגען ביז סוף דעצעמבער. לויטן חשבון אויפן פאפיר האָבן מיר שוין אויסגעהאקט לפחות א האלבן וואלד און אויסגעשטעלט א סך טויזנטער מעטערס האָלץ. כ׳פלעג אָפט זיך זאָגן, אז כ׳וואָלט שוין דאָ נישט געוואָלט זיין, ווען עמעצער וועט אמאָל וועלן קאָנטראָלירן די מעטערס האָלץ...

ווען דער פראָסט איז דערגאנגען צו מער ווי 35 גראד האָט מען אונדז געלאָזט זיצן אין בעראק. דאָסמאָל האָט דער עולם זיך געקענט אָפּרוען. די מענטשן זענען געזעסן גרופּעסווייז און געשמועסט.

אין די פראָסטיקע נעכט פלעגט אויפשיינען דער „צפונדיקער שטערן״, „פּאָלארנאיא זוויעזדא״ ווי ער הייסט אויף רוסיש. וויפל איך זאָל נישט האָבן געלייענט און געהערט וועגן צפונדיקן שטערן, האָב איך זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, ווי שיין עס איז די דאָזיקע נאטור־דערשיינונג. אפילו די קראנקע צווישן אונדז זענען ארויסגעגאנגען ביינאכט פון באראק, כדי צו באוונדערן דעם נאטור־ספּעקטאקל און צו זען די פייערלעך, וואָס זענען

פראכטפול געשפרונגען אין דעם שפיץ פון צפון און דערגרייכט דעם מיטן פון הימל, ווו זיי האָבן זיך פונאנדערגעשאָטן אין הונדערטער קאָלירן. מען זאָגט אונדז, אז די דערשיינונג דערקלערט זיך מיט דער אָפּשפּיג־לונג פון דער זון אין די אייז־בערג פון צפון.

לאנגע שעהן זענען מיר דערנאָך געלעגן אויף די הארטע געלעגערס, צוגע־טוליעטע איינער צום צווייטן, כדי עס זאָל זיין ווארעמער, און קאָמענטירט גאָטס וועלט. אין די טעג פון די גרויסע פרעסט פלעגט קיינער פון אונדז אפילו די שיך נישט אויסטאָן פון די פיס. ווי נאָר מען פלעגט אריינקומען אין באראק נאָכן ביסל עסן, פלעגט מען זיך א לייג־טאָן אין די מלבושים מיטן היטל אויפן קאָפּ.

סוף דעצעמבער איז אין איינער אזא נאכט געשלאָפן נעבן מיר א יונגער קריסט מיטן נאָמען ב. פון ווילנע. ער איז געווען א באָקסער פון פאך און א שטארקער יונג. אָבער דער הונגער, די שווערע ארבעט און די קעלטן האָבן אויך אויף אים געווירקט און ער האָט פארקילט די בלאז. ביינאכט פלעגט ער באנעצן דעם געלעגער און היות ער איז געלעגן נעבן מיר, איז אינדערפרי מיין וואטענער לייבל („טיעלאָגרייקא״) געווען אזוי נאס, אז מען האָט אים געקענט אויסדרייען.

קריגן זיך מיט אים איז געווען אומנוציק. ער איז דאָך קראנק. קיין אנדער לייבל איבערצובייטן האָב איך נישט געהאט און אינדערפרי יאָגט מען, ווי געוויינלעך, צו דער ארבעט. האָב איך פאררוקט דאָס נאסע לייבל אין די הויזן און זיך ארומגעבונדן מיט א שטריק. כ׳האָב געמיינט, אז אזוי ארום וועט זיך דאָס לייבל אויסטריקענען פון מיין אייגענער ווארעמקייט.

געשען איז אָבער אנדערש. ווען מיר זענען ארויס אויף דער קעלט, ס׳איז געווען א שטארקער פראָסט, איז דאָס נאסע לייבל געוואָרן ווי א קאלטער קאָמפּרעס צו דער פלייצע. עטלעכע שעה שפּעטער האָב איך דער־פילט, אז עס שוידערט מיך פון קעלט. כ׳האָב געפרווט זיך דערווארעמען ביים פייער אָבער כ׳בין געווען פארקילט און עס האָט מיר געקלאפט א צאָן אין א צאָן. אין אָוונט האָבן די חברים פון מיין בריגאדע מיר געהאָלפן גיין אין לאגער אַריין. כ׳האָב מיט אייגענע כוחות נישט געקענט שטעלן א פוס.

דער פעלדשער האָט מיר אָפּגעמאָסטן די טעמפּעראטור. דער טערמאָ־מעטער האָט געוויזן 40 גראד. כ׳בין דערפאר געבליבן צומאָרגנס אין באראק. אויף דער נארע בין איך ווייטער געלעגן מיטן נאסן קאָמפּרעס אויף דער פלייצע. די וואטע פון לייבל האָט זיך גאָרנישט געוואָלט אויסטריקענען. אראָפּגעשלונגען די דריי אספירין־פילן, וואָס דער פעלדשער האָט מיר געגעבן, אָבער די היץ אין קערפּער האָט אָנגעהאלטן און נישט אראָפּגעפאלן. די צווייטע נאכט האָט דער פעלדשער, א גוטער ברודער, מיך אריינגענומען

אין א באזונדער שטיבל, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן פאַר שווער־קראַנקע. דאָס צימער איז געווען גוט באהייצט. איך האָב זיך אויסגעטאָן און מען האָט מיר געגעבן א שעפּל וואסער מיט א שטיקל זייף, כדי זיך ארומצוואַשן. איך בין דערנאָך געלעגן אין א בעטל אויף א שטרויענעם שיעניק און צוגעדעקט מיט א קאָלדרע. כ׳האָב שוין לאַנג נישט געהאַט דעם טעם פון אַן אמתער בעט. נישט געקוקט דערויף, וואָס כ׳האָב געהאַט היץ און עס האָט מיר געשטאָכן אין פּלייצע, האָב איך דאָך געהאַט א פאַרגעניגן צו ליגן אין א ווייכער בעט מיט א שטרויענעם קישעלע צוקאָפּנס. כ׳האָב עס געהאַט צו פאַרדאַנקען דעם ווילנער באָקסער ב.

דריי טעג בין איך אזוי געלעגן מיט היץ. כ׳האָב שוין אראָפּגעשלונגען א צענדליק אַספּירין־פּילן און עס ווערט נישט בעסער. ווען נישט דער אומרו פון מיין קרענק איז מיין געפיל געווען זייער א גוטער פון ליגן אין בעט, אין א וואַרעמען צימער. מיין בריגאַדע איז מיך געקומען באזוכן איינציקווייז. זיי האָבן געבעטן גאָט פאַר מיין געזונט, ווייל שוין צומאָרגנס האָבן זיי דערפילט מיין אָפּוועזנהייט. זיי האָבן נעמלעך באַקומען קלענערע פּאָרציעס ברויט. כ׳האָב מורא געהאַט צו דערציילן דעם סוד פון די גרויסע נאָרמעס און פון די גרויסע פּאָרציעס ברויט, הגם ס׳איז מיר געווען א רחמנות אויף מיינע חברים.

אויפן דריטן טאָג איז געקומען א דאָקטאָר פון שפּיטאָל, כדי אונדז צו אונטערזוכן. דער פעלדשער האָט אָנגערופן דעם דאָקטאָרס נאָמען — שערמאַן. עס איז מיר עפּעס לייכטער געוואָרן, ווען דער דאָקטאָר האָט מיך געפרעגט וויפל טעג איך ליג שוין מיט היץ. דער דאָקטאָר האָט פאַראָרדנט, אז מען זאָל מיך איבערפירן אין שפּיטאָל. כ׳האָב אויפן דאָקטאָר שערמאַן געקוקט מיט א סך דאנקבאַרקייט און ער האָט עס דערפילט, ווייל פאַרן ארויסגיין האָט ער נאָכאַמאָל זיך אומגעקוקט אויף מיר.

צומאָרגנס האָט מען מיך ארויפגעלייגט אויף אַן אָפענעם לאַסט־אויטאָ, וואָס האָט מיך געפירט אין שפּיטאָל. ס׳איז מיר געווען זייער קאַלט און כ׳האָב געבעטן דעם באַגלייטער, ער זאָל מיך בעסער צודעקן. ער האָט מיך באַרואיקט, אז אויב איך וועל פּגרן, וועט דער פאַרלוסט נישט זיין קיין גרויסער.... און ליג און שווייג.

דער שפּיטאָל איז נישט געווען ווייט. מיר זענען געפאָרן בערך א שעה צייט. מיר זענען אריינגעפאָרן אין א לאַגער, וואָס איז געווען ארומ־געצוימט מיט א פּלויט פון הויכן שטעכעדיקן דראָט. נאָכן דורכגיין די וואַך ביים טויער האָב איך דערזען א סך אויסגעבויטע באַראַקעס, אלע אין דער ערד איינגעגראָבן, מן הסתם צוליב וואַרעמקייט. סאַניטאַרן אין ווייסע פאַר־

טוכער זענען פון צייט צו צייט דורכגעלאָפן. ס׳איז געווען צו דערקאָנען, אז דאָ איז א שפּיטאָל־שטעטל.

אן אָנגענעמע ווארעמקייט האָט מיך ארומגענומען, ווען מען האָט מיך ארייַנגעפירט אין איינעם פון די באראקעס. כ׳בין געווען שטארק אָפּ־געשוואכט און מיט הויכער היץ. איך בין קוים געגאַנגען אויף די פיס. כ׳האָב זיך א ביסל ארומגעוואשן אין א זייטיק צימערל און מען האָט אָפּגעשאָרן מיינע פארפעטסטע האָר. דערנאָך האָט מען מיך ארייַנגעפירט אין א לאנגן צימער, ווו אין צוויי רייען זענען געווען אויסגעשטעלט ארום 60 בעטן מיט קראנקע. אלעמענס אויגן האָבן זיך געווענדעט צו מיר. א נייער קאָ־טאָרזשניק. דער סאניטאר האָט מיר אָנגעוויזן א ליידיק בעטל, אין וועלכן איך האָב זיך ארייַנגעלייגט. כ׳האָב זיך צוגעדעקט מיט דער קאָלדרע און געפּרוווט דערוואַרעמען מיינע געפרוירענע גלידער. די שכנים האָבן מיך אָבער באלד באוואָרפן מיט פראגעס. פונוואנען איך בין? פארוואָס איך זיץ? וועלכן „סראָק" האָב איך באקומען?

דערהערט, אז נאָר 5 יאָר, האָבן זיי געלאכט.

— דארפסט זיך נישט שרעקן — האָט איינער זיך אָפּגערופן — דו האָסט א קינדערישן „סראָק" (טערמין) און וואָס דו וועסט נישט דערזיצן, וועסטו דערליגן...

— זעסט — זאָגט מיר מיין שכן — ביי מיר האָט זיך שוין איין „טשער־וואָניעץ" ( א באנקנאָט פון צען רובל — געמיינט 10 יאָר תפיסה) געענדיקט און איצט האָט מען מיר באנייט דעם צווייטן... אָ, איך האָב זיך שוין צוגעוווינט. ביי אונדז גייט עס אַזוי, און דו וועסט זיך אויך צוגעוווינען...

דעם אמת זאָגנדיק, וואָלט איך געווען צופרידן צו ליגן אין דעם ווארעמען באראק און אויפן שטרויענעם מאטראץ, צוגעדעקט מיט דער לייכטער קאָלדרע, ווען נישט די היץ, וואָס האָט מיך געמאטערט און ווען נישט מיין פיבערן. ס׳איז שוין באלד א יאָר, ווי איך האָב זיך נישט אויס־געטאָן צום שלאָפן און נישט געלעגן אין א בעט. עס האָט געדויערט עטלעכע טעג ביז איך האָב זיך צוגעוווינט און אויפגעהערט צו באוונדערן דאָס בעט.

דער פוילישער דאָקטאָר האָט מיך געקאָרמעט מיט אספירין און נאָך א פּאָר טעג איז מיר געוואָרן לייכטער. די היץ האָט א ביסל נאָכגעלאָזט און איך האָב אָנגעהויבן זיך ארומקוקן אויף מיינע שכנים. עס זענען דאָ געווען מענטשן פון אלע קאָלירן און ראסן, אלע קאטאָרזשניקעס, פאר־משפטע דורכן סאָוויעטישן רעזשים און זיינע געזעצן.

אין א ווינקל פון גרויסן זאל איז אויף א בעטל געזעסן א קראנקער און גענייט א מלבוש. כ׳האָב געקלערט, אז ס׳איז אן אייגענער, הגם ער

האָט נישט אויסגעזען ווי א ייד. ער איז געווען אויסגעדארט, און מער ווי הויט און ביינער האָט ער נישט געהאט. די האָר זענען ביי אים געווען אינ־גאנצן אָפּגעשאָרן. ער האָט שנעל געצויגן די נאָדל מיט זיינע דארע פינגער, ווי שטעקעלעך.

כ׳האָב זיך אָנגעשטרענגט, כדי אראָפּצוגיין און זיך צו דערנענטערן צו זיין בעטל. נישט רעדנדיק קיין וואָרט האָט ער מיר געמאכט א פּלאַץ, כדי איך זאָל זיך זעצן נעבן אים. ער האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט.

— מיין נאָמען איז א. ק. און איך בין פון לידע, פון פוילן. כ׳האָב אייך גלייך באמערקט, ווי נאָר זיי האָבן אייך אהער אריינגעפירט. נאָר איר האָט באַקומען אן אָרט נעבן אַזעלכע מערדער, אז איך האָב באשלאָסן בעסער צו וואַרטן ביז איר וועט קענען קומען צו מיר, אין מיין ווינקל. א גאנצן טאָג גייט דאָ א געשפּרעך וועגן יידן. אפילו דאָ, אין עק פון דער וועלט, ווו מיר זענען אלע גלייך איינגעשלאָסן אין דער ערגסטער טורמע פון דער וועלט, איז דער שולדיקער אין זייער אומגליק נאָר דער ייד. צו וואָס זאָל איך פּרווון מיט אים איינצוטענהן, אז איך בין נישט שולדיק. איינער פון זיי דערציילט, אז זיין אויספאָרשונגס־ריכטער איז געווען א ייד און זיין פּראָקוראָר איז אויך געווען א ייד און טאקע נאָר יידן האָבן אים פארמשפּט. מיט וואָס האָט ער זיך פארזינדיקט? מיט א קליינינקייט. ער האָט געגנבעט, ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט, ביז מען האָט אים געכאַפּט. דאָ, אין לאַגער, גנבעט ער ווייטער — א פּאָר רובל ביי א קראנקן אונטערן קישן, א מלבוש ביי עמיצן אנדערש. ער פארקויפט עס און פארטרינקט מיט אנדערע דעם אריינגעשמוגלטן בראָנפן.

— דאָרטן אין דער רעכטער זייט, ווידער, זיצן מענטשן פון אַ גאָר אנדער מין. זיי זענען שווייגנדיקע, פארשלאָסענע אין זיך. זיי זיצן, ווי זיי אליין גיבן איבער, פאר פּאָליטיק און זיי זענען ס. א. ע. (א סאָציאַל־געפערלעכער עלעמענט). זיצן זיי אזוי אויף אייביק, אָן א משפט... ווען מען וואָלט געקענט לייענען די געדאנקען פון זייער מוח וואָלט מען וואַר־שיינלעך געקענט א גאנץ בוך אָנשרייבן... זיי זענען געווען אמאָל... און היינט גאָרנישט... זיצן זיי פארצאָרנטע, אנטוישטע אין לעבן, מיטן באוווסט־זיין, אז זיי האָבן די יונגע און בעסטע יאָרן אָפּגעגעבן פאר א חלום, וואָס לאָזט זיך נישט פארווירקלעכן...

ק. האָט זיך פארטראכט א ביסל און נאָך א ווײַלע שווייגן זאָגט ער מיר: — יאָ, איך האָב אויך געהאט א שטורמישע און קעמפערישע פאר־גאנגענהייט.

— איך בין דערצויגן געוואָרן אין אן אָרעמער יידישער היים, אין א משפחה מיט א סך קינדער. דער טאטע איז געווען דער איינציקער פאר־

דינער, האָט אָפּט צוגעקרענקט און קוים פאַרדינט אויף צו דערנערן די שוואַכע קינדער. די מאַמע, תמיד א פאַרוויינטע, פלעגט באַרגן אַ לעבל ברויט ביים קרעמער און פלעגט פאַר יעדן אָפּשניידן א דינע מוציא. מיר פלעגן דאָס ברויט נעמען מיט ציטערנדיקע הענטלעך. פאַרן מלמד האָט מיין טאַטע נישט געהאַט צו באַצאָלן. יעדע פאַר וואָכן האָט מען מיך אַרויס־געשיקט פון חדר. כ׳האָב זייער פרי אָנגעהויבן צו אַרבעטן. מיין האָפענונג איז געווען צו פאַרדינען געלט, העלפן דעם קראַנקן טאַטן אין דער פרנסה, אָפּווישן דער מאַמעס טרערן.

ביי דער אַרבעט האָב איך זיך באַפריינדעט מיט די עלטערע שניידער־יינגלעך, אויך נישט קיין איבעריק גליקלעכע. זיי האָבן מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז עס איז פאַראַן א גרויסע האָפענונג אין דער צוקונפט, אַז עס קומען נייע צייטן און אַז עס קומט אָן א נייע אָרדענונג, אין וועלכער עס וועלן נישט זיין קיין רייכע און קיין אָרעמע, נישט קיין עקספּלאָאַטאַטאָרן און נישט קיין עקספּלאָאַטירטע. עס וועט זיין א וועלט פון גליקלעכע און צופרידענע. זיי האָבן מיר געגעבן ביכער צו לייענען און איך האָב געשלונגען די נייע ליטעראַטור, געקומען צו געהיימע פאַרזאַמלונגען. כ׳האָב אויסגעפירט קאָנספּיראַטיווע שליחותן, איבערגעפירט געהיימע ליטעראַטור אין אַנדערע שטעט פון פּוילן. כ׳האָב עס אַלץ גענומען ערנסט און כ׳האָב מיט אַלע כוחות געוואָלט דערנענטערן די אויסגעבענקטע צוקונפט, די גליקלעכע צייט פון פרייהייט פון פעלקער און פון פרייהייט פון מענטש, פון ברידערלעכקייט...

ווידער האָט זיך ק. פאַרטראַכט און מיט די טיף־איינגעגראָבענע אויגן געקוקט ערגעץ אין אַן אומענדלעכער ווייטקייט, אין זיין אַזוי׳ נאָענטער און דאָך ווייטער פאַרגאַנגענהייט. א ביסל מיד האָט ער ווייטער געצויגן זיין שמועס.

— איר פאַרשטייט? פאַר אונדז יידן איז די האָפענונג צו באַפרייען די מענטשהייט געווען דאָפּלט גרויס, ווייל מיט דער באַפרייאונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט פון דער לאַסט פון עקספּלאָאַטאַטאָרן וועט אויך באַפרייט ווערן דער יידישער אַרבעטער און האָרעפּאַשניק. ס׳איז געווען א קאַמף פאַר א בעסערער צוקונפט פאַר אַלעמען. אין אויסגלייך פון פעלקער און ראַסן האָבן די יידישע קאָמוניסטן געזען א לייזונג פון דער יידן־פראַגע און א סוף צום אַנטיסעמיטיזם. דערביי האָבן מיר נישט געטראַכט וועגן אַסי־מילאַציע מיט די פעלקער צווישן וועלכע יידן לעבן. מיר האָבן נישט געטראַכט וועגן אומקום, נאָר וועגן א לעבן אַלס א נאַציאָנאַלע מינדערהייט אין דער פעלקער־משפחה.

אָט דערפאַר האָט א גרויסער טייל פון דער יידישער יוגנט געהערט

צו דער באוועגונג און איינגעשטעלט זייער געזונט, זייער פרייהייט און זייער לעבן. מיר האָבן געזען א ליכטיקן שטערן, וואָס קומט אָן פון מזרח.

איך געדענק די לעצטע שליחות, וואָס איך האָב אויסגעפירט און וואָס האָט מיך געפירט אין דער פוילישער תפיסה אויף 4 יאָר צייט.

ס'איז געווען אין מאָנאַט אפריל 1936. די פארטיי האָט מיך געשיקט צו דער סאָוויעטישער גרענעץ אָפּצונעמען די „ביבולע״ (די געהיימע ליטע־ראטור). א מענטש פון דער סאָוויעטישער זייט האָט עס מיר געזאָלט איבער־געבן אלס מאטעריאל צו די פייערונגען פון אָנקומענדיקן 1־טן מאי.

כ'האָב לאנג איינגעשטודירט דעם פּלאַן פון דער רייזע און גוט איינגעחזרט דעם „פאראָל״ צו די מענטשן, וועלכע איך דארף באגעגענען. דער באפעל איז געווען, אז אין פאל פון א דורכפאל, ווען די פוילישע פּאָליציי וועט מיך כאפּן, זאָל איך זיך לאָזן אפילו הרגענען און נישט ארויסגעבן די פארטיי־חברים. אזוי האָט מען מיר א סך מאָל אָנגעזאָגט אין „קעמערל״.

קיין סטאָלפּצי בין איך אָנגעקומען שוין אין אָוונט. אויפן וואָקזאל האָט מיך אָפּגעווארט אן אוקראַינער. דער צייכן איז געווען, אז דער מענטש וועט האלטן דאָס היטל און א צייטונג אין דער רעכטער האנט. איך בין צוגעגאנגען און אים שטיל געזאָגט דעם „פאראָל״ — „קרעמל״. ער האָט זיך אויסגעדרייט און מיר געהייסן אים נאָכגיין. אין א זייטיק געסל האָט אויף אונדז געווארט א פויער מיט א וואָגן, איינגעשפּאַנט מיט א פּאָר פערד. אָן א באגריסונג האָבן מיר זיך ארייַנגעוואָרפן אין וואָגן מיטן שמעקעדיקן היי און דער וואָגן האָט גלייך געריררט פון אָרט.

ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס מען האָט מיר אָנפארטרויט אזא פאראנטוואָרטלעכע מיסיע. בין איך געלעגן אין שרעק און זיך נישט אָפּגערופן מיט קיין איין וואָרט. מיר זענען שנעל ארויסגעפאָרן פון דער שטאָט, דורכגעשניטן מיט זייטיקע וועגן עטלעכע קילאָמעטער פעלד און ארייַנגעפאָרן אין א געדיכטן וואלד. כ'האָב אין שפּאנונג זיך צוגעהערט צו יעדן שאָרך. אין יעדן צווייג האָב איך געזען א געשטאלט פון א סאָלדאַט מיט א ביקס. דאָס הארץ האָט מיר געקלאפּט, ווי ביי א גזלן, וואָס גרייט זיך הרגענען א מענטש.

שפּעט אין דער נאכט האָט זיך דער וואָגן אָפּגעשטעלט. ווייטער קענען מיר נישט פאָרן — האָט מיין באגלייטער שטיל אויפגעקלערט — נאָך א פּאָר קילאָמעטער קענען מיר זיך אָנשטויסן אויף דער גרענעץ־וואך. מיר וועלן ארייַנפירן דעם וואָגן צווישן געדיכטעביימער און מיר וועלן שטיל גיין נאָך א פּאָר קילאָמעטער ביז דער גרענעץ.

אזוי זענען מיר געגאנגען פאָרויס און אָן אויפהער זיך ארומגעקוקט

אין דער פינצטערניש. מיין קערפּער האָט געפיבערט און די פיס האָבן אָפּגעזאָגט צו גיין. מיין באַגלייטער האָט מיך ממש געשלעפּט פאָרויס. עס האָט מיר שוין באַנג געטאָן די גאַנצע אונטערנעמונג. אָבער קיין צוריקוועגס איז נישטאָ.

— שוין נישט ווייט — האָט דער באַגלייטער מיך געטרייסט — נאָך אַ פערטל שעה און מיר וועלן הערן אַ קול פון אַ „קוקושקע״: קו — קו... קו — קו... ביי אים וועלן מיר דאַרפן נעמען דאָס פּעקל.

אָנגעשטרענגטע האָבן מיר אין אייניקע מינוט שפּעטער דערהערט אַ שטילן קו — קו. מיין באַגלייטער האָט געענטפערט מיטן זעלביקן „קו — קו״. אונטער אַ דיקן בוים האָט געוואַרט אויף אונדז אַ רוס מיטן פּאַראָל „קרעמל״. ער האָט אונדז איבערגעגעבן אַ פּעקל און געדריקט אונדז די האַנט. מיר זענען גלייך געגאַנגען צוריק. דאָס פּעקל האָב איך פעסט געדריקט צו זיך, כדי נישט צו פאַרלירן. מיר זענען שנעל געגאַנגען און פון שנעלקייט אָפּט פאַרטשעפּעט אַ צווייג. מיר האָבן געוואָלט וואָס שנעלער קומען צום פויער מיט די פערד, וואָס וואַרט אויף אונדז.

פלוצלינג — אַ שאָס! „סטאָי״ — שרייט מען.

מיר האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט און געלאָפן ווייטער. נאָך צוויי שאָסן זענען אָפּגעגעבן געוואָרן אין אונדזער ריכטונג. פּראָזשעקטאָר־לאָמפּן האָבן באַלויכטן דעם וואַלד. כ׳האָב אַ וואַרף געטאָן דאָס פּעקל אין אַ גרוב און איך בין ווייטער געלאָפן. כ׳האָב זיך אַרומגעקוקט און נישט געזען מער מיין באַגלייטער. איך בין אַליין. די געשרייען „סטאָי״ ווערן נעענטער. איך בין געפאַלן. צוויי זעלנער האָבן מיך געכאַפּט. זיי האָבן געשלאָגן ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט און געקאָפּעט מיט די פיס. דערנאָך האָבן זיי אָנגעטאָן קייטלעך אויף מיינע הענט.

— פון אונדז וועסטו נישט אַנטלויפן, דו שפּיאָן איינער! ווי אַ הונט וועל איך דיך דערשיסן!...

ביז דעם גרענעץ־פּאָסטן איז דער וועג געווען אַ לאַנגער. זיי האָבן דעם גאַנצן וועג נישט אויפגעהערט צו שלאָגן. נאָך יעדן קלאַפּ האָב איך אַרויסגעלאָזט אַ שטילן קרעכץ פון ווייטיק. ענדלעך זענען מיר אָנגעקומען. זיי האָבן מיך אַריינגעוואָרפן אין אַ פינצטערן צימער. איך בין געפאַלן אויף דער ערד און אין דער זעלביקער פּאָזיציע אָפּגעלעגן ביז אינדערפרי.

די ערשטע אויספאָרשונג האָט געפירט אַ יונגער אָפיציר מיט קליינע וואָנצעלעך. ער האָט מיך בייז אָנגעקוקט און אַ פרעג געטאָן מיין נאָמען.

— אַ... אַ שמוציקער ייד — האָט ער געקריצט מיט די ציין. אַלע זייט איר שפּיאָנען! איר ווילט פאַרקויפן אונדזער פּוילן צו די רוסן. איצט

זאָג, ווער האָט דיך געשיקט צו די רוסן, וואָס פאַרא דאָקומענטן האָסטו פאַר זיי?

— כ׳האָב אים געזאָגט, אַז קיינער האָט מיך נישט געשיקט און אַז היות איך בין שוין אַ לענגערע צייט אַרבעטסלאָז, האָב איך געוואָלט גיין קיין רוסלאַנד, כדי דאָרטן צו אַרבעטן.

— זאָגסט ליגן!... ביסט אַ שפּיאָן! איך וועל דיך באַלד אַזוי מאַכן, אַז דו וועסט שוין רעדן!...

זיי האָבן מיך צוריק אַריינגעפירט אין פינצטערן צימער און מערדערלעך געשלאָגן, ביז איך האָב געחלשט. כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט, ווען זיי האָבן מיך באַגאָסן מיט וואַסער. און ווידער האָבן זיי מיך געפירט צו דער אויספאָרשונג. ווידער האָב איך געטענהט דאָס זעלביקע. כ׳האָב ביי זיך באַשלאָסן נישט אַרויסצוגעבן מיינע חברים, אַפילו ווען זיי וועלן מיך טויטן.

דעם זעלביקן טאָג האָט מען מיך אָפּגעפירט אין שטאָט. דער נייער אויספאָרשונגס־ריכטער האָט געפּרוּווט צו רעדן גוטע רייד און מיך צו איבערצייגן, אַז איך זאָל אַרויסגעבן, ווער עס האָט מיך געשיקט קיין רוסלאַנד. ער האָט דערנאָך מיך געדראָט מיט אַ האַרבער שטראָף. איך האָב נישט אויפגעהערט צו טענהן דאָס זעלביקע.

אַ מאָנאַט שפּעטער איז פאָרגעקומען מיין משפּט. כ׳האָב זיך פאַרטיידיקט, ווי נאָר איך האָב געקענט. די פּוילישע ריכטער האָבן מיך פאַראורטיילט צו 4 יאָר טורמע פאַר קאָמוניסטישער טעטיקייט.

אין 1939, ווען די רוסן זענען אַריין קיין פּוילן, זענען גלייך אַלע תּפיסות געעפנט געוואָרן. דריי יאָר צייט האָב איך אָפּגעפינצטערט אין דער פּוילישער תּפיסה. אין מאָמענט פון דער באַפרייאונג האָט זיך אין מיר קוים די נשמה געהאַלטן — אַזוי בין איך געווען אָפּגעשוואַכט און אויסגעמאַטערט. איך בין אָבער געווען פול מיט האָפענונג, אַז די אמתע באַפרייאונג פון מענטש איז געקומען. כ׳האָב אין יעדן רוס געזען אַ באַפרייער און אַ העלד.

אין דער היים האָב איך געפונען די זעלביקע צרות און די פריערדיקע נויט. כ׳האָב זיך פאָרגעשטעלט פאַר נאַטשאַלסטוואַ, דערציילט מיין פאַרגאַנגענהייט און געבעטן אַ פּאָסטן, ווי אויך אַרבעט פאַר מיין פאָטער... זיי האָבן מיך געשיקט פון איין נאַטשאַלניק צו אַ צווייטן און עס האָט דערצו קיין סוף נישט גענומען. כ׳האָב שנעל באַמערקט די גרויסע אומאָרדענונג און דערזען די פּריווילעגירטע ביוראָקראַטן. כ׳האָב זיך איבערצייגט, אַז זיי זאָגן ליגנס, אַז די אַרבעטער אַרבעטן פאַר אַ נישטיקן לוין, ווערן באַרויבט און מען נעמט ביי זיי אַוועק דעם ביסן פון מויל. אומעטום לאָזט זיך שטאַרק פילן דער אַנטיסעמיטיזם.

די אנטווישונג איז שנעל געקומען. נישט פאר אזא אָרדענונג האָב איך געקעמפט, געליטן און איינגעשטעלט דאָס לעבן.

א געוויסע נאכט האָט מען מיך ארויסגענומען פון בעט און אָפּגעפירט אין טורמע. אייניקע וואָכן שפעטער האָט מען מיר איבערגעלייענט אן אורטייל, אז די „טראָיקא״ האָט מיך פארמשפט אויף 11 יאָר ארבעטס־לאגער.

ווען איך בין אָנגעקומען אין דער טייגע, בין איך געווען זייער שוואך. כ׳האָב אָנגעהויבן די שווערע ארבעט און כ׳האָב שנעל דערפילט, אז לאנג וועל איך נישט אויסהאלטן. דער ווילן צום לעבן איז אָבער זייער שטארק. האָב איך אָנגעבונדן א נאסע שמאטע צו דעם פוס און אָפּגעפרוירן א פינגער. איצט שיט איך צו יעדעס מאָל א ביסל זאלץ אויף דער פארפרוירענער וווּנד, אז זי זאָל זיך נישט פארהיילן. איך האָף, אז די 20 פינגער, וואָס איך פארמאָג, וועלן גענוג זיין אָפּצופרירן און בזכות דעם צו ליגן אין שפיטאָל און נישט ארבעטן פארן טייוול... נישט העלפן צו דער פאר־ווירקלעכונג פון אן אידיי, וואָס איז די גרעסטע פאנטאזיע און דער גרעסטער שקר אין דער מענטשלעכער געשיכטע...

## זינד און שטראָף אין סאָוויעטישן רעזשים

נאָכדעם ווי איך בין אָפּגעלעגן עטלעכע טעג אין שפּיטאָל, האָב איך זיך באַפּריינדעט מיטן פּוילישן דאָקטאָר, וואָס איז געווען מיינער א לאַנדסמאַן. ער האָט מיר צוגעזאָגט צו האַלטן אין שפּיטאָל אַזוי לאַנג, ווי עס וועט זיך נאָר לאָזן, יעדער טאָג אין שפּיטאָל איז געווען ווי געפונען, ווייל די אַרבעט אין די פּראַסטיקע טעג און אין טיפן שניי איז זיכער נישט געווען קיין פאַרגעניגן. הגם איך האָב זיך געפילט א סך בעסער, האָט דאָך דער דאָקטאָר מיך געהאַלטן 6 וואָכן צייט. ער וואָלט מיך אויך ווייטער נישט אויסגעשריבן, ווען נישט די קאָמיסיע פון עטלעכע דאָקטוירים, וואָס איז געקומען צו סעלעקציאָנירן די קראַנקע און אָפּשיקן די געזונטע צו דער אַרבעט.

כ׳האָב געהערט, אַז דער נאָמען פון הויפּט־דאָקטאָר, וואָס דאַרף קומען, איז א יידישער נאָמען. כ׳האָב באַשלאָסן אים צו בעטן, אַז מען זאָל דאָ מיך לאָזן בלייבן אַלס סאַניטאַר.

עטלעכע דאָקטוירים זענען אַריינגעקומען און אונטערזוכט יעדן קראַנקן באַזונדער. דער דאָקטאָר ש. מיט זיין איידעלן יידישן פּנים האָט זיך נעבן מיר פאַרהאַלטן א ביסל לענגער. כ׳האָב אים שטיל געבעטן מיך צו פאַר־האַלטן אין שפּיטאָל. „פּאָסמאָטרים״ — מיר וועלן זען — האָט ער געזאָגט. צומאָרגנס האָט מען מיר געהייסן זיך אָנטאָן און איבערגיין אין א צווייטן באַראַק, וווּ איך וועל אַרבעטן אין דער בריגאַדע, וואָס באַדינט דעם שפּיטאָל.

מיר זענען געווען בערך 40 מאַן אין גוט באַהייצטן באַראַק. מיר האָבן באַקומען גענוג צו עסן און האָבן ביי דער אַרבעט נישט געהאַט קיין נאָרמעס אויסצופילן. מיר האָבן געאַרבעט, ווי איינער האָט געקענט. ס׳איז געבליבן צייט צו כאַפּן א קוק אין די אַנדערע באַראַקן פון שפּיטאָל, כדי צו זוכן באַקאַנטע צווישן די קראַנקע. כ׳האָב געטראָפן זייער ווייניק יידן. עס זענען אויך געווען באַראַקן פאַר קראַנקע פרויען, אַן אָפּטיילונג פאַר ווענעריש־קראַנקע פרויען, וועלכע האָבן זייער דאָקטאָר אָנגערופן „גענעראַל סיפיליס״. ס׳איז אויך געווען אַן אָפּטיילונג פאַר סתם קראַנקע און א געבורטס־אָפּ־טיילונג.

צווישן די פרויען זענען אויך געווען פאַרשידענע פאַרברעכער. אַ סך פון זיי זענען געזעסן צוליב פּאָליטישע טעמים, אָדער אַזעלכע, וועמענס מענער מען האָט פאַרדעכטיקט צו זיין פּאָליטישע קעגנער. עס זענען אויך געווען קרימינעלע פאַרברעכערינס. נישט זעלטן איז געווען די דער־שיינונג, ווען פרויען האָבן זיך באַמיט צו פאַרשוואַנגערן, כדי נישט צו גיין צו שווערער אַרבעט. אַ שוואַנגערע פרוי איז באַפרייט געוואָרן פון דער אַרבעט 3 חדשים פאַרן געבורט פון קינד און דריי חדשים נאָכן געבורט. די קינדער האָט מען צוגענומען פון די מאַמעס און זיי אָפּגעפירט ערגעץ אין אַ יתומים־הויז. די פרוי איז ווידער געגאַנגען אַרבעטן ביז זי האָט ווידער פאַרשוואַנגערט.

ס׳איז געווען צו שטוינען, ווי די מאַמעס פלעגן אָן קיין שום ווידער־שטאַנד אָפּגעבן זייערע קליינע קינדערלעך, וויסנדיק, אַז זיי וועלן מער קיינמאָל זיי נישט זען. די דערשיינונג איז אַן אומפאַרשטענדלעכע. אפילו חיות שטעלן אַ ווידערשטאַנד, ווען מען פּרוּווט ביי זיי צונעמען די זויג־קינדער...

אַ געוויסן טאָג האָט מען מיך געשטעלט צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע צו רייסן דראַניצעס, דאָס הייסט צו מאַכן שינדלען פאַר די דעכער. מיר האָבן געאַרבעט נעבן מתים־שטיבל, ס׳איז געווען אַן אָפענער באַראַק, אָן אַ טיר. יעדן פרימאָרגן האָבן סאַניטאַרן געבראַכט טויטע אויף אַ טראָג־בעטל, נאַקעטע, אָן אַ העמד אפילו, איבערגעקערט זיי אויף דער נאַרע און אַוועקגעגאַנגען. ס׳איז געווען אַ שוידער צו קוקן אויף די טויטע קער־פּערס. אַ סך זענען געלעגן מיט אָפענע אויגן און עס האָט אויסגעזען, ווי זיי קוקן און מאָנען גערעכטיקייט ביי דער מערדערישער וועלט.

נאָך מיטאָג איז געקומען די עגלה, אַ וואָגן איינגעשפּאַנט אין צוויי פערד. צוויי „זאַקלוטשאָנע״ האָבן אַריינגעוואָרפן זייערע טויטע חברים, איינעם אויפן אַנדערן און אָפּגעפירט אַ קילאָמעטער פון לאַגער, ווו זיי האָבן געמאַכט אַ גרוב אין טיפן שניי. די ערד האָבן זיי נישט געגראָבן, ווייל זי איז געווען האַרט און פאַרפרוירן. די טויטע האָט מען אַריינגעלייגט צוזאַמען אין אַ ברודער־קבר. שפּעטער האָבן די וועלף פאַרענדיקט די מלאכה...

ס׳איז געווען דער 6־טער מאַי. אַ טיפער שניי ביז די קני האָט נאָך באַדעקט די ערד. מען האָט אונדז אַרויפגעזעצט אויף לאַסט־אויטאָס און במשך עטלעכע שעה האָט מען אונדז געפירט אין דער ריכטונג פון פּיעטשאָראַ. ווידער באַוואַכט פון אַ קאָנוואָי מיט ביקסן גרייט צו שיסן, מיט וועכטער, וואָס קוקן אויף אונדז מיט אומצוטרוי, פּונקט ווי מיר זאָלן זיין שולדיק אין אַלע אומגליקן אויף דער וועלט.

מיר זענען אָנגעקומען אין א לאגער, וואָס האָט שוין עקזיסטירט זייט לאנג. גרייטע באראקן אין דער זעלביקער אונדז שוין באקאנטער פאָרם, די זעלביקע צוויי־גאָרנדיקע נארעס. דער לאַגער, ווי אַלע אנדערע, ארומגעצוימט מיט שטעכעדיקן דראָט. צוויי הויכע „ווישקעס" — וואך־טורעמס אין די ווינקלען און אויף זיי וועכטער. ביים טויער — סאָלדאטן מיט ביקסן און מיט הינט.

מיר זענען פארטיילט געוואָרן אין אייניקע בריגאדעס און אינדערפרי זענען מיר שוין געגאנגען צו דער ארבעט. אונדזער אויפגאבע איז געווען צו פארשיטן א טאָל, בכדי אויסצוגלייכן דעם וועג, אויף וועלכן עס וועט גיין דער באן פון קאָטלאס ביז פּיעטשאָראַ.

מיר האָבן מיט לאָפּאטעס אָנגעשאָטן די ערד אויף לאסט־אויטאָס און זי געפירט צום טאָל. מיר האָבן געארבעט און צוויי שיכטן — בייטאָג און ביינאַכט. יעדע שיכט צו 12 שעה מיט אן איבעררייס פון אַ האַלבער שעה אויף מיטאָג. ווען ס'איז מיין שיכט אויסגעפאלן צו ארבעטן ביינאכט, האָב איך געווארט אויף דער נאכט און ס'איז נישט געוואָרן פינצטער. מען זעט אין יענע מקומות ווי די זון פארגייט און באווייזט זיך גלייך צוריק אויפן האָריזאָנט מיט איר ווייטער ליכטיקייט. די דערשיינונג איז א באַ־קאנטע, אָבער ס'איז א וואונדערבארע זעאונג, וואָס לאָזט זיך נישט פארגעסן.

אין א געוויסער טאָג־נאכט איז געשען א פאָרפאַל ביי דער ארבעט. מיר האָבן געגראָבן א בארג און אין א באשטימטן מאָמענט האָט א שטיק בארג זיך אָפּגעשפאלטן און פארשאָטן איינעם פון אונדזערע ארבעטער. מיר האָבן זייער שנעל אים אָפּגעגראָבן מיט די הענט און ער האָט נאָך געלעבט. איך בין געלאָפן צו דער וואך און געבעטן, אז מיר זאָלן קענען אוועקפירן דעם פארוווּנדעטן צום דאָקטאָר מיטן לאסט־אויטאָ, וואָס פירט די ערד. דער ענטפער איז געווען, אז ער קען נישט דערלויבן צוצונעמען אן ארבעטער, ווייל ער מוז נאָך דער ארבעט צוריק צושטעלן אין לאגער די צאָל קעפּ, וועלכע ער האָט גענומען אויף זיין פאראנטוואָרטלעכקייט, לעבעדיקע צי טויטע.

ביז דער דאָקטאָר איז געקומען איז דער אומגליקלעכער געשטאָרבן.

דעם טויטן קערפּער האָבן זיי גלייך צוגענומען. מיר האָבן קאָנטינואירט די ארבעט אין א געדריקטער שטימונג.

די ארבעט איז בכלל שנעל פאָרויסגעגאנגען, די צענדליקער טויזנטער שקלאפן זענען אָן אויפהער געיאָגט געוואָרן, און נאָכדעם ווי מיר האָבן אויס־געגלייכט דעם באָדן זענען גלייך אויסגעלייגט געוואָרן די שוועלן און דערנאָך די באן־רעלסן.

ווען מיר האָבן געהערט דעם ערשטן פייף פון לאָקאָמאָטיוו, האָט זיך

ביי אונדז אלעמען דערוועקט א שטיקל האָפענונג, אז מיר וועלן נאָך מעגלעך צוריקפאָרן מיט דער זעלביקער באַן אהיים.

נאָך יעדע 10 טעג ארבעט איז דער 11־טער געווען „וויכאָדנאָי", דאָס הייסט אן אָפּרו־טאָג. אָבער מיר האָבן דעם דאָזיקן „אָפּרו־טאָג" געארבעט אין לאגער. און די דאָזיקע ארבעט האָט זיך נישט גערעכנט. דערפאר אָבער האָבן מיר זיך געקענט זען מיט מענטשן פון אנדערע בריגאדעס און מען האָט זיך דערציילט פארשידענע „נייעס" פון דער פּאָליטישער אקטואליטעט. אין גרעסטן טייל זענען עס געווען אלטע „נייעס" אָדער אויסגעטראכטע, געוווּנטשענע. אזוי צום ביישפּיל האָט זיך דער עולם געטרייסט, אז די באַציאונגען מיט יאפּאן ווערן שארפער. אנדערע, ווידער, האָבן געוווּסט צו דערציילן, אז דער שלום מיטן דייטש האלט אויף א האָר.

איך געדענק דעם טאָג, ווען די דייטשע ארמיי איז אָנגעפאלן אויף רוסלאנד. אונדזער בריגאדע האָט געהאלטן ביים אָנלאָדן א פלאטפאָרמע מיט רעלסן. מיר זענען געווען 30 אָפּגעשוואכטע שקלאפן, וואָס האָבן זיך קוים געשלעפּט אויף די פיס. מיר האָבן די שווערע אייזנס געשלעפּט אויפן וואגאָן מיט אלע כחות. אָפט איז עמעצער געפאלן, זיך פארוווּנדעט הענט און פיס. די צוויי ברידער ז. פון לודמיר, נאָך גאָר יינגלעך, זענען געווען גע־צוווּנגען צו ארבעטן, זייענדיק שווער פארוווּנדעט. זיי האָבן מיט טרערן אין די אויגן זיך געבעטן א פּאָר מינוט אָפּרו. עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. נאָכמיטאָג איז אַ האלבע בריגאַדע געווען פארוווּנדעט אָדער קראַנק.

ווען מיר האָבן דאָך זיך געזעצט אָפּרוען, איז אָנגעקומען אַ באַן. צו־קומענדיק נענטער האָט זיך די באַן לאנגזאמער געשלעפּט און האָט זיך אָפּגעשטעלט. קיין איין באַן האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אינמיטן וועג און די זאַך איז אונדז געוואָרן קשהדיק.

דער מאשיניסט איז אַרויסגעגאנגען, כדי כלומרשט צו באַגיסן די רעדער מיט בוימל. ער האָט אונדז מיט פרייד שטיל אַ זאָג געטאָן:

— חברים, נעכטן האָט דער דייטש באָמבארדירט קיעוו, כארקאָוו און נאָך אנדערע שטעט. די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן....

די ידיעה האָט אונדז געטראָפן, ווי א באָמבע. מיר זענען געווען צע־טומלט. קיינער האָט זיך אין דעם מאָמענט נישט אָפּגעגעבן קיין גענויען חשבון וועגן דער באַדייטונג פון דער געשעעניש. קיינער האָט נישט געזאָרגט וועגן דעם חורבן, וואָס די באָמבעס האָבן אָנגעמאכט און נישט וועגן חורבן, וואָס יעדער קריג ברענגט מיט זיך. עפּעס אן אינערלעכע פרייד האָט יעדן פון אונדז באַהערשט. עולם איז געווען צופרידן, וואָס עפּעס האָט זיך אַ ריר געטאָן. אפשר איז געקומען די צייט, ווען עמעצער וועט א טראכט טאָן וועגן די מיליאָנען שקלאפן, וואָס שמאכטן אין די רוסישע

טורמעס און אין די לאַגערן, ווי מען זייגט פון זיי אויס דעם לעצטן טראָפּן בלוט און ווו זיי גייען ארום ווי סקעלעטן, אין וועלכע קוים די נשמה האלט זיך.

און אפשר איז נאָענט דער טאָג פון באפרייאונג?...

אויך די רוסישע „זאקלוטשאָנע" האָבן זיך געפרייט מיט דער נייעס, וואָס דער דייטש באָמבארדירט און ברענט רוסישע שטעט.

כ'האָב געפרעגט מיין רוסישן שכן, אן אינטעליגענטער, פארשטענד־לעכער מאן, וואָס ער קלערט אין איצטיקן מאָמענט.

— געוויס, עס איז זייער טרויעריק, וואָס איך, א רוס, וועלכער האָט ליב זיין פאָטערלאנד, זאָל זיך פרייען, ווען מען ברענט אונדזערע שטעט און דערפער, ווען מען הרגעט מיינע ברידער, רוסן. אָבער די פרייד איז אן אויסדרוק פון כעס און פון פארביטערונג פאר צען יאָר ליידן און פאר־שקלאפונג, פארן ים פון פארגאָסענע טרערן און בלוט. א קליקע זינלאָזע פאנאטיקער האָבן פארוואנדלט אונדזער שיין לאנד אין א גרויסע לאבאָ־ראטאָריע פאר זינלאָזע עקספערימענטן, פאר אן אידיי, וואָס איז נישט רעאליזירבאר אין לעבן.

— עס וווּנדערט מיך שטארק — האָב איך אים געזאָגט — אויף אייערע רייד. איר זענט דאָך אַ קינד פון דער רעוואָלוציע. געבוירן קורץ פאר דער מלחמה, געדענקט איר דאָך נישט קיין אנדער אָרדענונג. פארוואָס זענט איר נישט מסכים מיטן נייעם רעזשים? און אפשר איז עס אויך אייער אייגענע שולד, וואָס איר געפינט זיך דאָ מיט אונדז אין דער טייגע?

זיכער איז עס מיין שולד, וואָס איך געפין זיך דאָ מיט אייך אויף פארשיקונג — האָט ער מיר איבערגעריסן. אָבער כדי מיך צו פארשטיין, דארף מען איבערלעבן דאָס זעלביקע וואָס איך...

— נאָך יאָרן פון פלייסיקער ארבעט האָב איך זיך דערשלאָגן צו אן אָנגעזעענעם פאָסטן. איך בין נאָמינירט געוואָרן אלס פּרעדסעדאטעל (פאָר־זיצער) פון א קאָלכאָז אין אָדעסער געגנט. מיט מיר איז אויך געווען אן אגראָנאָם און א פּאָליטרוק. צוזאמען האָבן מיר געטראָגן די פאראנטוואָרט־לעכקייט פאר דערפילן דעם „פּלאן", די נאָרמע וואָס מען האָט אויף אונדז ארויפגעלייגט. פאר מיין אָנקום אין קאָלכאָז איז די נאָרמע קיינמאָל פריער נישט אויסגעפילט געוואָרן.

דער אגראָנאָם האָט אויפגעוויזן שווארץ אויף ווייס, אז די ערד איז א גוטע און ווען מיר וועלן פארזייען די געהעריקע נאָרמע ווייץ און אויב מיר וועלן האָבן גענוג טראקטאָרן, מוז ארויסקומען די נאָרמע ברויט.

אָבער די נאָרמע איז נישט ארויסגעקומען....

דער פּאָליטרוק האָט געהאלטן זיינע פּאָליטישע דרשות און געפּאָדערט,

אז די קאָלכאָזניקעס זאָלן פלייסיק ארבעטן, זאָלן אוועקגעבן זייערע כחות פארן פאָטערלאנד און פארן הייליקן פאָטערל סטאלין.

כדי צו דערגיין די סיבה פון דער שלעכטער געֿרעטעניש האָב איך געפּרוווט זיך צו באקענען מיטן פּריוואטן לעבן פון די ארבעטער, פון קאָלכאָזניק. איך האָב געזען, אז פון אמאָליקן שטאָלצן פויער, וואָס האָט מיט שווייס באארבעט זיין שטיקל ערד און דערנאָך מיט געזאנג אראָפּ־גענומען דעם שניט צו זיך אין שייער, האָבן מיר געמאכט א שקלאף און דערצו א הונגעריקן שקלאף, וואָס האָט דאָס געפּיל, אז ער ארבעט אויף פרעמדע פעלדער. ארבעט ער אָן שווייס און ער שניידט אָן געזאנג, ווייל די סנאָפּעס זאנגען פירט ער אין א פרעמדן שייער און ער באקומט דערפאר א הונגער־לוין.

מען האָט דעם רוסישן מענטש אויסגעלערנט, אז ער זאָל נישט וויינען, ווען מען שלאָגט אים און ער זאָל נישט פּראָטעסטירן.

ווען מען האָט מיך נאָכן ערשטן יאָר ארבעט ארויסגערופן אין הויפּט־ביוראָ און מען האָט מיך געפרעגט פארוואָס איך האָב נישט אויסגעפירט די נאָרמע, האָב איך געזאָגט, אז דער פויער איז נישט צופרידן און אז מיט א ליידיקן מאָגן קען ער נישט ארבעטן.

די שטראָף פאר זאָגן דעם אמת איז באשטאנען פון 10 יאָר ארבעטס־לאגער.

א צווייטער רוסישער „זאקלוטשאָני” האָט מיר אויך אויפגעקלערט די סיבה פון זיין שטימונג.

— כ'וועל דיר זאָגן, פארוואָס איך פריי זיך איצט. שוין 12 יאָר ווי איך האָב נישט געהאַט די מינדעסטע האָפענונג צו ווערן א טאָג פריי און פארלאָזן אָט די טייגע. איצט, ווען עס ברענען אונדזערע שטעט און ווען עס ציטערט די רוסישע ערד פון די דייטשע באָמבעס, וועט זיך אפשר אויך א שאָקל טאָן אונדזער פארשאָלטענער רעזשים, די מערדערישע אָרדענונג אונדזערע... און דעמאָלט וועט זיין א האָפענונג פאר אונדז אלע, וואָס שמאכטן דאָ, באפרייט צו ווערן.

— דארפסט וויסן — זאָגט ער ווייטער — אז דאָס רוסישע פאָלק איז א גוט פאָלק און די נאטור פון רוסישן מענטש איז א גוטע. ער איז „דושא טשעלאָוויעק” — א הארציקער מענטש. נאָר די באנדע פאנטאזיאָרן מיטן „פאָטערל סטאַלין” בראש האָבן דעם רוסישן מענטש אויסגעמאטערט. זיי האָבן אים שלעכט געמאכט.

אין די 12 יאָר פון מיין לאגער־לעבן, אין די פארשידענע לאגערן אין דער ברייט און דער לענג פון אונדזער לאנד, האָב איך געזען א ים מיט צרות און איך האָב געהאַט גענוג צייט וועגן אלץ נאָכצוטראכטן.

כ׳האָב אין די לאַגערן געזען אַזויפיל מענטשן, אַז איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז האַלב רוסלאַנד זיצט אונטער שטעכעדיקע דראָטן און די מערהייט פון די אַלע מענטשן שרייט: „געוואַלד, פאַרוואָס?... פאַר וועלכע זינד?...״ די מערהייט פון זיי האָט קיינמאָל פאַר זייערע אויגן קיין געריכט נישט געזען און קיינמאָל פאַר קיין משפט נישט געשטאַנען. און זיי שמאַכטן אין די תפיסות און לאַגערן ביז דער טויט וועט זיי באַפרייען פון די ליידן.

— און אפשר, חבר, זאָגסטו מיר פאַרוואָס האָט מען דיך אַהער געבראַכט און דו ווייסט אפילו נישט אויף ווי לאַנג? — האָב איך אים אַ פרעג געטאָן.

— געוויס קען איך דיר דערציילן — זאָגט ער צו מיר — אויב דו ווערסט עס פאַרשטיין. אין יאָר 1930 האָב איך געאַרבעט אין קיעוו אַלס אָנגעשטעלטער אין אַ פאַבריק. קיין סטאַכאַנאָוויעץ בין איך קיינמאָל נישט געווען, אָבער אויך נישט פון די לעצטע. מיט אונדזערע פאַרדינסטן האָבן מיר קוים, קוים געקענט דורכקומען. איך האָב אָבער קיינמאָל קיין טענות נישט געהאַט און נישט פּראָטעסטירט קעגן אונדזער אָרעם לעבן. כ׳האָב געוווּסט, אַז מען טאָר נישט רעדן... איבעריקנס האָט יעדער איינער געוווּסט, אַז פאַר אַ „וואָרט״ באַקומט מען קאַטאָרגע.

כ׳האָב אויך גוט געלעבט מיט מיינע חברים. אַ געוויסן טאָג האָט אַ חבר מיך באַזוכט ביי מיינע עלטערן אין שטוב. מיר האָבן צוזאַמען באַטראַכט דעם אַלבאָם מיט פאָטאָגראַפיעס פון מיינע קינדער־יאָרן אָן. אויף איין פאָטאָגראַפיע בין איך מיט נאָך אַ מיידעלע געווען פאָטאָגראַפירט מיט טראָצקין.

איך בין נאָך דעמאָלט געווען אַ קליין יינגל און געלערנט אין דער פאָלקס־שולע. אַ געוויסן טאָג האָט מען געמאָלדן, אַז דער חבר טראָצקי וועט באַזוכן אונדזער שולע. איך האָב אפילו דעמאָלט נישט געגוי געוווּסט, ווער עס איז דער דאָזיקער טראָצקי. היות די לערער האָבן אים געוואָלט באַגעגענען מיט בלומען, האָט מען מיך מיט אַ מיידעלע אויסגעוויילט, אַז מיר זאָלן דערלאַנגען טראָצקין די בלומען ביי זיין אָנקום אין דער שולע.

טראָצקי האָט אונדז זייער געדאַנקט און האָט אונדז, די ביידע קינדער, אַרומגענומען. דער פאָטאָגראַף איז דערביי געווען און האָט די סצענע פאַראייביקט. מיין חבר האָט געקוקט אויף דער פאָטאָגראַפיע און האָט זי זייער באַוווּנדערט. צומאָרגנס איז געקומען נ. ק. וו. ד. און האָט געמאַכט ביי מיר אַ רעוויזיע. זיי האָבן מיך צוגענומען צוזאַמען מיט דער פאָטאָגראַפיע. חדשים־לאַנג האָבן זיי מיך געפּייניקט אונטער דער באַשולדיקונג, אַז איך בין אַ טראָצקיסט. עס האָבן נישט געהאָלפן מיינע געשרייען און תחנונים, אַז איך האָב קיין אַנונג נישט פון דעם, אַז דער טייוול האָט אַראָפּגעבראַכט טראָצקין צו פאָטאָגראַפירן זיך מיט מיר ווען איך בין געווען אַ קינד.

אָט דערפאַר האָט מען מיך געבראַכט דאָ אהער אָן א געריכט, אָן א משפּט און מן הסתם וועט עס זיין אָן א סוף.

שוין צום ווילפסטן מאָל פרעג איך זיך אליין „פאַרוואָס ?", דעם זעלביקן „פאַרוואָס ?", וואָס מיליאָנען רוסן פרעגן. פאַרוואָס נעמט א רעגירונג און ארעסטירט, זעצט איין, פאַרשיקט און פּייניקט אזוי פיל מענטשן ביי דעם מינדעסטן פאַרדאַכט פון קעגנערשאַפט, אָדער אפילו בכלל אָן א פאַרדאַכט, נאָר כדי אָנצוואַרפן א פּחד אויף דער באַפעלקערונג.

איך פּרוּוו עס אלץ צו פאַרענטפערן און איך מיין, אז ווען ביי א מענטש איז דאָס געוויסן נישט ריין, האָט ער מורא אפילו פאַר זיין אייגענעם שאָטן. דאָס איז גילטיק ביים פּרט, ווי ביים כלל...

נישט צופרידן פון דער מלחמה מיט די דייטשן זענען געווען די גנבים, רויבער און מערדער. זיי האָבן, נעמלעך, געוווסט די דאַטע, ווען זיי וועלן זיין פריי. זיי האָט מען געמשפּט און זיי האָבן געהאַט אַ געניטעם אורטייל. פאַר זיי — זאָגט מיר אַ גנב — איז נישט קיין אונטערשיד, וואָס פאַרא רעזשים עס וועט זיין אין לאַנד. זייער פאַך איז גנבענען, ווייל פון אָרנטלעכער אויפפירונג קען מען ביי אונדז קיין לעבן נישט מאַכן.

— אגב — זאָגט מיר דער זעלביקער — איז עס נישט קיין גרויסע חרפּה צו זיין א גנב, ווייל דער גרעסטער טייל רוסן קען נישט לעבן מיט די פאַרדינסטן און מען מוז צוגנבענען ביי דער ארבעט, כדי צו קענען דורכלעבן.

לערנט מען דאָך אונדז אויף אלע פאַרזאַמלונגען, אז מיר זאָלן ארבעטן פלייסיק פאַר אונדזער „געמיינזאַמער זאַך" ביז עס וועט פאַרווירקלעכט ווערן די גרויסע אידיי... הייסט עס נישט אז ער גנבעט. ער באַרגט זיך דערווייל אויס ביי דער „געמיינזאַמער זאַך" ביז עס וועט פאַרווירקלעכט ווערן (אָדער נישט) די גרויסע אידיי.

נאָך אַ פּאָר טעג ארבעט ביים אָנלאָדן די שינעס אויף די וואַגאָנעס האָבן מיר אין דער בריגאַדע געהאַט עטלעכע פאַרוווּנדעטע, וועל־כע מען האָט געמוזט אָפּפירן אין שפּיטאָל. אלע זענען געווען אויסגעמאַטערט און קראַנק. דער נאַטשאַלניק פון לאַגער האָט געבראַכט א דאָקטאָר פון שפּיטאָל און מען האָט אונדז אלעמען גערופן אויף אן אונטערזוכונג. ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אז פון די 83 ק"ג, וואָס כ'האָב געוויגן ווען מען האָט מיך ארעסטירט, איז מיר נאָך געבליבן 51 ק"ג. דער דאָקטאָר האָט מיך אָנער־קענט פאַר א „מאַלאַקראָוונע", בלוט־אָרעמער.

פון אלע אָפּגעשוואַכטע (מאַלאַקראָוונע) האָט מען פאָרמירט א נייע בריגאַדע. איך בין באַשטימט געוואָרן אלס בריגאַדיר. אויך דאָ האָט מיר געהאָלפן מיין קענטעניש פון רוסיש. מיר האָבן באַקומען א לייכטערע ארבעט.

אין די מקומות, ווו מיר זענען געווען, וואַקסט נישט קיין גראָז, וואָס זאָל זיך לאָזן צוגרייטן אלס פּאַשע אויף ווינטער פאר די עטלעכע פערד. איז זיי איינגעפאלן צו אָפּרייסן די צווייגעלעך פון די בעריאָזע־ביימער און בינדן זיי אין בעזעמלעך, וועלכע מען וועט אויסטריקענען. ווינטער האָט מען די בעזעמלעך געפּארעט מיט הייס וואַסער, געהאַקט אויף שטיקלעך און עס געגעבן די פערד צו עסן.

מיין בריגאַדע איז דערפאר יעדן טאָג געגאנגען אין וואלד. צוויי סאָל־דאַטן, באַוואָפנטע מיט ביקסן און באַגלייטעט מיט א גרויסן הונט, האָבן אונדז געהיט. צוערשט האָבן מיר אויסגעהאַקט א ליניע אין 4 זייטן פון א גרויסן שטח וואלד. אין צוויי ווינקלען פון דעם פּירעק האָבן מיר אויפ־געשטעלט „ווישקעס", דאָס הייסט וואך־טורעמס צו איינעם פּאָר א סאָל־דאַט. פון אויבן האָט דער סאָלדאַט גוט געקענט זען, צי עמעצער פון אונדז גייט נישט איבער דער פארבאָטענער זאָנע, ווי זיי האָבן עס גערופן: „זאַפּרעטנאַיאַ זאָנאַ".

מיר האָבן זיך צעוואָרפן איבערן שטיקל וואלד און געריסן די צוויי־געלעך, זיי געבונדן און צונויפגעלייגט. די ארבעט איז נישט געווען קיין שווערע. אָבער ס׳איז דאָ געווען אַן אַנדער צרה. אין די מאָנאַטן יוני און יולי פליען אַרום אין די וועלדער פון יענער געגנט קליינע פליגעלעך, וועלכע מען רופט „מאָשקאַ". זיי זענען קלייניקע און קוים זעבאַרע, אָבער זיי ראַיעז זיך אין מיליאַרדן און ווען זיי באַפאלן א נאַקעט שטיקל לייב ביי א מענטש, ווערט דאָס אָרט באַגאָסן מיט בלוט. זיי טרינקען דאָס בלוט און דער מענטש ווערט געשוואָלן.

מיר האָבן באַקומען געדיכטע נעצן צום פּנים און צום קאָפּ און הענטש־קעס אויף די הענט. דאָס וואַטענע וועסטל, די „פופאַיקע", האָט מען ממילא קיינמאָל נישט אויסגעטאָן. איצט האָט זי אונדז געדארפט שיצן קעגן דער „מאָשקאַ". מיר זענען ארומגעגאנגען און געאַרבעט, ווי מאַסקירטע. ווען ביי עמעצן האָט זיך על פּי צופאל אַנטפּלעקט א שטיקל פּנים אָדער האַנט, איז ער גלייך צעביסן געוואָרן ביז בלוט.

מיטאָג־צייט האָבן מיר צעלייגט א גרויסן פייער. די „מאָשקאַ" האָט מורא געהאַט פאר רויך. זיי האָבן אונדז געלאָזט רואיק אויסזופּן אונדזער „באַלאַנדע", וועלכע מען האָט געבראַכט אין א הילצערן פעסל אויף א וואָגן מיט א פערדל. און ווייטער „רעביאַטאַ" צו דער ארבעט, רייסן די בעזעמלעך פאר די הונגעריקע פערדעלעך.

עס זענען צווישן אונדז געווען אַזעלכע פאַרמאַטערטע און אָפּגעשוואַכטע מענטשן וואָס האָבן זיך באַוועגט, ווי אויטאָמאַטן. נישט וויסנדיק געווני וואָס ער טוט און ווו ער גייט, פלעגט אַזאַ איינער פארבלאָנדזשען און אַרויסגיין

אויף דער פּאַרבאַטענער זאַנע. דער סאָלדאַט פּלעגט ארויסלאָזן דעם הונט און לאַנג האָט מען געפּילט די ציינער פון הונט.

א מעשה נורא איז געשען מיטן יונגן בחור ב. פון זאמאָזשטש. דאָס יינגל איז געווען זייער אָפּגעשוואַכט און מיר האָבן אַלע צוגעהאָלפן, אַז ער זאָל כאַטש מאכן א שטיקל נאָרמע. אין איין טאָג האָט ער אַזש דריי מאָל פאַרבלאָנדזשעט צו דער פּאַרבאָטענער זאָנע. צוויי מאָל האָט דאָס יינגל קוים זיך ארויסגעדרייט פון די הינטישע ציינער. דאָס דריטע מאָל האָט דער סאָלדאַט אויסגעשאָסן און געהייסן אים זיך לייגן.

איך בין צוגעלאָפן צוזאמען מיטן רוסישן דיעסאַטניק, וואָס איז מיט אונדז געווען. כ'האָב דעם סאָלדאַט געבעטן, ער זאָל אָפּלאָזן דאָס יינגל.

— זעסט דאָך — האָב איך אים געזאָגט — אַז דאָס יינגל איז אַזוי שוואַך, אַז ער ווייסט נישט ווו ער גייט און וואָס ער טוט און דו מיינסט, אַז ער וויל אנטלויפן.

דער רוסישער דיעסאטניק האָט דאָן געזאָגט, אַז ער וועט אים באַשטראָפן אויף זיין שטייגער, אַז עס זאָל אים זיך איבערוועלן צו אנטלויפן. ער האָט געהייסן דעם אָרעמען יינגל זיך אויסצוטאָן. מיט געוואַלד האָט ער אים אראָפּגעצויגן דאָס שמוציקע העמד און די „מאָשקאַ" איז באַפאַלן דעם נאַקעטן, אויסגעדאַרטן קערפּער. זיי האָבן אים באַזעצט אין די מיליאַרדן. זיין קערפּער איז געוואָרן שוואַרץ און באַלד האָט זיך געגאָסן בלוט. דאָס יינגל האָט זיך געוואָרפן אויף דער ערד, געוויינט און זיך געבעטן. מיר האָבן אַלע פּראָטעסטירט. דער סאָלדאַט מיטן הונט ביי דער זייט האָט אָבער געהיט, אַז די שטראָף זאָל אויסגעפירט ווערן. ערשט ווען דאָס יינגל איז געווען אינגאַנצן געשוואָלן האָט מען אים דערלויבט זיך אָנצוטאָן. צומאָרגנס האָט מען אים אוועקגעפירט אין שפּיטאָל. מער האָב איך אים נישט געזען.

א פּאָר טעג שפּעטער האָט מען מיר צוגעטיילט צוויי יינגלעך. איינער איז געווען אַן אוזבעק פון טאַשקענט מיטן נאָמען שאַבאַטיעוו. דער צווייטער אַן אוקראַינער מיטן נאָמען איוואַן פּיעדאָרענקאָ.

מיך האָט אינטעריגירט דער נאָמען שאַבאַטיעוו. עס האָט געקלונגען יידישלעך. אַזוי האָט זיך מיר געדוכט. זיצנדיק ביים פייער האָב איך א פרעג געטאָן דעם שוואַרצן אוזבעק, צי ער איז א ייד. ער האָט מיר גלייך געזאָגט: „יאָ!"

— און איך בין אויך אַ ייד — האָט אויסגעשריגן דער אוקראַינער, וואָס האָט אויסגעזען, ווי אַן אמתדיק פּויעריש דאָרפס־יינגל.

אַלע זענען געבליבן פאַרוווּנדערט און נישט געוואָלט גלויבן.

— יאָ, איך בין א ייד — האָט דער אוקראַינער געזאָגט — און איך וועל אייך דערציילן. מיין ריכטיקער נאָמען איז אבראשא איינבינדער.

געבוירן בין איך ביי יידישע עלטערן באלד נאָך דער וועלט־מלחמה אין א שטעטל אין אוקראַינע. דערנאָך איז געקומען א קליין שוועסטערל. מיין פאָטער האָט געארבעט אין אן ארטעל. ער האָט אָבער נישט גענוג פאר־דינט און עס זענען געקומען די יאָרן פון „גאָלאָד״, פון הונגער, הייסט עס, מענטשן זענען געשטאָרבן אין די טויזנטער.

מיין טייערע מאמע האָט אין וואלד געריסן פארשידענע גראָזן און קאָרע פון די בוימער. זי האָט עס געקאָכט, באשמאָלצן מיט אירע טרערן און געגעסן. דער פאָטער האָט אַלץ פארקויפט פון שטוב, כדי צו דערנערן די צוויי קליינע קינדער. אליין איז ער מיט יעדן טאָג געוואָרן דארער ביז ער איז קראנק געוואָרן און געשטאָרבן. קורץ נאָך מיין פאָטערס טויט האָט אויך מיין אָרעמע מאמע נישט אויסגעהאלטן און איז געשטאָרבן.

מיך מיט מיין שוועסטערל האָט מען צוגענומען אין אַ „דיעטדאָם״, א יתומים־הויז. מען האָט אונדז גלייך צעטיילט.

ער האָט זיך טרויעריק פארטראַכט און געזאָגט:

— אוי, ווי איך וואָלט וועלן זען מיין קליין שוועסטערל. ביז היינט ווייס איך גאָרנישט וועגן איר.

מיך האָבן זיי גלייך פארשריבן אויפן נאָמען איוואן פיעדאָרענקאָ. איך ווייס נישט צי האָט זיי נישט געפאסט מיין יידישער נאָמען, אָדער איז זיי געווען שווער אים ארויסצורעדן. און אפשר איז עס בעסער אזוי מיט מיין גויאישן נאָמען, ווייל איך האָב ווייניקער געליטן פון אַנטיסעמיטיזם.

אין דעם קינדער־הויז האָט מען אונדז געזאָלט דערציען, לערנען און דערנאָך געבן די קינדער א פאך. אָבער די לערער האָבן זיך ווייניק אינטע־רעסירט מיט אונדז. די דיסציפּלין איז געווען א שוואכע. דאָס עסן איז מיט יעדן טאָג געוואָרן מאָגערער, ווייל ביז עס איז אָנגעקומען צו די קינדער אין שיסל איז דאָס שפייז צעגנבעט געוואָרן דורכן נאטשאלניק, די דירעק־טאָרן און דעם קוכער. אונדזערע מלבושים זענען געווען זייער אָפּגעלאָזן.

די עלטערע ייִנגלעך פון יתומים־הויז האָבן מיך מיטגענומען אויפן מארק און געלערנט, ווי מען דארף זיך אן עצה געבן אין לעבן...

זיי האָבן מיך געלערנט, ווי מען שטעקט אריין די האנט אין א פרעמ־דער קעשענע און מען ציט ארויס א בייטל, אז יענער זאָל נישט פילן.

כ׳האָב זייער שנעל זיך אויסגעלערנט דאָס פאך. מיינע חברים האָבן געמאכט א טומל און איך האָב דערווייל באארבעט א קעשענע. דערנאָך האָבן מיר געטרונקען, געגעסן און געוויכערט. אויב עס איז נישט געלונגען האָט מען געמוזט לויפן. ווען א דורכגייער האָט געוואָלט אונדז פארהאלטן, האָבן מיר אים געוויזן א לאנגן, שפּיציקן מעסער...

געכאפּט האָט מען אונדז, ווען מיר זענען געשפּרונגען פון א לויפנדיקן

צוג, מיט צוגערויבטע וואליזקעס. 5 יאָר לאגער איז ביי אונדז נישט קיין גרויסע שטראָף. עס בלייבט מיר נאָך צוויי יאָר דאָ צו זיין, וועל איך עס ווי עס איז איבערקומען און דערנאָך וועל איך ווייטער גנבענען. דאָס איז מיין פאַך. עפעס אנדערש קען איך נישט.

וואָס עס לאָזט מיר נישט רוען איז מיין שוועסטערל, מיין קליין, טייער שוועסטערל. איך געדענק זי, ווי איצט וואָלט עס געווען. א קליין, שוואך מיידעלע איז זי געווען, מיט לאַנגע צעפעלעך, מיט פלאמיקע אייגעלעך. אוי, בענק איך נאָך איר...

כ'האָב אָנגעקוקט מיין יידישן יינגל פון אוקראַינע און געקלערט, וויפל הונדערטער און אפשר טויזנטער יידישע יתומים זענען פארפאלן געוואָרן פארן יידישן פאָלק?...

א צווייט מאָל האָבן מיר זיך געגומען צום שוואַרצן שאבאטיעוו, אז ער זאָל דערציילן פאר וועלכע חטאים מען האָט אים פארשיקט אין דער טייגע.

— אָ, האָט ער זיך געבעטן, עס איז נישט אינטערעסאנט, ווייל די געשיכטע מיט מיר איז אזוי פּאָפּולער און באקאנט. זי געשעט ביי אונדז יעדן טאָג.

— יאָ, אָבער פאר אונדז אויסלענדער וועט עס זיכער זיין אינטע־רעסאנט — האָבן מיר זיך ביי אים געבעטן.

— וועל איך עס מאכן בקיצור — האָט ער געזאָגט — איבעריקנס בלייבט אונדז נישט קיין סך צייט. זיי וועלן אונדז שוין באלד טרייבן צו די בעזעמער.

איז וויל איך זאָגן, אז איך בין געבוירן אין טאשקענט, די גרעסטע שטאָט אין מיטל־אזיע. מיינע עלטערן זענען בוכארער יידן. זיי זענען זייער פרום און היטן אָפּ נאָך ביז היינט אלע יידישע טראַדיציעס. מיין פאָטער איז געזעסן אין טאשקענט אויף דער גאס און אויף א שוסטער־בענקל פאר־ריכט די שיך פון די דורכגייער. פון דעם האָט ער דערנערט אונדזער גרויסע משפחה מיט קינדערלעך.

ווען איך בין אונטערגעוואקסן האָט מיין פאָטער נישט געוואָלט, אז איך זאָל ווערן א שוסטער. האָט ער מיך אריינגעגעבן אין אן ארטעל, ווו מען אַרבעט אויס הויזן און פופאיקעס, וואטענע לייבלעך. עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז איך בין א פעאיק יינגל און דער דירעקטאָר האָט מיך געמאכט פאר אן עקספּעדיטאָר. מיין ארבעט איז באשטאנען אין אריינ־ברענגען אין ארטעל די שטאָפן און ארויסגעבן די פארטיקע ארבעט.

אָפּגעארבעט א פּאָר מאָנאטן האָט מיך דער דירעקטאָר איין מאָל

גערופן צו זיך אין ביורא, האָט פארמאכט די טיר און האָט פאר מיר געהאלטן בערך אזא מין דרשה:

— ווייסט — האָט ער געזאָגט — איך האָב גלייך געזען אין דיר א פעאיקן יינגל און דערפאר האָב איך דיך באשטימט אויף דעם פאָסטן, דו זאָלסט קענען פריי ארייננגיין און ארויסגיין פון ארטעל. און איצט זאָלסטו וויסן, אז נישט איך און נישט דו קענען לעבן פון דער פענסיע, וואָס מיר באקומען יעדן מאָנאט. עס זענען פאראן נאָך אנדערע אונדזערע נאטשאל־ניקעס, וואָס ווילן אויך לעבן — האָט ער צוגעוווּנקען.

און דערפאר זאָלסטו יעדן טאָג, ווען דו פאָרסט ארויס פונדאנען, מיטנעמען צו פארקויפן אויפן אלטן מארק א פאָר שטיקלעך סחורה און דערנאָך וועלן מיר זיך אלע צעטיילן. און איך וועל שוין געבן אכטונג אויף דיר....

פון דער נאטור בין איך אפילו א שרעקעוודיקער. אָבער אז דער דירעק־טאָר האָט מיך פארזיכערט, אז איך בין געדעקט, האָב איך געפּרווּט א געוויסן טאָג צו פארקויפן אויפן מארק עטלעכע פופאיקעס. כ׳האָב געשטעלט א ביליקערן פרייז און איך האָב די טראנזאקציע שנעל דורכגעפירט. דאָס געלט האָב איך געבראכט דעם דירעקטאָר און ער האָט מיר אויסגעצאָלט מיין חלק.

א צווייטן טאָג האָב איך פארקויפט עטלעכע מעטער שטאָף. א גאַנץ יאָר איז געגאנגען גוט. מיין פארדינסט האָב איך געבראַכט אהיים. די עלטערן האָבן זיך אפילו געוווּנדערט, וואָס א לערן־יינגל פארדינט אזוי גוט. אָבער האָבן צופיל נישט געפרעגט.

א געוויסן טאָג האָט די פּאָליציי מיך געכאפּט אויפן מארק מיט דער סחורה אין דער האנט. כ׳האָב געטענהט, אז איך האָב עס איינגעהאנדלט דאָ אויפן מארק, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. זיי האָבן מיך אוועקגעפירט אין מיין ארטעל און פאָרגעשטעלט דעם דירעקטאָר. דער דירעקטאָר האָט געזאָגט, אז די סחורה איז טאקע פון ארטעל...

כ׳האָב אומזיסט געוואָרט, אז דער דירעקטאָר און די אלע נאטשאלני־קעס וואָס האָבן גענאָסן פון געלט, וואָס איך פלעג יעדן טאָג ברענגען, זאָלן מיך באפרייען. כ׳האָב באקומען 3 יאָר, ווייל עס איז מיין ערשטער חטא. אויף מיין פּלאַץ איז אָנגעקומען א נייער קרבן, וואָס ברענגט ווייטער יעדן טאָג געלט דעם דירעקטאָר ביז עס וועט קומען אויף אים די ריי. אויך אויפן דירעקטאָר וועט קומען א סוף און מען וועט אים פארשיקן דאָ אין דער טייגע. דער נייער דירעקטאָר וועט מאכן דאָס זעלביקע. ביי אונדז מוז עס אזוי גיין. ס׳איז א ראָד, וואָס דרייט זיך. ס׳איז דער סיסטעם פון אונדזער לעבן...

די טעג גייען לאנגזאם. יעדן טאָג האָט מען אונדז געפירט אין וואלד צו די בעזעמלעך, פארמאסקירטע מיט די נעצן אויפן פנים און מיט הענטשקעס אויף די הענט. די בריגאדע האָט זיך באוועגט, ווי אויטאָמאטן, אָן כוח און אָן חשק. מיר זענען אַלע געווען זייער נייגעריק צו וויסן וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט, ווי אזוי גייט די מלחמה. מיר האָבן קיין שום ידיעות נישט געהאט, נישט קיין צייטונג און נישט קיין ראדיאָ. פון צייט צו צייט פלעגן מיר אונטערכאפּן א שמועס צווישן די סאָלדאטן און דערפון האָבן מיר פארשטאנען, אז דער מצב איז נישט קיין געהויבענער.

אונדזערע געפילן האָבן זיך געטיילט צווישן זאָרג און האָפענונג. מיר האָבן זיכער געוואָלט באפרייט ווערן פון דער פארשיקונג. מיר האָבן אָבער נישט געוואָלט בשום אופן נאָכאמאָל זען דעם פארשאָלטענעם דייטש. עס האָט זיך זייער געוואָלט הערן א גרוס פון דער היים, פון אונדזערע טייערע און נאָענטע. דאָס הארץ האָט ממש ווי געטאָן פון בענקעניש און פון ליידן. און די טעג האָבן זיך געצויגן, ווי יאָרן. קיינער האָט נישט געקענט פאָרויסזען דעם סוף פון דאָזיקן גלות. שטארקער ווי אייזן האָט מען געדארפט זיין, כדי זיך נישט איינברעכן, כדי צו האָבן געדולד און ווארטן. נישט אלעמען איז עס געלונגען צו באהערשן די צעררייצטע נערוון, וואָס זענען געווען אָנגעצויגן און נאָענט צו פּלאצן.

אין איינעם אַ פרימאָרגן זענען מיר, ווי יעדן טאָג, געגאַנגען אין וואלד רייסן די צווייגן. אָפּגעארבעט א שעה צייט האָט דער סאָלדאט אלעמען גערופן און געהייסן זיך אויסשטעלן אויף א קאָנטראָל. ער האָט איבערגעציילט איין מאָל און נאָך אַ מאָל 28 מאַן. געבראכט האָט ער אין וואלד 30. עס פעלן צוויי. האָבן מיר געפּרוווט שרייען, רופן. קיינער קומט נישט.

— זיי זענען זיכער אנטלאָפן, די „דוראקי", די נאראָנים, — זאָגט דער סאָלדאט — עס וועט לאנג נישט דויערן ביז מיר וועלן זיי כאפּן. פון דער טייגע קען קיינער נישט אנטלויפן און דאָס האָבן די נאראָנים נישט געוווסט.

צו מיין שלימזל האָב איך זיך אָנגערופן, אז זיי זענען זיכער נישט אנטלאָפן, נאָר זיי שלאָפן ערגעץ אין וואלד. דער סאָלדאט האָט מיך שטרענג אָנגעקוקט און א זאָג געטאָן:

— געוויס האָסטו זיי געהאָלפן צו אנטלויפן....

כ'האָב זיך גוט דערשראָקן, ווייל כ'האָב שוין איינמאָל געפילט דעם טעם פון אנטלויפער. מער האָב איך זיך נישט אָפּגערופן.

דער סאָלדאט האָט אויסגעשאָסן דריי מאָל אין דער לופטן. עס זענען באלד אָנגעקומען אויף א קליינעם לאסט־אויטאָ עטלעכע סאָלדאטן מיט ביקסן און מיט צוויי וועלפישע הינט.

די סאָלדאטן האָבן ארויסגעלאָזט די הינט אין וואלד און זיי געהאלטן

אויף לאנגע שטריק. זיי האָבן געשמעקט אין דעם טייל וואלד, ווו מיר האָבן געארבעט און באלד האָבן זיי זיך א לאָז־געטאָן אין איין ריכטונג. זיי האָבן דערשמעקט די טריט פון די אנטלאָפענע.

מיר האָבן באקומען א באפעל זיך אויסצוזעצן אויף דער ערד און ווארטן ביז מען וועט ברענגען די געכאַפּטע צוויי אנטלאָפענע קאַטאָרזש־ניקעס.

אלע האָבן מסכים געווען, אז זיי זענען באגאַנגען אַ גרויסע נארישקייט. זיי זענען ביידע געווען די צוויי שוואכסטע מענער פון דער בריגאדע. זיי האָבן זיך קוים געהאלטן אויף די פיס. ווי אזוי האָבן זיי געוואגט זיך אונטערצונעמען אזא וועג?

איינער איז געווען א פּאָליאק פון ווארשע מיטן נאָמען פ. ער פלעגט אונדז שטענדיק דערציילן וועגן זיין ארבעט אין ווארשעווער זאָאָלאָגישן גאָרטן, ווו ער האָט געקאָרמעט עלעפאנטן. דער צווייטער איז געווען א פויער פון א דאָרף נעבן בריסק. ער האָט מער נישט געקענט אויסהאלטן דעם הונגער. ער פלעגט אָפט זאָגן, אז מיר וועלן דאָ אלע פגרן — „זדאָכ־ניעם" — פלעגט ער טענהן.

מיר האָבן די ביידע שטארק באדויערט און געווארט מיט נייגער און מיט שרעק אויפן מאָמענט, ווען מען וועט זיי ברענגען און ווי וועלן זיי אויסזען. דער באַיעץ (דער סאָלדאט) האָט אונדז גיזאָגט:

— איר וועט זען, די הינט וועלן זיי צערייסן אויף שטיקער.

— שטעלט זיך פאָר די נארישקייט, וואָס זיי זענען באגאנגען — האָט געזאָגט דער רוסישער דיעסאטניק. ווען זיי זאָלן וויסן, אז ביז דער ערשטער שטאָט, ביז קאָטלאס, איז פונדאנען אזש 700 קילאָמעטער און דער גאנצער שטח איז בלויז ווילדער וואלד. עס זענען אפשר פאראן אויפן וועג צוויי אָדער דריי דערפלעך און זיי זענען באזעצט מיט מיליטער. ווי נאָר זיי וועלן זיך דאָרט באווייזן, ווערן זיי געכאַפּט. און מיט וואָס וועלן זיי זיך דערנערן די אלע לאנגע חדשים, וואָס עס וועט דויערן דער מארש איבער 700 קילאָמעטער?

עס איז ביי אונדז געווען א פאל מיט צוויי יאָר צוריק — דערציילט ווייטער דער דיעסאטניק — ווען דריי רוסישע זאקלוטשאָנע זענען אנטלאָפן פון דער געגנט. זיי זענען אלע דריי געווען גבורים און האָבן גוט געקענט דעם וואלד און ווי מען דאַרף לעבן אין אזא וואלד. עס איז זיי געלונגען און מען האָט זיי נישט געכאפט. 4 חדשים האָט געדויערט ביז זיי זענען אָנגעקומען קיין קאָטלאס. זיי זענען אָנגעקומען פארוואונדעטע, צעביסענע פון ווילדע חיות, געשוואָלענע. זיי האָבן זיך קוים געהאלטן אויף די פיס. אנטלאָפן זענען זיי דריי. קיין קאָטלאס זענען אָנגעקומען בלויז צוויי.

בעת דער אויספאַרשונג האָבן זיי דערקלערט, אַז זיי האָבן נישט גע־קענט אויסהאַלטן דעם הונגער אין וואַלד און זיי האָבן זייער דריטן חבר דערמאָרדעט און אויפגעגעסן.

פון דער ווייטנס האָבן מיר דערהערט דאָס בילן פון די הינט. אונדזערע בליקן האָבן זיך געווענדעט אין דער ריכטונג פון וואַלד. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און מיר האָבן דערזען די צוויי אומגליקלעכע אין אַ שוידער־לעכן צושטאַנד. פון זייערע מלבושים זענען נאָר געהאָנגען שטיקלעך שמאַטעס, וואָס די הינט האָבן נישט אויפגעהערט צו רייסן צוזאַמען מיט שטיקער לייב. בלוט האָט זיך פון זיי געגאָסן און די הינט האָבן כסדר געריסן פון זיי שטיקער. זיי האָבן נישט געוויינט און נישט געשריען. ביי יעדן ריס פון די ציינער פון די הינט האָבן זיי אַרויסגעלאָזט אַ ביטערן קרעכץ.

די סאָלדאַטן האָבן זיי צוגעפירט נאָענט צו אונדז, אַז מיר זאָלן זיי קענען גוט זען. זיי זענען אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד מיט פאַרמאַכטע אויגן פון ווייטיק און פון מידקייט. קיין ביסל וואַסער האָט מען נישט געלאָזט זיי דערלאַנגען.

דער דיעסאַטניק איז צוגעגאַנגען און זיך אויף זיי געוואָרפן מיט קלעפּ, געקאָפּעט זיי מיט די פיס און זיי געשאָלטן מיט ווילדע קללות:

— איר פאַרשאָלטענע פוילישע מאָרדעס, איר וועט שוין איצט וויסן, ווי צו לויפן...

די „באָיצי", די סאָלדאַטן, האָבן דעם דיעסאַטניק נישט געשטערט זיי צו פּייניקן, צו שלאָגן די צוויי פאַרחלשטע מענטשן.

און מיר, די 28 פאַרמשפּטע האָבן זיך צוגעקוקט מיט פאַרקריצטע ציין און געשוויגן. ווען נישט — וואָלט דאָך געקענט זיין אויך אונדזער סוף...

אַ מאָנאַט שפּעטער האָט מיך אַ קאָנוואָי געפירט אין דער עלפטער „אָטדיעלעניע" איך זאָל זיין אַן עדות אויף זייער פּראָצעס. כ'האָב זיי ביידע געזען, ווי מען האָט זיי געפירט צום פּראָצעס. זיי זענען געווען שרעקלעך אויסגעדאַרט, די אויגן טיף איינגעגראָבן אין קאָפּ. זיי האָבן אויסגעזען, ווי צוויי מענטשלעכע סקעלעטן, וואָס זענען אויפגעשטאַנען פון זייערע קברים.

ווען איך בין צוגעקומען נענטער האָט מיר פ. דערציילט, אַז זיי זענען אַ גאַנצן מאָנאַט אָפּגעלעגן אין אַ קאַרצער, אין אַ פינצטערן און נאַסן קעלער מיט אַ טעפּל וואַסער און 300 גראַם ברויט אַ טאָג.

— איצט האָב איך שוין פאַרלוירן יעדע האָפענונג צו זען אַמאָל מיין היים, וואַרשע... — האָט ער מיר געזאָגט.

— איך זע — האָט ער צוגעגעבן — אַז דו וועסט זיין אַן עדות אויף

אונדזער פּראָצעס. איך בעט דיך, זאָג נישט קיין שלעכטס וועגן אונדז. איך ווייס, אז דו ביסט א פיינער מענטש און האָסט א לאנגע צייט אונדז געגעבן צו עסן צו זאט, איינשטעלנדיק דיין אייגן לעבן...

אויסגעפרעגט האָט מיך א יונגעו׳ אָפיציר פון נ. ק. וו. ד. ער האָט מיר געשטעלט אייניקע פראגן און געהייסן זיך אונטערשרייבן. דערנאָך צוריק אונטער א שמירה אין לאגער אריין.

אלע חברים פון לאגער זענען געקומען מיך באזוכן אין אוונט און זיך נאָכגעפרעגט, ווי אזוי איז צוגעגאנגען דער משפט. כ׳האָב אָבער נישט געוווּסט מיט וואָס דער פּראָצעס האָט זיך געענדיקט.

דער סוף פון לאגער־לעבן האָט זיך אָנגעהויבן צו פילן. יעדער איינער האָט געוווּסט צו ברענגען סימנים און רמזים לויט די אונטערגעכאפּטע ווערטער ביי די סאָלדאטן אָדער ביי נאטשאלניקעס. די באפרייאונג איז געהאָנגען אין דער לופט, די אומגעדולד איז געשטיגן מיט יעדן טאָג, די פאנטאזיע ביי מענטשן האָט באקומען פליגל, אין שלאָפלאָזע נעכט האָט יעדער איינער געלאָזט הערן זיין מיינונג און געמאכט פארשידענע השערות. קיינער האָט אָבער קיין שום קאָנקרעטעס נישט געוווּסט. מיר האָבן נישט געהאט קיין אנונג פון דעם וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט, אויף די פראָנטן. זינט דער קריג איז אויסגעבראָכן האָט קיינער פון אונדז קיין בריוו נישט באקומען.

דערווייל האָט מען אונדז יעדן טאָג געטריבן צו דער ארבעט. אייניקע בריגאַדעס האָבן געדארפט באפעסטיקן די באן־ליניע, אנדערע בריגאַדעס האָבן באקומען אנדערע ארבעט. אַ געוויסן טאָג האָט מען ווידער סעלעק־ציאָנירט די שטארקערע צווישן אונדז און זיי אָפגעשיקט קיין פּיעטשאָרא.

# באפרייט פון לאַגער

געשען איז עס אין די ערשטע טעג פון מאָנאט אויגוסט. אינדערפרי האָט מען אונדז אויסגעשטעלט, ווי געווײנלעך, צו דער „פּראָוויערקע", צום אָפּציילן. איידער די „פּראָוויערקע" האָט זיך געענדיקט איז געקומען דער נאטשאלניק פון לאגער און האָט געמאָלדן, אז אלע פּוילישע בירגער זאָלן בלייבן אין לאגער און נישט גיין צו דער ארבעט.

ס'איז שווער איבערצוגעבן די פרייד פון די מענטשן און געפינען דעם פּאסיקן אויסדרוק פאר די געפילן פון באפרייאונג, וואָס האָט אלעמען באהערשט ביים באוווּסטזיין, אז עס נעמט א סוף צו דער סאָוויעטישער קנעכטשאפט אין די אוממענטשלעכע באדינגונגען.

מיר שיינט, אז יציאת רוסלאנד פון דעם האלבן מיליאָן פּוילישע יידן איז מעגלעך אויפגענומען געוואָרן מיט מער ענטוזיאזם, ווי יציאת מצרים. ס'איז ווייזט אויס געווען איינער פון די גרעסטע נסים מן השמים, ווייל קיינער פון אונדז וואָלט נישט לעבן געבליבן, ווען ער דארף אויסהאלטן דעם פולן טערמין פון פארשיקונג, דעם „סראָק" פון פינף, אכט אָדער צען יאָר קאטאָרגע אין די דאָזיקע וויסטע ערטער און אין אזעלכע אוממענטש־לעכע באדינגונגען.

דער עולם האָט זיך געוווּנטשן מזל־טוב. א סך האָבן געוויינט פאר פרייד.

מיר זענען ארויסגעטראָטן פון די רייען, וואָס האָבן געדארפט אָפּגיין צו דער ארבעט און מיר זענען געגאנגען צו די באראקן. אין די רייען זענען געבליבן די רוסישע „זאקלוטשאָנע", וואָס האָבן געקוקט אויף אונדז מיט אזויפיל אייפערזוכט, אז עס האָט אונדז באהערשט א געפיל פון רחמנות אויף זיי, נישט געקוקט אויפן לאנגן חשבון, וואָס מיר, יידן, האָבן מיט די רוסן און אוקראינער, א חשבון, וואָס דויערט ביז היינט. געדענקען מיר דאָך גוט די אָרגאניזירטע רוסישע פּאָגראָמען אין די צייטן פון צאר. איך אליין האָב איבערגעלעבט די פּאָגראָמען פון פּעטליוראַס באנדעס און אויך די פּאָגראָמען פון בולאק באלאכאָוויטש און נאָך אנדערע. איז עס אפשר דער גורל פון דער געשיכטע, וואָס מאכט איר חשבון מיט די הענקער פון נעכטן.

אויפן צווייטן טאָג האָט מען אלע פוילישע בירגער איבערגעפירט אין אן אנדער לאגער, עטלעכע קילאָמעטער פון אונדזער פריערדיקן לאגער. דאָ האָט געדאַרפט זיין דער זאַמל־פונקט. מיר האָבן זיך דאָ באַגעגנט מיט נאָך אַ סך יידן פון אַנדערע לאַגערן. דער עולם האָט זיך אויסדערציילט די איבערלעבונגען. מען האָט געזוכט פריינט און באַקאַנטע, זיך באַראַטן אין וועלכער געגנט עס איז בעסער צו פאָרן, ווייל די נ.ק.וו.ד. האָט געמאָלדן, אַז זיי דערלויבן יעדן אויסצוויילן זיין וועג: גיין אין דער פוילישער ארמיי, אין דער רוסישער ארמיי אָדער סתם אין אַ סאָוויעטישער שטאָט צו דער אַרבעט. זיי האָבן אויך פאָרגעלייגט צו בלייבן אויפן אָרט ארבעטן אַלס פריווילעגירטע אָנגעשטעלטע. דערויף זענען אָבער קיין בעלנים נישט געווען.

כמעט אַלע פאָליאקן האָבן זיך פאַרשריבן צום פוילישן מיליטער, וואָס האָט זיך פאָרמירט אין בוזולוק. פון אחינו בני ישראל זענען געווען גאַנץ ווייניק קאַנדידאטן צו פאָרן מיט די פאָליאקן, ווייל שוין אין ערשטן טאָג פון דער באפרייאונג האָבן זיי אָנגעהויבן פראַווען אנטיסעמיטישע שטיק.

די פאָליאקן האָבן זיך גרופירט אונטער דער אָנפירונג פון א ווארשעווער דאָקטאָר בזש., וועלכער האָט גלייך געמאָלדן, אז ער וועט קיין יידן נישט אַריינלאָזן אין זיינע וואַגאָנעס און וועט זיי נישט באַזאָרגן מיט עסן. די יידן זאָלן זיך איינאָרדענען אין באַזונדערע וואַגאָנעס. „זשידזי אָסאָבנאָ" — די יידן באַזונדער — האָט ער געזאגט.

יעדער איינער האָט באַקומען א „פראָפּוסק" און 50 רובל אויפן וועג. כמעט אלע יידן האָבן זיך פאַרשריבן צו פאָרן קיין טאַשקענט, בכדי אויסצומיידן די אַנטיסעמיטישע פאָליאקן. דער עולם האָט געהאָפט, אַז אין טאַשקענט וועט מען זיך אפשר קענען אויסרוען, אָנוואַרעמען זיך, און דערנאָך וועט מען זען וואָס ווייטער צו טאָן.

כ'האָב דעם טאָג געהאַט אַ סאַטיספאַקציע. מיט אונדזער באַן האָבן געדאַרפט מיטפאָרן די פאָליאקן פון מיין בריגאַדע, פאר וועלכער איך האָב „פאבריצירט" גרויסע נאָרמעס און איינשטעלנדיק מיין לעבן פאר זיי האָב איך זיי באַזאָרגט מיט גרויסע פאָרציעס ברויט.

ווייזט אויס, אַז זיי האָבן עס אַלץ געדענקט. א דעלעגאַציע פון די דאָזיקע פאָליאַקן איז צו מיר צוגעקומען און מיך געבעטן צו פאָרן מיט זיי אין די וואַגאָנעס. כ'האָב זיי באדאנקט און זיי דערקלערט, אז

איך וויל פאָרן מיט יידן, מיינע ברידער, מיט די, וואָס עס פּאַסט זיי נישט צו פאָרן צוזאַמען.

מיר האָבן אָנגעהויבן זיך צו אָרגאַניזירן. מיר האָבן גרופּירט די יידן אין עטלעכע באַזונדערע יידישע וואַגאָנעס. געווען זענען עס פּראַכט־וואַגאָנעס פאַר בהמות.

מיט מיר צוזאַמען איז געווען א. ב., שפּעטערדיקער קאַפּיטאַן אין דער פּוילישער אַרמיי, היינט אַן אָנגעזעענער מיטאַרבעטער פון מזרחי אין ישראל. עס איז דאָ אויך געווען ח. צ., אַן אָנגעזעענער ציוניסטישער פירער פון ביאַליסטאָק, היינט אין ישראל, א דירעקטאָר פון אַן אנשטאַלט איז יאַהוד. אין לאַגער האָבן מיר אים געקענט אונטער אַן אנדערן נאָמען. נאָר איך האָב געוווסט, אז ס'איז דער זעלביקער ח. פון ביאַליס־טאָק, וואָס האָט איינגעשטעלט זיין לעבן, בכדי יעדע פּאָר טעג איבער־צופירן אַ גרופּע יידן קיין ווילנע און פון דאָרטן האָט זיי דער וועג געפירט קיין ישראל. ער פלעגט פירן די יידן אין די נעכט דורך וועלדער און פעלדער איבער דער גרענעץ קיין ווילנע. אין דער לעצטער נאַכט, ווען מען האָט אים געכאַפּט ביי דער גרענעץ, האָט ער זיך געגעבן אַן אנדער נאָמען, וואָס איז אים געבליבן, און לויט וועלכן מיר האָבן אים גערופן די אלע יאָרן פון לאַגער־לעבן.

מיר האָבן אָרגאַניזירט די יידישע וואַגאָנעס און יעדן איינגעאָרדנט מיט אַ פּלאַץ אויף די נאַרעס. עס זענען געווען בערך 30 מענטשן אין א וואַגאָן. געווען זענען מיר לייכטע פּאַסאַזשירן, אָן באַגאַזש. אויסער דעם אָפּגעריסענעם פאַרלאַטעטן מלבוש האָט קיינער אויף זיך און מיט זיך גאָרנישט געהאַט. געלעגן זענען מיר אויף די האַרטע ברעטער, ווייל קיין ביסל שטרוי אונטערצובעטן איז נישט געווען. אונדזערע אויסגעדאַרטע קערפּערס האָבן גוט געפילט די האַרטקייט פון די ברעטער, אָבער די שטימונג איז געווען א בעסערע, פון סטאַציעס, אויף וועלכע די באַן האָט זיך פאַרהאַלטן, האָב איך געבראַכט לעבלעך ברויט, אַ פּעסעלע הערינג, א מאָל געזאַלצענע פיש און א מאָל אויך א שטיקל צוקער. כ'האָב באַנוצט כל מיני קאָמבינאַציעס, כדי צו באַקומען נאָך אַ פּאָר לעבלעך ברויט און זיי פאַרטיילט צווישן די אויסגעהונגערטע יידישע פּאַסאַזשירן. פאַר דעם זכות האָבן אלע פּאַסאַזשירן איינשטימיק מיך אויסגעוויילט אַלס קאָמענדאַנט פון די יידישע וואַגאָנעס. איך בין געווען צופרידן צו קענען כאָטש מיט עפּעס העלפן מיינע אומגליקלעכע ברידער.

דעם צווייטן טאָג פון אונדזער נסיעה, ווען דער צוג האָט זיך

אָפּגעשטעלט אויף אַ סטאַציע איז צו אונדזער וואַגאָן צוגעגאַנגען אַן אַלטער, גרויער און אויסגעדאַרטער ייד און מיך געבעטן, אַז מיר זאָלן אים אריינלאָזן אין וואַגאָן.

— נעמט מיך אריין צו אייך, איך וויל זיין מיט יידן און נישט מיט די אנטיסעמיטישע פּאָליאַקן.

מיר האָבן אים פאַרשטייט זיך אַריינגענומען, געגעבן אים צו טרינקען און צו עסן, געלאָזט אים אָפּרוען זיך. אייניקע פון אונדז האָבן אים באַלד דערקענט. ס'איז געווען צ., רעדאקטאר פון א יידישער צייטונג אין ווילנע.

עס האָט ממש פאַרקלעמט ביים האַרצן זעענדיק וואָס פאַראַ מענטשן די רוסן האָבן פאַרשיקט אלס פאַרברעכער אין די לאַגערן פון קאַטאָרזשניקעס.

אַ גאַנצע וואָך זענען מיר געפאָרן ביז דעם באַרימטן קאָטלאַס. מיר האָבן אלע גוט געדענקט קאָטלאַס. יעדער פון אונדז איז דאָ דורכגעגאַנגען פאַרן אנקום אין די טייגעס פון סיביר. ס'איז געווען די לאַגער־שטאָט, פון וועלכער די אומגליקלעכע פאַרשיקטע זענען פאַרטיילט געוואָרן איבער די לאַגערן פון רוסלאַנד. קאָטלאַס האָט זיך אונדז אַלעמען גוט איינגעקריצט אין זכרון.

אין קאָטלאַס האָבן מיר געדאַרפט זיך איבערזעצן אין אַן אנדער באַן, וואָס וועט אונדז פירן קיין טאַשקענט. מיר האָבן זיך דאָ באַגעגנט מיט נאָך יידן, וואָס זענען געקומען מיט אנדערע באַנען, פון אנדערע לאַגערן. באַקאַנטע האָבן זיך געטראָפן. דער עולם האָט זיך דורכגעשמועסט, זיך דערציילט וועגן נעכטיקן לעבן און זיך געטיילט מיט איינדרוקן. מיר האָבן אַלע געוואָלט וואָס שנעלער ארויספאָרן פון פאַרשאָלטענעם קאָטלאַס. מיר האָבן זיך נישט גערירט פון וואקזאַל, כדי אפילו נישט אָנצוקוקן די לאַגער־שטאָט.

צומאָרגנס זענען מיר ווייטער געפאָרן. די רייזע מיטן שלעפּ־צוג האָט געדויערט זייער לאַנג. מיר זענען געפאָרן א גאנצן מאָנאַט און מיר האָבן זיך א געוויסן טאָג אָפּגעשטעלט אין גאָרקי, דאָרטן זענען געווען רוסישע יידן. זיי האָבן מורא געהאַט מיט אונדז צו רעדן. מיר האָבן טאַקע געהאַט א מוראדיקן אויסזען.

פון די רוסישע צייטונגען האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די קאַמפן אויף די פראָנטן זענען זייער שווערע. דער דייטש רוקט זיך פאָרויס. ער הרגעט אויס די באַפעלקערונג, די יונגע פאַרשלעפּט ער קיין דייטש־לאַנד אויף ארבעט.

און וואָס איז געוואָרן פון אונדזערע היימען? — האָבן מיר זיך געפרעגט. וואָס האָט דער דייטש געמאַכט מיט אונדזערע עלטערן, מיט אונדזערע שוועסטער, ברידער, פרויען און קינדער.

די פראגן האָבן געעקבערט אין מוח און נישט געלאָזן צו רו. אויך אונדזער לאַגע איז געווען ווייט נישט קיין קלאָרע. אָט שלעפן מיר זיך אין וואַגאָנעס פון בהמות און מיר ווייסן נישט וואָס דער מאָרגן וועט אונדז ברענגען, אויף וועלכער ערד וועלן מיר אראָפּשטעלן אונדזערע פיס פון דעם באַפרייאונגס־צוג.

מיר האָבן זיך אויף עטלעכע שעה אָפּגעשטעלט אין קויבישעוו. דאָ האָבן מיר צום ערשטן מאָל געטראָפן עשאַלאָנען מיט יידישע פרויען, וואָס זענען באפרייט געוואָרן פון ארכאנגעלסקער אָבלאַסט און פון אַנדערע געגנטן. זיי האָבן אונדז דערציילט שוידערלעכע געשיכטעס פון זייער לאַגער־לעבן. אויסגעמאַטערטע, אויסגעדאַרטע און אָפּגעשוואַכטע זענען זיי געפאָרן אין די וואַרעמע געגנטן, אין טאַשקענט.

די פּאָליאַקן זענען געווען זייער פריילעך, זיי דערנענטערן זיך צו בוזולוק, וווּ עס שטייען איין די פוילישע מיליטערישע פאָרמאַציעס. עס האָט זיך ביי זיי צעשפּילט די פאַנטאַזיע. זיי האָבן זיך שוין געזען, ווי די באפרייער פון פוילן. זיי גייען צעשמעטערן דעם דייטש און דערנאָך וועלן זיי אויפשטעלן א ניי פוילן, אָן יידן — זאָגן זיי.

„נאשע אוליצי אי נאַשע קאַמיעניצי" — אונדזערע גאַסן און אונדזערע הייזער — האָבן זיי געזאָגט. די פוילישע וואָנצעס האָבן זיך שוין געדרייט אונטער די נעזער נאָך אויף דער רוסישער ערד. ס'איז געווען א געמיש פון פוילישן פאַטריאָטיזם און אנטיסעמיטיזם. דאָך האָבן א סך יידן, וואָס זענען געווען אין צוג, באַשלאָסן אַראָפּצוגיין אין בוזולוק און אריינטרעטן אין דער פוילישער ארמיי.

דעצידירט האָט דאָ די מורא פאַרן איינאָרדענען זיך אין רוסישן לעבן, די מורא אַריינצופאַלן צוריק אין לאַגער און פארשיקט צו ווערן פאַר יעדן מינדעסטן חטא. אין פוילישן מיליטער איז מען אגב געווען אויסערהאלב פון דער רוסישער אויפזיכט. עס איז אויך געווען אַ קלאַנג, אז די פוילישע אַרמיי וועט זיך עוואקואירן פון רוסלאַנד, כדי זיך אָנצושליסן צו די אַליאירטע כוחות פון ענגלאנד און אמעריקע און די עוואקואציע זאָל פארקומען דורך פערסיע. די האָפענונג צו פאַרלאָזן רוסלאנד האָט שטאַרק געלאָקט.

במשך אייניקע טעג פארן אָנקום אויף דער סטאציע בוזולוק האָט דער עולם אין די וואַגאָנעס דיסקוטירט און עס זענען געווען ארגומענטן

פאר און קעגן גיין אין פוילישן מיליטער. עס זענען אויך געווען אזעלכע, וואָס האָבן בעסער געוואָלט גיין צום רוסישן מיליטער איידער צו די פוילישע אנטיסעמיטן.

איך האָב זיך בּאַראַטן מיט מײַנע חברים א. ב. און ח. צ. און מיר האָבן באַשלאָסן צו פאָרן ווייטער און נישט אַראָפּגיין אין בוזולוק. מיר וועלן זיך אָפּרוען און דערנאָך וועלן מיר באַשליסן וואָס ווייטער צו טאָן.

קיין בוזולוק זענען מיר אָנגעקומען בײַנאַכט. פּאָליאַקן אין מיליטערישע מונדירן זענען אַרײַנגעגאַנגען אין די וואַגאָנעס און געמאָלדן, אַז דאָ פאָרמירט זיך די פוילישע אַרמיי. אַלע פּאָליאַקן זענען אויסגעשטיגן פון די וואַגאָנעס און בערך דרײַ פערטל פון די יידישע פּאַסאַזשירן.

מיר האָבן זיך אויסגעמישט אין א צווייטן באַן מיט די בעזשענצעס, די היימלאָזע רוסישע יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון די אוקראַינישע שטעט און שטעטלעך, וועלכע דער דײַטש האָט אָקופּירט. פון די דאָזיקע אויסגעזידלטע רוסישע יידן האָבן מיר געהערט צום ערשטן מאָל וועגן אַלע צרות און ליידן, וועלכע דער דײַטש האָט פּאַראַורזאַכט. די שטימונג איז בײַ אַלעמען געווען א געדריקטע. פונוואַנען וועט קומען די הילף? — די דאָזיקע פראַגע איז בײַ אַלעמען געווען אויף די ליפּן.

ס׳איז געווען א שוידער אנצוקוקן די אומגליקלעכע היימלאָזע רוסישע יידן. די זײַנען זענען געווען אויפן פּראָנט און די זקנים, קליינע קינדער מיט זייערע מאַמעס האָבן זיך געוואַלגערט אין די שמוציקע שלעפּ־צוגן אָן קיין שום מיטלען צום לעבן און האָבן געזוכט ערגעץ־ווו א נײַע היים.

אין דאָזיקן צוג האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף א נײַער דערשײַ־נונג. די רוסישע „שפּאַנאַ" — די גנבים — האָבן ווייניק מיטגעפילט די ליידנדיקע יידן. זיי האָבן דאָ געהאַט א געלעגנהייט צו באַרויבן די אומגליקלעכע היימלאָזע פון סאַמע נויטיקסטן, וואָס זיי האָבן מיט זיך געפירט.

די רויבער פלעגן אַרײַנגיין בײַנאַכט אין די וואַגאָנעס, ווען דער עולם פאַרנדיקע איז א ביסל אײַנגעשלאָפן. זיי פלעגן אַרויסוואַרפן א פּאַר פּעקלעך און אליין פלעגן זיי שפּרינגען נאָך די אַרויסגעוואָרפענע פּעקלעך פון לויפנדיקן צוג. די געשרייען און געוויינען פון די באַגנבעטע האָבן אונדז צוגענומען א סך געזונט. מיר, די באַפרײַטע פון די לאַגערן, האָבן פון דער צרה נישט געליטן צוליב דער פּשוטער סיבה, וואָס מיר האָבן גאָרנישט פאַרמאָגט אויסער אונדזער שמוץ און אונדזערע לײַז.

במשך דעם מאָנאַט, וואָס מיר זענען געפאָרן ביז טאַשקענט, האָבן מיר נישט געהאַט אפילו די מעגלעכקייט יעדן טאָג די הענט אָפּצוואַשן. די העמד אויפן לייב האָבן מיר שוין מאָנאַטן נישט געביטן און מער ווי די דאָזיקע העמד אויף זיך האָבן מיר גאָרנישט געהאט.

אין די דאָזיקע באַדינגונגען האָבן מיר זיך ווי עס איז דערשלעפּט ביז טאַשקענט, די איינציקע גרויסע שטאָט אין מיטל־אַזיע, די שטאָט, וועגן וועלכער מיר האָבן אַזויפיל געהערט נאָך אין די שול־יארן. מיר זענען אָנגעקומען אין „טאַשקענט, די שטאָט פון ברויט".

## היימלאָזע אין טאַשקענט

ווען דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן וואָקזאַל פון טאַשקענט איז שוין געווען גרויסער טאָג. די זון האָט געוואַרעמט און האָט מיט איר ווארעמקייט אונדז פאַרשאַפט א סך נחת נאָך די סיבירער קעלטן.

מיר, די „גרינע פּאַסאַזשירן", זענען שנעל אויסגעשטיגן פון די וואַגאָנעס און געהאָלפן די אומגליקלעכע בעזשענצעס מיט די קינדער ארויסגיין פון צוג. מאַסן יידן זענען אונדז באַפאַלן. פרויען און מענער האָבן זיך נאָכגעפרעגט פונוואַנען מיר קומען, אפשר האָבן מיר באַגעגנט אויפן וועג זייערע נאָענטע. איינער האָט געזוכט א ברודער, א שוועסטער; אַן אנדערער האָט געזוכט א פארבלאנדזשעט קינד און געבעטן רחמים, מיט פארבראָכענע הענט און מיט א געוויין, צי עמעץ האָט עפּעס נישט געהערט פון קינד...

געווען זענען עס יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן אין דער לעצטער מינוט פאַרן אנקום פון די דייטשן. יידן פון אוקראַינע, פון ווייסרוסלאנד און פון ליטע. ווען מיר זענען ארייגעגאנגען אין וואָקזאל און דערנאָך אין גאָרטן, וואָס איז געווען ביים וואקזאל, האָט אונדז ארומגעכאפּט א שוידער. טויזנטער און טויזנטער מענטשן זענען געלעגן אויף דער ערד. משפחות האָבן זיך געהאַלטן צוזאמען. מאמעס האָבן געטוליעט זייערע קליינע קינדער. ביי דער זייט זענען געווען איינזאמע פרויען און איינזאמע מענער, אליין אויפן גראָז, מיט פארטראכטע בליקן, האָבן זיי געקוקט אין דער ווייט, ערגעץ אין זייער נעכטן, אין זייער פאַרגאנגענהייט. געחלומט וועגן די שיינע טעג וואָס זענען פארשוווּנדן.

א יונגער מאַן האָט זיך געדרייט אויף איין ארט, גערעדט צו זיך אליין און געמאַכט באוועגונגען מיט די הענט, דערמאָנענדיק נעמען פון שוועסטער, פון ברידער, אפשר פון א פרוי אדער פון אַן איינציק קינד. מענטשן האָבן זיך א ווײַלע אומגעקוקט און שטיל זיך א זאָג געטאָן: אַראָפּ נעבעך פון זינען, א משוגענער... און מיר אליין זענען דען נאָרמאלע? מיר, וואָס האָבן פארלוירן אלעמען און אלץ, דורכגעמאכט

אַזויפיל לאַגערן און צרות, געזען הונדערט מאָל דעם טויט פאַר די אויגן, מיר האָבן עס אַלץ אויסגעהאַלטן און מיר ווילן ווייטער לעבן... זענען מיר נאָרמאַל?

אייניקע שעה זענען מיר געגאַנגען צווישן המון, אַנגעקוקט די מענטשן, געמיינט צו באַגעגענען אַ באַקאַנט פּנים. מיר זענען ענדלעך מיד געוואָרן און זיך אַוועקגעלייגט, ווי אַלע וואָס ליגן דאָ, אונטער אַ בוים.

נישט ווילנדיק האָט יעדער פאַר זיך געמאַכט אַ חשבון הנפש. ווו זענען מיר דאָ? וואָס טוען מיר דאָ צווישן דער מאַסע אומגליקלעכע מענטשן, ביי וועלכע דער טרערן־קוואַל איז שוין אויסגעשעפּט. האָט זיך געלוינט אַזוי צו קלאַמערן מיט כח אין לעבן? וואָלט נישט בעסער געווען אויפהערן צו זיין און נישט זען דעם דאָזיקן ים פון צרות און פון מענטשלעכע ליידן?

אויך מיר האָבן געחלומט פון דער פאַרגאַנגענהייט. מיר האָבן אויף קיין איין רגע נישט פאַרגעסן די, וואָס מיר האָבן געלאָזט אין דער היים און אין יעדן פון אונדז האָט געטליעט אַ פונק פון האָפענונג: אפשר וועלן מיר נאָך דערלעבן זיי צו זען...

און אָט די קליינע האָפענונג, ווי נישטיק זי איז געווען, ווי נישט לאָגיש זי האָט אויסגעזען אין אונדזערע נייע באַדינגונגען און אין דאָזיקן המון ליידנדיקע מענטשן, האָט זי אונדז דאָך געגעבן מוט איבערצוטראָגן, אויסצוהאַלטן.

די לעצטע פּאָר רובל האָבן מיר געשפּאָרט און זיך דערלויבט צו קויפן נאָר ברויט מיט וואַסער, אַמאָל אַ ציבעלע אָדער אַ רעטעך, כדי אויסצוהאַלטן ביז מיר וועלן באַקומען אַרבעט. צו פירן אונדזער פרימיטיווע ווירטשאַפט אויפן גראָז אינמיטן גאָרטן האָט זיך אַליין געמאָלדן אַ געוויסע פריילין צ. פ. פון סאָסנאָוויץ. זי איז געקומען צוזאַמען מיט אונדז אין זעלביקן עשאַלאָן און זי האָט זיך געבעטן — לאָזט מיר בלייבן מיט אייך, איך בין עלנד.

זענען מיר געווען פיר. יעדן פרימאָרגן פלעגן מיר גיין צופוס אין שטאָט, כדי צו זען, צו הערן און צו דערוויסן זיך נייעס.

מיר האָבן לאַנגע שעהן זיך געדרייט איבער די גאַסן און געבעטן ביי די אוזבעקן אַרבעט נאָר פאַרן עסן און פאַר אַן אָרט צום שלאָפן. אין די פאַבריקן האָט מען אונדז נישט געוואָלט נעמען, ווייל מיר זענען געוועזענע „זאַקלוטשאָנע". מיר האָבן זיך אויך נישט געקענט פאַרשרייבן צום וווינען אין דער שטאָט. געראַטן האָט מען אונדז צו גיין אין קאָלכאָז. אין די קאָלכאָזן — האָבן מיר געהערט — אַרבעט מען פון פינצטער ביז פינצטער און מען האָט דערפאַר אפילו נישט גענוג צום עסן. פאַר אונדז

אָפּגעשוואַכטע און האַלב קראַנקע איז עס נישט געווען קיין אויסוועג. אויסער דעם האָט קיינער פון אונדז נישט געוואָלט זיך באַזעצן אין אַ פאַרוואָרפן דאָרף און זיין אָפּגעשניטן פון דער וועלט. מיר האָבן אויך געטראָפן אַ ביסל יידן, פון די איינגעזעסענע. אָבער זיי האָבן אונדז גאָרנישט געקענט העלפן.

במשך צען טעג האָבן מיר באַוווּנדערט די שטאָט טאַשקענט, די ניי־שטאָט און די אַלט־שטאָט (סטאַרי גאָראָד). אַ שטאָט מיט גאַסן און מיט הייזער, וואָס געהערן קיינעם נישט און זענען גלייכצייטיק דאָס אייגנטום פון אַלעמען. פון די אָפּגעפּאַלענע ווענט און פון די צעבראָכענע פּלויטן איז געווען קאָנטיק, אַז ס'איז נישטאָ קיין בעל הבית. די גאַס, די שטאָט אינטערעסירט אַלעמען און קיינעם נישט. די אָפּגעלאָזנקייט דויערט שוין אַזוי יאָרן.

אייגנטלעך איז נישט געווען די צייט פּאַסיק פאַר קריטיק. דער קריג איז אין פולן ברען. יעדן טאָג הערט מען די מעלדונגען פון די ראַדיאָ־הילכערס אויף דער גאַס, אַז נאָך אַ שווערער שלאַכט זענען מיר געווען געצוווּנגען אָפּצוגעבן אַ שטאָט, אַ דאָרף...

קלערן וועגן קריג, אָפּגעבן זיך אַ חשבון פון דער קריגס־סיטואַציע האָבן מיר נישט געקענט. ס'איז פאַר אונדז געשטאַנען די אַנגעווייטיקטע און אומליייזבאַרע פראַגע פון עסן און פון אַ דאַך איבערן קאָפּ. אונדזער פאַרמעגן איז באַשטאַנען פון צוויי לעבלעך ברויט — בערך צוויי טעג עסן. די ווייטערדיקע פּערספּעקטיוו איז געווען הונגער, אָדער עסן גראָז, אָדער גאָר אויסשטרעקן די האַנט און בעטלען אַ ביסן ברויט.

האָט זיך אונדזער גרופּע אָנגעהויבן ראַטעווען, ווי איינער האָט געקענט. פריילין צ. האָט זיך פאַרשריבן אויף אַרבעט אין אַ קאָלכאָז, ערגעץ נעבן טשקאַלאָוו. אונדזער חבר א. ב. האָט זיך אָנגעגעבן אַלס לערער אין אַ קאָלכאָז, נעבן סאַראַגאַטש, אין קאַזאַכסטאַן. איך און מיין חבר ע. (חיים) האָבן באַשלאָסן צו וואַרטן אויף אַ נס ביז עס וועט אויסגיין דאָס לעצטע שטיקל ברויט.

איך ווינטש עס נישט קיינעם, אַרומצושפּאַצירן אַ גאַנצן טאָג מיט אַ ליידיקן מאָגן און קוקן אויף די שיינע טאַשקענטער פרוכטן, וואָס די אוזבעקן האָבן פאַרקויפט, נישט האָבנדיק קיין גראָשן אין טאַש זיי צו קויפן אפילו, כדי כאָטש צו פאַרזוכן זייער טעם. שוין אכצן חדשים ווי מיר האָבן קיין פרוכט פאַר די אויגן נישט געזען, סיידן אין חלום...

איין און איינציק מאָל האָב איך געזען אונדזער פריזירער פון דער קאָלאָנע, ווי ער עסט אַ גרויסן, רויטן עפּל. ער האָט געשאָרן די מענטשן פון נ.ק.וו.ד., האָבן זיי אים געגעבן אַן עפּל. איך געדענק נישט, אַז איך

זאל האָבן אמאָל עמיצן אַזוי מקנא געווען, ווי דאָסמאָל דעם פּריזירער מיטן עפּל. ווען איך זאל כאטש האָבן א שטיקל שאָלעכץ פון עפּל צום פאַרזוכן...

דריי איך זיך ארום, ווי דער פוקס ביים הויכן פּלויט פון ווייַנגאָרטן. דאָס אויג קוקט אויף די שיינע ווייַנטרויבן, אָבער דערלאַנגען קען מען זיי נישט...

מיר האָבן כסדר געבעטן אַרבעט, כאָטש א שטיקל ברויט צו פאַרדינען. נישט וויכטיק וואָס פאַראַ אַרבעט עס זאל נישט זיין. אָבער ס'איז נישט געווען — ניעט, ניעט... נישטאָ וועמען צו פאַרדינגען די הענט. קיינער דאַרף זיי נישט.

פארמאטערטע זענען מיר פאַרנאַכט צוריקגעקומען אויף אונדזער פּלאַץ אין גאָרטן ביים וואָקזאַל. דער טומל איז געוואָרן נאָך גרעסער. אזוי האָט זיך מיר אלנפאלס געדאכט. עס קומען־אָן אָן אויפהער נייע עשאלאנען מיט בעזשענצעס און אלע געפינען א פּלאַץ אין און ארום גאָרטן. די נייע אָנגעקומענע זענען נאָך באַטויבט און צעטומלט. זיי רעדן, זיי דערציילן. נאָר די זקנים זיצן שטום און קוקן ערגעץ אין דער ווייט... פּונקט ווי זיי וואלטן שוין רעזיגנירט פון קאַמף פארן לעבן.

נישט געקוקט אויף אונדזער מידקייט פון גיין א גאַנצן טאָג, האָב איך דאך נישט געקענט איינשלאָפן.

וואָס וועט זיין מאָרגן? מיר האָבן שוין נישט פאַרמאָגט קיין קאָפּיקע צו קויפן א שטיקל ברויט. וועלן מיר מאָרגן מוזן פאסטן, כאָטש הייַנט זענען מיר אויך נישט זאַט. און ווי לאַנג קען א מענטש לעבן מיט בלויז קאַלטן וואסער? און עס ווילט זיך אַזוי לעבן, עס ווילט זיך אזוי איבער־קומען די שלעכטע צייט... מיר שיינט, אַז די נאַכט האָב איך געחלומט וועגן א שטיקל ברויט. א שטיקל ברויט מיט א פושקע וואַסער. קיין גלעזער זענען נישט געווען, האָבן מיר באַנוצט פארזשאווערטע שאכטלען פון קאָנסערוון. געוואָלט האָב איך, אז די נאַכט זאל דויערן לאנג, לאנג, כדי איך זאל קענען חלומען וועגן ברויט און נישט פילן דעם הונגער.

אינדערפרי האָב איך דערפילט דעם שטאָך פון די וואַרעמע, שפּיציקע זון־שטראַלן. עס זענען אויך דאָ צייטן, ווען די שטראַלן גלעטן דעם פּנים און ווען דער פרימאָרגן דערפרייט מיט זיין ליכטיקייט. כ'האָב אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו עליאשן. אונדזערע בליקן האָבן זיך געטראָפן און מיר האָבן זיך גוט פארשטאַנען. דער אָנקומענדיקער טאָג האָט אונדז געשראָקן.

כ'האָב זיך אויפגעשטעלט און צוגעגאַנגען צו דער פּאָמפּע, פון וועלכער עס האָט זיך שטענדיק געגאָסן וואַסער. כ'האָב אָפּגעוואַשן די הענט און דעם באוואקסענעם פּנים. ס'האָט מיך פארדראָסן, וואָס וואַסער קען מען

טרינקען פריי און אויף ברויט דארף מען אַרבעטן און פאַרדינען. פאַרוואָס עפּנט זיך נישט דער זאַק מיט ברויט פּונקט ווי עס איז אָפן דער קראַן מיטן וואַסער?

זאָגט מען דאָך אונדז, אז ווער עס ווערט געבוירן האָט רעכט צום לעבן. און אזויפיל פרייע ערד איז פאַראַן. דאָס פאָלק, ווידער, וויל פּראָדוצירן ברויט, אז קיינער זאָל נישט הונגערן.

אָבער קלערט דער הונגעריקער וועגן סיסטעם, וואָס פּראָפּאַגירט אזעלכע שיינע אידייען? וואלגערן זיך די אידייען אין די קאַרטאָטעקעס ביי די ביוראָקראַטן און דאָס פאָלק וויל עסן צו דער זאַט, וויל לעבן. פּוסטעווען די פעלדער און דאָס פאָלק הונגערט. אַנשטאָט ברויט פּראָדוצירט מען באָמבעס צו פאַרטיידיקן די אָדער יענע אידייע, צו פאַרשפּרייטן אזעלכע אָדער אַנדערע אידייען, וואָס שימלען אין די שיינע קאַבינעטן, ווו די „קעפּ" זיצן באַקוועם אין די ברייטע פאָטעלן.

און דאָס פאָלק? דאָס פאָלק איז איינגעשפּאַנט אין וואָגן פון ביטערן „איזוואָזטשיק", וואָס שמייסט אומברחמנותדיק מיט דער בייטש און טרייבט די אָרעמע פערדלעך...

ס'איז שוין געווען מיטאָג־צייט, ווען איך האָב באַמערקט פונדערווייטנס, ווי א קאַזאַך דרייט זיך אַרום און קוקט דאָ אַלעמען בייגעריק אָן. לויט די הויכע שטיוול מיט די גאַליפע־הויזן איז קאָנטיק געווען, אז ער איז עפּעס א נאַטשאַלניק.

איך בין צו אים צוגעגאַנגען, זיך אַנטשולדיקט און געפרעגט וואָס אָדער וועמען ער זוכט.

— איך זוך — זאָגט ער — א גוטן עלעקטריקער־אינזשיניער, וואָס זאָל קענען אויסבויען אַן עלעקטראָ־סטאַנציע און אַן מ. ט. ס. (מאַשינאָ־טראַקטאָרנאַיאַ סטאַנציאַ).

כ'האָב זיך אין דעם מאָמענט דערמאָנט, וואָס עליאש האָט מיר דערציילט, אז ער פלעגט תמיד אין דער היים מייסטרעווען ביי עלעקטריע און די זאַך געפעלט אים זייער. נישט קלערנדיק קיין סך האָב איך אויפן אָרט געענטפערט:

— האָסט גוט געטראָפן... פּונקט זענען מיר ביידע גוטע ספּעציאַליסטן, עלעקטריקער. איך האָף, אז דו וועסט זיין צופרידן פון אונדזער אַרבעט.

עליאש איז נישט געווען אַנטציקט פון דעם וואָס איך האָב געזאָגט. ער האָט מיך דורכגעשטאָכן מיט די אויגן. האָב איך אים אָפּגערופן אין א זייט און שטיל א זאָג געגעבן: און שטאַרבן דאָ אויפן גראָז פון הונגער איז בעסער? א ביסל קענסטו דאָך די עלעקטריע־מלאכה און ווייטער וועלן מיר זען.

ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און מיך נאָכגעגאַנגען ווי א פארמשפטער.

— ווו האָט איר אייערע זאַכן? — האָט דער נאַטשאַלניק געפרעגט.

כ'האָב ארויסגענומען די פּאַפּירן, וואָס מיר האָבן באַקומען אלס באַווייז, אז מען האָט אונדז באַפרייט פון לאַגער. מער האָבן מיר גאָרנישט — האָב איך אים געזאָגט.

— און געלט האָט איר?

— ניין... שוין א פּאָר טעג ווי מער הונגערן.

ווייזט אויס, אז אזעלכע געסט האָבן אים קנאַפּ וואָס געשמעקט. ער האָט אָבער געדארפט האָבן עלעקטריקער. האָט ער אונדז אריינגעפירט אין א סטאָלאָוואַיאַ (א רעסטאָראַן) און באַשטעלט פאר אונדז צוויי שיסל מיט „שטשי" (קרויט) מיט ברויט.

ס'איז געווען ממש א נס מן השמים. אומבאשרייבלעך איז געווען דער טעם, וואָס מיר האָבן געפילט פון טעלער „שטשי", פונעם הייסן וואסער מיט די בלעטלעך קרויט.

דאָס פארגעניגן איז אָבער געווען געמישט מיט אומרו. וואָס וועט זיין ווייטער? איך נעם זיך אונטער אן אַרבעט וועגן וועלכער איך האָב בי̤שט קיין מינדעסטע אנונג. ער וועט דאָך פּאָדערן, אז מיר זאלן אויספירן די אַרבעט. וואָס וועט געשען, אז ער וועט זיך ארומזען, אז מיר נאַרן אים אָפּ? אפשר ווידער א „סראָק"?... פונדאסניי א לאַגער...

א שוידער איז דורכגעגאנגען דורכן קערפּער. כ'האָב אויף עליאשן באַמערקט דעם זעלביקן אומרו.

אריינגעזופּט דאָס שיסל מיט „שטשטי" און צוגעביסן מיט די שטיקער ברויט זענען מיר שוין זייט לאנג נישט געווען אַזוי זאט. דערנאָך זענען מיר אים נאָכגעגאַנגען, ווי שאָטנס. מיר האָבן אַרויסגעפילט זיין אומצוטרוי צו אונדז. ער האָט בלויז פון צייט צו צייט ארויסגעברומט א פּאָר ווערטער.

בערך א שעה צייט זענען מיר געפארן ביז דער סטאַציע סאַראַגאַטש. פון דאַנען זענען מיר אָפּגעפאָרן מיט אַ קליינעם לאסט־אויטאָ צום קאָלכאָז.

אין קאָלכאָז זענען מיר אָנגעקומען פארנאכט. דער דירעקטאָר האָט אונדז אריינגעפירט אין א צימער פון דער איינציקער שטאָקיקער געביידע, וואָס איז געווען אין דארף. אין צימער זענען געווען צוויי אייזערנע בעטלעך און אויף זיי שטרויענע זעק, שיעניקעס. ס'איז דאָ אויך געווען א טישל מיט צוויי טאַבורעטקעס.

— דאָ וועט איר וווינען — האָט ער אונדז געזאָגט — איצט קומט אראָפּ מיט מיר אין דער „סטאָלאָוואַיאַ" פון דער מ.ט.ס. און איך וועל

הייסן אייך געבן יעדן טאָג ברויט און מיטאָגעסן. מאָרגן פרי וועל איך אייך ווייזן, וואָס איר דאַרפט טאָן.

אין דער „סטאָלאָוואַיאַ" האָט ער געהייסן דעם „זאַוויעדויושטשי", דעם פאַרוואַלטער הייסט עס, ער זאָל אונדז יעדן טאָג געבן אונדזער פּאַיאָק ברויט און אויך מיטאָג. ער האָט אונדז געזאָגט א גוטע נאַכט און האָט אונדז איבערגעלאָזן.

כ'האָב זיך שטאַרק דערפרייט, ווען כ'האָב דערקאַנט, אַז דער פאַר־וואַלטער איז א ייד. עס האָט אָבער נישט געפּאַסט צו פאַרפירן אויפן אָרט א יידישן, היימישן שמועס. אין צימער זענען געזעסן עטלעכע קאַזאַכן און געטרונקען גלעזלעך „אַראַק". מיר האָבן זיך געזאָגט אייניקע באַנאַלע זאַצן אויף רוסיש און מיר האָבן באַקומען צוויי שיסלען זופּ. מיר האָבן זיך געפילט א ביסל היימישער.

אפגעפּאַרטיקט זיך מיט די פּאָר קאַזאַכישע געסט, האָט דער פאַרוואַלטער און זיין פרוי זיך צוגעזעצט צו אונדזער טיש און ס'איז אוועק א שמועס אויף מאמע לשון.

— פונוואַנען זייט איר? פונוואַנען קומט איר? וואָס הערט זיך מיט דער מלחמה? ווי האַלט עס אויף די פראָנטן?...

אויך זיי, די משפחה פ. פון וויניצע, אוקראַינע, זענען אַנטלאָפן מיט די צוויי קינדער אין דער לעצטער מינוט פאַרן אריינקום פון דייטש. זיי האָבן איבערגעלאָזט אין דער היים אַלץ און קוים געראַטעוועט די נשמות. אונדזערע איבערלעבונגען אין די טורמעס און לאַגערן האָבן אויף זיי קיין איינדרוק נישט געמאַכט.

— אונדז איז נישט נויטיק דאָס אַלץ צו דערציילן. מיר קענען עס אויף אויסנווייניק, מיר זענען רוסישע יידן... געוויס, פּאַר אייך, אויסלענדער, איז עס א נייעס. אָבער לאָמיר וועגן דעם נישט רעדן...

האָבן מיר אים דערציילט, אַז דער דירעקטאָר האָט אונדז אַנגאַזשירט צו אויסבויען דאָ אַן עלעקטראָ־סטאַציע... און גאָט דאַרף העלפן...

דער ייד האָט אונדז באַטראַכט מיט רחמנות און האָט צוגעזאָגט אונדז צו העלפן מיט וואָס ער וועט נאָר קענען.

מיר זענען אַרויפגעגאַנגען אין אונדזער צימער אויפן ערשטן שטאָק און מיר האָבן זיך אויסגעצויגן אויף די בעטלעך. פון די אַלע צרות, פון די זאָרג און פון הונגער זענען מיר געווען שטאַרק מיד. אין דער פינצטער האָבן מיר באַטראַכט די נייע סיטואַציע און זיך דורכגעשמועסט וועגן דעם, וואָס עס שטייט אונדז פאָר.

מיר זענען זייער שפּעט איינגעשלאָפן. אַלנפאַלס, האָט זיך מיר אַזוי געדוכט, קיין זייגער האָבן מיר נישט געהאַט. אָבער אין שלאָף האָב איך

באלד דערפילט, אז מיר זענען דאָ אין צימער נישט אליין. עליאש האָט זיך האסטיק אויפגעזעצט און געזאָגט, אז זיי וועלן אונדז אויפעסן לעבעדיקערהייט.

אין די טויזנטער זענען זיי אונדז באַפאַלן, די וואַנצן. מיר זענען געווען פרישע געסט און זייער קבלת פּנים איז געווען א „ווארעמער״...

מיר האָבן באַשלאָסן זיך צו לייגן אויף דער פּאדלאָגע. אָבער זיי האָבן אונדז אויך דאָ געפונען. מיר האָבן זיך קוים דערוואַרט אויפן פרימאָרגן. אנצוטאָן זיך איז נישט געווען נויטיק. מיר זענען שוין פון לאנג געוווינט צו שלאָפן אין אונדזערע טאָג־מלבושים. קיין אנדערע האָבן מיר נישט געהאַט. ביים טייך, וואָס פליסט נעבן הויז, האָבן מיר זיך ארומגעוואַשן.

נאָכדעם ווי מיר האָבן אין דער „סטאָלאָוואיא״ געטרונקען א טעפּל טיי און געגעסן אַ שטיקל ברויט, האָט אונדז דער דירעקטאָר געפירט ווייזן, וואָס מיר דאַרפן טאָן. ער האָט אונדז פאָרגעשטעלט פאַר די מעכאַניקער פון מ.ט.ס. און דערנאָך האָט ער אונדז געוויזן ערגעץ אין אַ ווינקל אן אלטע „דינאַמאָ״, דאָס הייסט אַן עלעקטרישן מאָטאָר. פון דעם — זאָגט ער אונדז — דאַרפן מיר בויען די עלעקטרישע סטאַציע.

כ׳האָב אויף דעם באַשעפעניש, וואָס מען רופט „דינאַמאָ״ געקוקט, ווי אַ האָן אין בני אדם. איך און מיין חבר עליאַש האָבן מיר אָנגעהויבן צו גראַבלען אין די דראָטן, וואָס זענען געווען ארויסגערוקט. כ׳האָב זיך כלומרשט איינגעבויגן צו לייענען די אויפשריפטן אויף רוסיש. מיר האָבן דורכגעוואָרפן אַ פּאָר ווערטער אויף יידיש און זיך באמיט מאַכן דעם איינדרוק פון מבינים...

דער פאַרוואַלטער פון מ.ט.ס. האָט אונדז גלייך געזאָגט, אַז אויב מיר דאַרפן אַרבעטער קען ער שטעלן צו אונדזער דיספּאָזיציע עטלעכע קאָלכאָזניקעס. אָבער קיין מאַטעריאַל, דאָס הייסט עלעקטרישע דראָטן און עלעקטרישע לאָמפּן, האָט ער נישט. דאָס קען מען באַקומען אין טאַשקענט אויפן באַזאַר. כ׳האָב שפּעטער פאַרשטאַנען, אַז „באַזאַר״ באַדייט דער שוואַרצער מאַרק.

# אינזשיניערן בעל־כרחם

נאָך א לענגערן ישוב הדעת האָבן מיר באַשלאָסן אויסצונוצן די געלעגנהייט און פאָרן קיין טאַשקענט, כדי צו איינשאַפן מאַטעריאַלן און בעיקר אַ פּאָר ביכער וועגן עלעקטריע, וואָס זאָלן אונדז עפּעס לערנען ווי זיך צו נעמען צו דער דינאַמאָ.

צומארגנס האָט מען מיך באַזאָרגט מיט אַ „קאמאַנדיראָווקע". מיט אַ קליינעם לאַסט־אויטאָ, געפירט פון אַ קאַזאַכישן שאָפער. היות דער דירעקטאָר האָט קיין מזומן־געלט נישט געהאַט, האָט ער אונדז מיטגעגעבן אַ זאַק מיט קוקורידזע און אַ לעבעדיקן באַראַן, כדי מיר זאָלן עס פארקויפן און פאַרן געלט איינקויפן די נויטיקע מאַטעריאַלן.

זענען מיר געפאָרן קיין טאַשקענט. אויפן וואָגן האָב איך אנגעקוקט דאָס באראנטשיקל, וואָס האָט געהאַט א רחמנות־בליק אין די אויגן און וואָס האָט אונטערגעמעקעט פון צייט צו צייט, פּונקט ווי ער זאָל עפּעס וועלן דערציילן... איז עס נישט אַמאָל דאָס זעלביקע שעפעלע, וואָס דער מלאך האָט צוגעפירט אונדזער אברהם אבינו אויסצולייזן זיין איינציקן זון יצחק פון דער עקדה ?...

אין טאַשקענט זענען מיר אָנגעקומען באַלד אינדערפרי. אין דער אַלט־שטאָט (סטאַרי גאָראָד) איז דער טומל געווען גרויס. אַ סך אַלטע אוזבעקן און אַלטע אוזבעטשקעס האָבן זיך ארומגעדרייט און יעדער איינער האָט עפּעס געהאַט אין דער האַנט צום פאַרקויפן: אַ פּאָר שטיוול, אַ פופאַיקע, אונטער־וועש, קאָלירטע געבלומטע דאַמען־קליידער, שטיקלעך שטאָף, לעבלעך ברויט, שוואַרצע און ווייסע בולקעס, שטיקלעך זייף, שוועבעלעך, ציגאַרעטן און נאָך אַ סך זאַכן, וואָס עס איז שווער אויסצורעכענען.

דער שאָפער האָט מיר שטיל א זאָג געטאָן, אז די אלע זענען הענדלער אויפן שוואַרצן מאַרק. עס האָט מיך אָנגענומען אַ פחד. כ'האָב געוואָלט פונדאַנען אַוועקגיין. אָבער דער שאָפער האָט געטענהט, אַז דאָ מוזן מיר פאַרקויפן דעם באַראַן מיטן זאַק קוקורידזע. כ'האָב באַלד געזען, ווי ער אונטערהאַנדלט מיט די אוזבעקישע הענדלער אויף זייער שפּראַך.

ווען מען האָט אים אויסגעצאָלט דאָס געלט, האָב איך באַמערקט, ווי

דער שאָפער לייגט אַריין עטלעכע באַנקנאָטן באַזונדער אין אַ זייטיקער קעשענע... דערנאָך זענען מיר געגאַנגען אין דער „טשאַיכאַנאַ״ טרינקען טיי. מיר האָבן זיך אויסגעזעצט לויטן קאַזאַכישן מנהג אויף טעפּיכער, די פֿיס אונטער זיך, און געגעסן וואַרעמע פּלעצלעך („לעפּיאָשקי״) מיט טיי.

כ׳האָב זיך אַרויסגעלאָזט איבער די מאַגאַזינען צו קויפֿן עטלעכע עלעקטרישע לעמפּלעך און אַ ביסל דראָט. דאָס ערשטע וואָס איך האָב געפֿונען איז אַ בוך וועגן עלעקטריע. ווען איך האָב געפֿרעגט וועגן דראָטן מיט לעמפּלעך איז דער ענטפֿער געווען: „ניעט״.

שפּאַצירנדיק איבער די גאַסן האָב איך אין אַ געוויסן מאָמענט זיך אָפּגעשטעלט צו באַקוקן אַ וואַרשטאַט, אין וועלכן מען פֿאַריכט עלעקטרישע פּרעסאײַזנס. אין דער טיר איז געשטאַנען אַ ברייטפּלייציקער קאַצאַפּ. מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער האָט אַ ייִדישע נאָז.

ער האָט מיך בייגעריק געפֿרעגט, צי איך וויל פֿאַריכטן אַ פּרעס־אײַזן. כ׳האָב אים געזאָגט, אַז איך זוך צו קויפֿן עלעקטרישע מאַטעריאַלן. ער האָט מיך אַרײַנגערופֿן צו זיך און דער שמועס איז גלייך איבערגעגאַנגען אין אַ היימישן ייִדיש. ער שטאַמט פֿון אַ שטעטל נעבן וואַרשע און דער פֿאָטער האָט אים צוזאַמען מיט זײַן מוטער געבראַכט קיין טאַשקענט נאָך אין יאָר 1905, ווען ער איז געווען אַ סאָלדאַט ביים צאַר ניקאָליי.

כ׳האָב אים אויסדערציילט אונדזערע צרות און באַשריבן די נײַ געשאַפֿענע לאַגע. היות איך האָב געזען, אַז ער איז פֿון פֿאַך טאַקע אַן אמתער עלעקטריקער, האָב איך אים געבעטן, אַז ער זאָל מיר מאַכן אַ פּלאַן, ווי אויפֿצושטעלן די דינאַמאָ און אויך מיר אײַנשאַפֿן די נויטיקע מאַטעריאַלן, וועלכע איך בין געקומען קויפֿן אין טאַשקענט.

ער האָט מיך באַרויִקט, צוגעזאָגט מיר אין אַלעם צו העלפֿן און מיך געבעטן קומען פֿאַרנאַכט, וועט שוין אַלץ זײַן צוגעגרייט.

ווען איך האָב געזאָגט מײַן שאָפער, אַז איך וועל אַלץ באַקומען, האָט ער מיר חבֿריש געקלאַפּט אין פּלייצע און געזאָגט: „מאָלאָדיעץ״. דערווײַל האָבן מיר אַרומגעשפּאַצירט איבער די גאַסן פֿון טאַשקענט. כ׳האָב געטראָפֿן אַ סך היימלאָזע, ווי מיר זענען געווען. זיי האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט און געזוכט ערגעץ וווּ זיך אײַנצואָרדענען.

כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט נעבן אַ שוסטער, וואָס איז געזעסן אויף אַ בענקעלע און האָט פֿאַריכט שיך פֿאַר די דורכגייער. ס׳איז געווען אַ בוכאַרער ייִד און ער האָט מיר דערציילט, אַז עס זענען דאָ פֿאַראַן נאָך בוכאַרער ייִדן און אַז זיי זענען זייער פֿרום. אָבער די שולן זענען פֿאַרמאַכט. אין די שולן געפֿינען זיך סקלאַדן פֿאַר די קאָנפֿיסקירטע ראַדיאָס. קיין שום הילפֿס־געזעלשאַפֿטן זענען ביי זיי נישטאָ, ווײַל יעטווועדע אָרגאַניזאַציאָנעלע

טעטיקייט איז פֿאַרבאָטן. דאָך קומען זיי זיך צונויף אין די ימים־טובים, כדי אפצוריכטן בציבור די תפילות.

דערנאָך האָט מיך דער שאָפער געפירט עסן אַ זופּ מיט שאַשליק און מיט ברויט, אַ גאַנצן לעבל ברויט האָבן מיר אויפגעגעסן. ער האָט מיר אויך איינגעקויפט א קילאָ רייז, א לעבל ברויט און אַ הונדערט גראם צוקער.

— דאָס וועסטו מיטנעמען פאַר דיין חבר — האָט ער מיר געזאָגט.

פאר זיך האָט ער שוין פריער איינגעקויפט א סך מער. כ׳האָב אים געזאָגט „ספּאַסיבאָ" — אַ דאַנק. כ׳האָב אָנגעהייבן צו פאַרשטיין דעם סיסטעם, וועגן וועלכן כ׳האָב שוין אַזויפיל דאָ געהערט. נעם, וועסטו האָבן. וואַרט נישט ביז מען וועט דיר געבן...

פאַרנאַכט בין איך געגאַנגען אָפּנעמען דעם מאַטעריאַל. כ׳האָב געפרעגט וויפל עס קאָסט און דעם שאָפער האָב איך געזאָגט, אַז עס קאָסט מיט 500 רובל טייערער, ווי אין דער ווירקלעכקייט. כ׳האָב פאַר זיך נישט געזען קיין אנדער ברירה, ווי אַזוי דורכצולעבן און אויסצוהאַלטן זיך. כ׳האָב זיך געזען געצוווּנגען צו טאָן, ווי אַלע האָבן דאָ געטאָן און געלעבט.

כ׳האָב אויך באַקומען א צייכענונג, ווי צו בויען די דינאַמאָ. צוערשט דאַרף מען ארויסציען די דראָטן. צעטיילן דעם פּלוס באַזונדער און דעם מינוס באַזונדער, אויסטיילן עטלעכע קאָנטאַקטן אויף אַ טאָוול און דערנאָך ציען די ליניעס. די דינאַמאָ דאַרף געדרייט ווערן מיט אַ טראַקטאָר אָבער נישט צו שטאַרק, כדי נישט צו פּארברענען די לעמפּלעך. ער האָט מיר מיטגעגעבן אַ וואָלטאָמעטער, אַן אמפּערמעטער, אַ צענדליק לאָמפּן און עטלעכע ראָלקעס עלעקטרישע דראָטן.

ווען מיר זענען צוריקגעקומען אין מ.ט.ס. (די מאשין־טראַקטאָרנע סטאַציע) איז שוין געווען שפּעט ביי נאַכט. מיין חבר עליאָש איז געשלאָפן. ער האָט זיך דאָך אויפגעכאַפּט, גענומען אַ גרויסע מוציא ברויט, באַשאָטן מיט צוקער און גענומען קייען. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט במשך דעם טאָג אָנגעצייכנט דעם פּלאַץ, ווו די דינאַמאָ וועט איינגעפעסטיקט ווערן און ער האָט אויך געמאַכט נאָך אַנדערע פּלענער. ער איז געווען שטאַרק צופרידן פון די רעזולטאַטן פון מיין רייזע קיין טאַשקענט.

צומאָרגנס אינדערפרי האָב איך אָפּגעגעבן דעם דירעקטאָר אַ באַריכט פון מיין רייזע אין טאַשקענט און כ׳האָב אים געוויזן די איינגעקויפטע מאַטעריאַלן.

— די פּאָליאַקן זענען טאַקע פּעאיקע מענטשן. צום ערשטן מאָל אין אַ פרעמדער שטאָט — האָט ער זיך צערעדט — און שוין באַקומען אַזעלכע מאַטעריאַלן, וועלכע איך וואָלט קיינמאָל נישט באַקומען. וועסטו שוין פאָרן

יעדעס מאָל, ווען עס וועט נאָר נויטיק זיין. און איצט נעמט זיך צו דער אַרבעט און ביז איין מאָנאַט זאָל איך האָבן עלעקטריש ליכט אין קאַנטאָר.

כ׳האָב זיך איבערגעקוקט מיט עליאשן און א שרעק איז אונדז באפאלן. וואָס וועט זיין, אַז אונדז וועט נישט געלינגען?... אבער לאָמיר דערפון נישט קלערן.

מיר האָבן זיך פלייסיק גענומען צו דער אַרבעט, אָבער זייער פאַר־זיכטיק. מיר פלעגן אַ סך מאָל זיך מיישב זיין פאַרן מאַכן אַ ווייטערדיקן שריט. יעדעס מאָל האָבן מיר גענוי שטודירט דאָס ביכל.

די דינאַמאָ האָבן מיר געשטעלט מיט אַ וואַסער־וואג, אַז זי זאָל שטיין גלייך. דערנאָך האָבן מיר צוגעגרייט דעם טאָוול מיטן פלאַן פון די קאָנטאַקטן (רובילניקעס), צוגעשרויפט צו צוויי שטאַנגען אויף דער וואַנט, האָבן מיר דורכגעצויגן די דראטן און צעטיילט די ליניעס. לויט די פארשריפטן האָט דער דראט אין דער געביידע געדאַרפט זיין אן איזאלירטער און אין דרויסן אַ נאַקעטער קופערנער דראט, אויף די סלופעס.

כ׳האָב געמוזט זיך מטריח זיין נאָכאַמאָל אין טאַשקענט, כדי צו זוכן דראט און נאָך אַנדערע מאַטעריאַלן. קיין איזאָלירטן דראָט האָב איך נישט געפונען. כ׳האָב דערפאר איינגעקויפט פאַרשידענע דראָט פון אייזן, פון אלומיניום און אַ ביסל אויך פון קופער, אָבער אַלע נאקעטע, נישט קיין איזאָלירטע. אין דער גאַס האָב איך באַמערקט, אז אין עטלעכע געשעפטן ליגן פריי הונדערטער און הונדערטער גומענע קישקעלעך פון בערך 1½ מעטער די לענג. זיי זענען באַשטימט צו מאַכן קליזמעס, ווען מען ליידט פון עצירות. כ׳האָב אָנגעקויפט עטלעכע הונדערט שטיק.

ווען איך האָב אַראָפגעבראַכט די סחורה האָט עליאש געלאַכט פון מיין איינפאַל. מיר האָבן זיך אָבער גענומען צו דער אַרבעט און אָנגעצויגן די גומענע קישקעלעך אויף די דראָטן, כדי זיי זאָלן זיין איזאָלירט. דערנאָך האָבן מיר אינסטאַלירט די איזאָלירטע דראָטן אויף די ווענט. אויף דער גאַס האָבן מיר געשטוקעוועט אייזן־דראָטן מיט אַלומיניום־דראָטן. אויב דער שטראָם וועט דורכגיין שווערלעך, קען איך אויך נישט העלפן, נאָר לאָמיר שוין זען דאָס ליכט אין קאַנטאר.

זייער טרויעריק איז געווען, ווען מען האָט אריינגעגראבן די סלופעס אויף דער גאַס און מען האָט געדאַרפט אַרויפקריכן 10 מעטער אין דער הויך, כדי אָנצובינדן די דראָטן. קיין איינער פון די קאָזאַכישע אַרבעטער, וועלכע מען האָט אונדז צוגעטיילט האָט נישט געוואָלט אַרויפקריכן. מיין חבר עליאש, ווידער, האָט געטענהט אַז אויב ער איז געבליבן לעבן פון די רוסישע לאַגערן, וויל ער איצט נישט געהרגעט ווערן.

איז דער גורל געפאַלן אויף מיר. כ׳האָב אָנגעטאָן אויף די פיס די

„סלופּאָלאַזי״ — קריך־אייזנס, אַ פאַרזיכערונג־גאַרטל אויף די לענדן און איך האָב ארויפגעקלעטערט אויף דעם ערשטן סלופּ.

כ׳האָב טאַקע מורא געהאַט, אָבער עס איז נישט געווען קיין ברירה. דערנאָך האָב איך זיך צוגעוווינט. כ׳האָב מיט די אַרבעטער געצויגן די דראָטן און עליאש האָט געמאַכט די עלעקטרישע אינסטאַלאַציע אין קאַנטאַר. ער האָט אפילו ארייַנגעדרייט די לעמפּלעך.

ביזן געגעבענעם טערמין פון איין מאָנאַט האָבן מיר צוגעשטעלט אַ טראַקטאָר, פאַרוואָרפן אַ פּאַסיק און געגומען דרייען די דינאַמאָ.

ווען עס האָבן זיך אָנגעצונדן צום ערשטן מאָל די לעמפּלעך אין קאַנטאַר, איז די שמחה אין דאָרף געווען אין לשער. די קאָזאַכן האָבן זיך פאַרזאמלט הינטער די פענצטער, כדי צו באוווּנדערן דעם נס. זיי האָבן הויך אָפּגעשאַצט דעם אויפטו פון די צוויי פּוילישע אינזשיניערן. יעדער איינער האָט אונדז איינגעלאַדן אין דער „סטאָלאָוואַיאַ״ צו טרינקען אַ גלעזל ווייַן.

דער דירעקטאָר האָט אונדז שטאַרק געדאַנקט און האָט אונדז אויס־געצאָלט דעם ערשטן געהאַלט פאַרן חודש און אויך געגעבן אַ מאָנאַטלעכע ברויט־קאַרטע.

און עס איז געווען פרייַלעך אין שטעטל. מיר האָבן באַשלאָסן צו גיין זונטיק אויפן מאַרק, כדי צו קויפן פאַרן פאַרדינטן געלט און פאַרן געלט, וואָס איך האָב צופאַרדינט אין טאַשקענט... אַ צוויי נאַכט־העמדער. מיר האָבן נעמלעך באַשלאָסן זיך גוט אָפּצוואַשן. מיר האָבן אויך געוואַשן די הויזן. דאָס וועש איז שוין ביי אונדז געווען כמעט פאַרפוילט.

אויפן שוואַרצן מאַרק באַקומט מען פון כל־טוב. האָבן מיר טאַקע אויסגעגעבן דאָס געלט. מיר האָבן איינגעקויפט צוויי העמדער, אַ געניצטע פּאָר הויזן, אַ רוסישע בלוזע, אַן אַלטן ראַזיר מעסער, ראַזירט האָבן מיר זיך לעצטנס מיט עפּעס אַ פאַרשאַרפט בלעכל און איך האָב לזכרון פאַרלאָזן אַ פּאָר געדיכטע וואַנצעס.

אַזוי האָבן מיר זיך באַנייט. געוואָלט האָבן מיר אַפּווישן פון אונדז דעם לאַגער, אַז מען זאָל אויף אונדז נישט דערקענען פון וואַנען מיר קומען. אָבער די באַפרייאונגס־לעגיטימאַציעס האָט מען אונדז קיינמאָל נישט געוואָלט אויסטוישן...

ביסלעכווייז האָבן מיר זיך אָנגעהויבן צוצוגעוווינען צום נייַעם לעבנס־שטייגער און צו דער ניי־געשאַפענער לאַגע. מיר האָבן גוט געלעבט מיט די אַרבעטער אין מ.ט.ס. און מיר האָבן מיט נייַגער אָבסערווירט דאָס לעבן פון די קאָזאַכן, וועלכע מיר האָבן נישט געקענט. זיי האָבן אונדז אויך איינגעלאַדן אין זייערע היימען צו עסן.

מיר האָבן זיך אויסגעזעצט אויף דער ערד, אויף די ווייכע טעפּיכער,

די פיס פארפלאכטן אונטער זיך. די מענער האָבן געפּירט אַ געמיטלעכן שמועס און דערביי יעדן איינעם איינגעטיילט אַ „לעפּיאָשקע", אַ מין פּלעצל; די ווייבער זענען לויט זייער מנהג געבליבן אין קיך. דערנאָך האָט מען אריינגעטראָגן אַ גרויסע שיסל מיט „בעש־באַרמאַק" — ברייטע לאָקשן פון מעל, צוגעשמאלצענע מיט פּוטער אָדער מיטן יויך פון פלייש.

די ערשטע צייט איז מיר געווען זייער שווער זיך צוגעוווינען צו עסן מיט די הענט. כ'האָב אפילו געבעטן אַ לעפל און מיינע גאַסטגעבער האָבן זיך באַליידיקט. אַלע פלעגן גראַבלען מיט די פינגער פון דער זעלביקער גרויסער שיסל ביז מען האָט זי אויסגעליידיקט. נאָכן עסן האָבן די קאַזאַכן צוגעלייגט די הענט צום פּנים און געזאָגט אַ תפילה, וואָס איז מיר אויסגעקומען ווי תרגום־לשון.

דערנאָך האָט דער עולם גערוט. אָנגעשפּארטע אויף קליינע קישעלעך, איז אַוועק אַ שמועס וועגן די אַלטע צייטן, ווען קאַזאַכן זענען נאָך געווען אַ וואנדער־פאלק, פלעגן אויפשטעלן זייערע „קיביטקעס" אין די הויכע קאזאכסטאנער בערג, ווו ס'איז געווען פּאשע פאַר די טויזנטער שעפּסן מיט זייערע „קורדיוקעס", וואָס האָבן זיך זיי נאָכגעשלעפּט אויף דער ערד, פאר די קעמלען און אייזלען, וועלכע פלעגן זיך אנזעטיקן מיט די „קאליוטשקעס", די שטעכעדיקע גראָזן, און זיך אויסלייגן נאָכן עסן אונטער דער ברענענדיקער זון.

לכבוד אַ גאַסט פלעגט מען שעכטן אַ באַראַן, וועלכן מען האָט געדרייט און געבראָטן אויפן פייער. דעם גאַסט פלעגט מען מכבד זיין מיטן ערשטן און בעסטן ביסן — פון דעם קאָפּ. נאָך אים האָבן אַלע אנוועזנדיקע ארומגעביסן דאָס פלייש פון קאָפּ און איבערגעגעבן איינער דעם אַנדערן. דער גאַסט, פון זיין זייט, פלעגט וועלן באַווייזן דעם בעל־הבית, אַז ער איז געווען צופרידן, צו דעם צוועק פלעגט ער אָפּגעבן אַ גרעפּס. ס'איז געווען א צייכן, אַז דער בעל הבית האָט געגעבן א סך עסן, צו דער זעט.

ווען מען האָט געהאַט א סך שעפּסן, האָט מען זיך געקענט דערלויבן יעדע פאַר יאָר צו קויפן א יונגע פרוי. „קאַלים", דאָס הייסט פאַר נדן, האָט אַן אלטער קאַזאַך שטענדיק געקענט קויפן אַ יונג מיידל אַלס פרוי. און, אַז מען האָט פארמאגט עטלעכע פרויען, זענען געווען ארבעטס־הענט און די סטאַדע איז געווען גוט אָפּגעהיט. דער מאַן, ווידער, האָט זיך ארומגעדרייט און געוועלטיקט, ווי אַ קעניג. נאָך היינט איז נישט זעלטן צו זען, ווי דער קאַזאַך פאָרט אויפן אייזל און די פרוי לויפט אים נאָך צופוס.

ווען אַ קאַזאַך פאָרט אויף אן אייזל, האלט ער אין דער האַנט אַ פארשניצטן שפּיציקן שטעקן און שטעכט יעדעס מאָל דעם פוילן אייזל אין

האלדז, אָדער אין רוקן. אגב, טרעפט ער תמיד מיטן שפּיציקן שטעקן אין דער אָפענער ווונד, כדי דעם אייזל זאָל וויי טאָן און ער זאָל לויפן שנעלער.

נסים ונפלאות דערציילן זיי וועגן „מולדאַ״, זייער הייליקן, וואָס פלעגט זיי היילן פון אַלע קרענק און פלעגט אַפילו „אָפּשפּרעכן״ אַ קראַנקן אויף סיפיליס, וואָס איז ביי זיי אַ פאַרשפּרייטע קרענק. ער פלעגט תפילה־טאָן, ווען אַ „קאַראַקורט״ אָדער אַ „פאַלאַנגאַ״ האָט צעביסן אַ מענטש, וועלכער פלעגט זיך ראַנגלען צווישן לעבן און טויט.

כ׳האָב זיך אויך אָנגעהערט מעשיות וועגן נקמה־געפּיל, וואָס איז שטאַרק געפלעגט ביי די אַזיאַטישע פעלקער. ווען איין משפּחה האָט באַליידיקט אַ צווייטע, האָבן זיך די נקמה־אַקטן געצויגן פון דור צו דור, דורך קינדער און אפילו דורך אייניקלעך, אָן רחמנות.

— איז טאַקע היינט בעסער — האָט זיך אָפּגערופן אַ יונגער קאַזאַך, אַ טראַקטאָריסט, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין „קאָמסאָמאָל״. היינט, זאָגט ער, ווערט מען געמשפּט פאַר אַ פאַרברעכן אין אַ געריכט פון אונדזערע קאַזאַכישע ריכטער. נישטאָ קיין נקמה און קיין זעלבסט־געריכט. עס איז מער נישטאָ קיין נקמה נאָר פון שטאַרקן און פון רייכן, וואָס האָט זיך געפילט ווי אַ קעניג מיט זיינע גרויסע סטאַדעס שעפּסן און מיט זיין האַרעם ווייבער, אין דער צייט ווען אַן אָרעמער פאַסטוך אָדער פויער האָט זיך נישט געקענט דערלויבן צו קויפן אפילו איין פרוי. אייביק איז דער אָרעמער, אַלטער קאַזאַכישער בחור געווען פאַרשקלאַפט ביים רייכן, געריטן אויף זיין פּרויען־אייזעלע... און נאָכגעיאָגט די סטאַדע אין די בערג. ווייניק פון אונדז האָבן געקענט דעם קאָראַן לייענען און בלויז נאָכדערציילט פאַר די פינצטערע אַנאַלפאַבעטן מאַהאָמעדס לערע. הונדערטער יאָרן האָט דאָס פאָלק געבלאָנדזשעט אין דער פינצטערניש, געציילט די שעפּסן, געקויפט ווייבער און פאַרהייליקט דעם „מולדאַ״.

היינט זענען געקומען נייע צייטן מיט נייע הייליקע, וואָס פירן אונדז אַרויס פון דער פינצטערניש. היינט, אַ דאַנק סטאַלינען, אונדזער פאָטער פון „סאָיוז״ פון די פעלקער, האָבן מיר אויפגעלעבט. אונדזערע קינדער קענען לערנען; נישטאָ מער קיין רייכע, קיין רויבער און אַלץ געהערט צו אונדז, צום פאָלק. אונדזער ערד ווערט באַאַרבעט מיט מאָדערנע טראַקטאָרן און אונדזערע מענטשן ווייסן, ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיט דער מאַשין.

איר קוקט מיך אָן, איר שווייגט? — האָט ער זיך געווענדעט צו די עלטערע קאַזאַכן — איך ווייס וואָס אייך ליגט אויף דער צונג. איר ווילט זיכער פרעגן, אַז אויב עס איז אַזוי גוט, טא פאַרוואָס זשע איז אַזוי שלעכט?... פאַרוואָס האָבן מיר נישט וואָס אָנצוטאָן? פאַרוואָס פעלט נאָך

א ביסל צו עסן? פאַרוואָס ווערן אַזויפיל סאָוויעטישע בירגער געמשפּט פאַר גניבה און פאַר רויב?

איז אָט וועל איך אייך זאָגן: געוויס, דער קאָמוניזם איז נאָך נישט פאַרפולקאָמט. מען דאַרף איבערדערציִען די מענטשן, אַז זיי זאָלן באַזיצן דאָס געפיל, אַז זיי אַרבעטן נאָר פאַר זיך און נישט פאַר יענעם. און דאָס זאָגט דאָך אונדזער גרויסער סטאַלין, אַז מיר זאָלן זיך פילן ווי שרייפעלעך („ווינטיקי") אין דער גרויסער מאַשין, וואָס רופט זיך „פאַראייניקטע סאָוויעטישע פעלקער". און אין איצטיקן מאָמענט דאַרפן מיר מאָביליזירן אַלע אונדזערע כחות, כדי צו פאַרטרייבן דעם דייטשן שונא פון אונדזער ערד. דעמאָלט וועט זיך אַלץ באַרויקן און אונטער סטאַלינס אָנפירונג וועט זיך אַלץ פאַרבעסערן. „זאָל לעבן סטאַלין!"... אַזוי האָט ער פאַרענדיקט זיין דרשה.

אין די עטלעכע מאָנאַטן ביז ניי־יאָר 1942 האָבן מיר אַ סך געאַרבעט. מיט דער דערלויבעניש פון דירעקטאָר האָבן מיר אַריינגעצויגן עלעקטריש ליכט אין עטלעכע הייזער, אין וועלכע עס האָבן געוווינט די הויפּט־אָנגעשטעלטע פון מ.ט.ס., ווי צום ביישפּיל דער הויפּט־מעכאַניקער, דער עלטסטער אַגראָנאָם, דער פּאָליטישער לייטער פון מ.ט.ס. און אַנדערע.

איך האָב געהאַט די אויפגאַבע אַליין צו געפינען דעם נויטיקן מאַטעריאַל, ווי דראָט מיט לעמפּלעך. פאַר דעם האָבן זיי אונדז בשתיקה געבראַכט אַ שטיקל פּוטער, קאַרטאָפל, פלייש. מיר האָבן אַ דאַנק דעם איינגעפירט אַ שטיקל בעל־הביתישקייט. דער דירעקטאָר האָט אונדז ביידן „בראָנירט", דאָס הייסט, ער האָט אונדז מאָביליזירט אין דער ארבעטס־אַרמיי אַלס ספּעציאַליסטן, וועלכע מען מוז האָבן אויפן אָרט, כדי מען זאָל אונדז נישט צונעמען אויפן פראָנט.

אָבער דער פראָנט האָט אונדז זייער אינטערעסירט. מיר פלעגן מיטן גרעסטן בייגער אונטערכאַפּן יעטוועדע נייעס. מיט צאָרן האָבן מיר געהערט, אַז דער דייטש גייט פאָרויס. אין די קורצע קריגס־קאָמוניקאַטן פלעגט מען הערן אַז נאָך שווערע שלאַכטן איז אונדזער מיליטער געווען געצוווּנגען אָפּצוטרעטן און אָפּגעבן דעם שונא די שטאָט... אָדער דאָס דאָרף...

אין אָנהייב האָבן די צייטונגען יעדן טאָג געשריבן וויפל יידן די דייטשן האָבן אויסגעהרגעט אין די שטעט און שטעטלעך, אין וועלכע זיי זענען אַריינגעקומען. אַ געוויסן טאָג האָבן אָבער די צייטונגען געענדערט דעם טאָן און זיי האָבן נאָר געמאָלדן וויפל סאָוויעטישע בירגער די דייטשן האָבן אויסגעהרגעט. דאָס וואָרט „ייד" איז מער נישט דערמאָנט געוואָרן. מיר האָבן אָבער געלייענט סאָוויעטישע בירגער — סאָוויעטישע יידישע בירגער.

צו אונדז זענען אויך דערגאַנגען קלאַנגען, אַז די דייטשן האָבן

איינגעאָרדנט אַרבעטס־לאַגערן, אין וועלכע מען פאַרטרייבט אַלע יידן. קיינער האָט נישט געקענט גלויבן, אַז דער דייטש הרגעט־אויס עלטערע מענער, פרויען און קינדער.

איך האָב נישט געוואָלט און נישט געקענט דערשטיקן אין זיך די האָפענונג צו זען אַמאָל מיין פרוי, מיין איינציק זונעלע, מיינע עלטערן, שוועסטער און ברודער.

דער ברודער פון פּ., וועלכער האָט זיך דערלאַנגט צו אונדז מיט זיין פרוי און מיט זיינע צוויי קליינע קינדער פון אָדעס, האָט דערציילט וועגן שוידערלעכקייטן פון די דייטשן און אַז די אוקראַאינער האָבן אין די לעצטע טעג געראַבעוועט יידישע הייזער. טרויעריק איז געווען אויף דער נשמה. אָבער דאָס לעבן איז ווייטער אָנגעגאַנגען אַזוי לאַנג ווי עס האָט נאָך געגליט אַ פונק פון האָפענונג. אפשר?...

עס זענען צו אונדז צוגעקומען נאָך צוויי יידישע משפחות, אַנטלאָפענע פון קיעוו. איינער פון זיי האָט אָנגעהייבן אַרבעטן אַלס הויפּט־בוכהאַלטער אין קאַנטאָר און דער צווייטער אַלס פאַרוואַלטער אין סקלאַד פון נאַפט. זיי זענען אַלע אַנטלאָפן אין לעצטן טאָג פאַרן אָנקום פון דייטש. די יידישע מאַמעס האָבן נישט אויפגעהערט צו וויינען איבערן גורל פון זייערע זין, וועלכע זענען מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי און געפינען זיך אויף דער ערשטער ליניע פון פראָנט, אָן דעם אַז מען זאָל וויסן וואָס איז זייער גורל.

אין דער זעלביקער צייט איז אויך אָנגעקומען צו דער אַרבעט אין דער סטאָלאָוואַיאַ אַלס קעלנערין אַ יידיש־פּויליש מיידל, וואָס האָט פונקט ווי מיר דורכגעמאַכט עטלעכע רוסישע טורמעס און לאַגערן און איז איצט באַפרייט געוואָרן.

איינזאַם און איינע אליין, איז זי געווען זייער צופרידן צו טרעפן עטלעכע יידן און בפרט אונדז, פּוילישע יידן, וואָס האָבן דורכגעמאַכט די זעלביקע צרות אין די זעלביקע סאָוויעטישע לאַגערן.

פון פּוילן איז זי אַנטלאָפן ווען די דייטשן האָבן זי, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע פרויען געכאַפּט אין אַ געוויסן פרימאַרגן און אַוועקגעפירט ערגעץ אין אַ הויז אויפצורוימען. די דייטשן האָבן זיי געצוווּנגען אויסטאָן זייער אונטער־וועש און וואַשן דערמיט די פּאָדלאָגעס.

צומאָרגנס האָט זי שוין געוואַנדערט איבער די פּוילישע וועלדער און פעלדער אין דער ריכטונג פון ביאַליסטאָק. צוזאַמען מיט נאָך אַ סך יידישע אַנטלאָפענע און היימלאָזע האָבן זיי בייגאַכט „געשוואַרצט" די גרענעץ מיט דער הילף פון אַז „איבערפירער", וואָס האָט ביי זיי צוגענומען די לעצטע פּאָר גראָשן.

די פּאָר מאָנאַטן, וואָס זיי האָבן פאַרבראַכט אין ביאַליסטאָק זענען געווען מוראַדיקע. מענטשן האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן, שמוציקע, הונגעריקע און אָן קיין שום ניִעס פון זייערע היימען. די מענטשן האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט איבער די גאַסן ווי שאָטנס. יעדער איינער האָט זיך געפרעגט „מאין יבוא עזרי?”...

אַ געוויסן טאָג פון מאָנאַט מערץ 1940 האָבן זיך אין די גאַסן אָפּגעשטעלט עטלעכע לאַסט־אויטאָס מיט מיליטער פון נ.ק.וו.ד. און זיי האָבן אײַנגעלאַדן אַלע דורכגייער — מענער, פרויען, אַלטע און יונגע מיטצופאָרן מיט זיי. נאָך אויף אַ קורצער קאָנטראָל — האָבן זיי געזאָגט — און דערנאָך וועט מען זיי גלייך באַפרייען. במשך פון צוויי טעג איז אויף דעם אופן פול געוואָרן די ביאַליסטאָקער תפיסה. אין די צעלעס, וואָס זענען געווען באַשטימט פאַר מאַקסימום 6 פערזאָן, האָבן זיך געפונען אַזש 38 פרויען, ממש דערשטיקט צו ווערן.

עס האָט נישט געהאָלפן דאָס וויינען, דאָס בעטן זיך. פרויען האָבן ספּאַזמירט און געשלאָגן דעם קאָפּ אין דער וואַנט. אָבער קיין שום ווירקונג האָט עס נישט געהאַט.

— איך האָב דאָך נישט מער ווי מיין העמד אויפן לייב, לאָזט מיר גיין נעמען מיינע זאַכן...

— איך האָב איבערגעלאָזט מיינע עלטערן, קראַנקע און אַליין...

— איך האָב איבערגעלאָזט אַ קליין קינד אין שטוב איינער אַליין — האָט אַ פרוי געיאָמערט און זיך געריסן די האָר פון קאָפּ.

די ווענט זענען אָבער געווען דיקע און די סאָלדאַטן האָבן געהאַט שטיינערנע הערצער, זענען געווען טויב און שטום...

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָבן זיך אָנגעהויבן די נאַכט־אויספאָרשונגען. ביינאַכט האָט מען די פרויען געוועקט פון שלאָף, געפירט איבער די לאַנגע קאָרידאָרן און במשך לאנגע שעהן האָט מען זיי געפאָרשט. די אויספאָרשונג פלעגט זיך איבערחזרן עטלעכע נעכט נאָכאַנאַנד.

א סך פרויען האָבן בעת דער אויספאָרשונג געחלשט. צום טויזנטסטן מאָל האָבן זיי געפרעגט וואָס מען וויל פון זיי.

— קענט איר דען נישט די ביטערע לאַגע פון יידן ביים דייטש? יעדער פון אונדז איז געלאָפן זיך ראַטעווען...

דער אָפיציר האָט געשמייכלט בעת דער אויספאָרשונג, געצויגן דעם רויך פון זיין טרובקע מיט טאַבאַק און פאַרזיכערט, אַז אין קורצן וועט מען זיי באַפרייען, מען וועט זיי נאָר אַ ביסל אויספאָרשן...

גאַנצע פיר חדשים האָבן די פרויען געשמאַכט אין דער ביאַליסטאָקער תפיסה. דערנאָך האָט מען זיי אריינגעזעצט אין פאַרפּלאָמבירטע וואַגאָנעס

אין לאנגע עשאַלאָנען, און נאָך לאנגע וואָכן פון וואַנדערן איבער די רוסישע סטאַנציעס זענען זיי אָנגעקומען אין אַרכאַנגעלסקער „אָבלאַסט״. דאָ האָט מען פאַר אַ סך פון זיי אויסגעלייענט אַן אורטייל פון אַ געריכט, וועלכן זיי האָבן קיינמאָל פאַר די אויגן נישט געזען און וואָס טראָגט דעם נאָמען „טראָיקאַ״. מען האָט זיי געמאָלדן, אַז זיי האָבן באַקומען אַ „סראָק״, ווער 3 יאָר, ווער 5 יאָר, 8 אָדער 10 יאָר לאַגער. אַ סך האָבן קיינמאָל אפילו דעם דאָזיקן כלומרשטן אור׳טייל אויך נישט באַקומען. זיי האָבן געהאַט נאָר איין פערספעקטיוו — זיך פּייניקן א גאַנץ לעבן אין לאַגער.

איינגעטיילט זיי אין בריגאַדעס, אין דער שפּיץ פון וועלכע עס זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן „בריגאַדירשעס״, האָט מען זיי אַריינגעזעצט אין פאַבריקן און באַשטימט פאַר זיי א „נאָרמע״, וואָס איז געווען אוממעגלעך צו מאַכן.

— וועסטו מאַכן די נאָרמע, וועסטו באַקומען א גרויסע פּאיקע ברויט, ווען נישט, וועסטו אַ ביסל צוהונגערן.

אונדזער גאַסט, דאָס מיידל פון פוילן, האָט אַרויסגייענדיק פון לאַגער געוויגן 42 קילאָ...

ביים פאַרלאָזן דעם לאַגער איז די שטימונג ביי די פרויען געווען אַ גוטע אָבער פול מיט שרעק. זיי האָבן זיך געפרעגט: וואָס ווייטער?

ווידער אין די וואַגאָנעס, אָבער דאסמאל מיט אפענע, נישט פלאָמבירטע טירן און ווייטער אין אַן אומבאַקאַנטער וועלט, ערגעץ קיין טאַשקענט, וואָס איז ווייט פון פראָנט, און דאָרטן אויסוואַרעמען די דארע ביינער נאָך די גרויסע פרעסט פון אַרכאַנגעלסק. אין טאַשקענט האָבן זיי זיך געוואַלגערט במשך צוויי וואָכן אויפן גראָז און כדי צו קענען דורכלעבן האָבן זיי זיך אַנגאַזשירט צו אַ שווערער אַרבעט אין אַ צעגעלניע. די אַרבעט איז געווען צו שווער פאַר די אויסגעמאַטערטע פרויען, האָבן זיי זיך באַלד אָנגעהויבן אַליין צו באַפרייען פון דער נייער קאַטארזשנער אַרבעט, וואָס וואָלט זיי אינגאַנצן אויסגעענדיקט.

זיי זענען זיך צעלאָפן, ווו איינע האָט נאָר געקענט. א סך זענען געגאַנגען אין די קאָלכאָזן אַרבעטן ביי „כלאָפּאָק״ (בוימוואל) און ביי אַנדערע אַרבעט. אַזוי איז צו אונדז אָנגעקומען צו דער אַרבעט אין דער סטאָלאָוואַיאַ דאָס יידיש מיידל פון פוילן מיטן נאָמען מאַרוסיאַ.

זינט מאַרוסיאַ האָט געאַרבעט אין דער סטאָלאָוואַיאַ פלעגן מיר באַקומען א פולן טעלער „שטשי״ און א גרעסער שטיקל ברויט. מיר האָבן אויסגענוצט אונדזערע גוטע באַציאונגען מיטן דירעקטאָר און פאַרשאַפט פאר מארוסיאַן אַ צימער אין זעלביקן הויז, אין וועלכן מיר האָבן געוווינט. ס׳איז געוואָרן א ביסל היימישער. אין אָוונט האָבן מיר געטראָפן אַ געגרייטן טיש, מיט די

בידנע מאכלים וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט. דערנאָך האָט מען געשמועסט וועגן דער היים, וועגן די לעצטע ידיעות פון פראָנט. קיינער פון אונדז האָט נישט פאַרלאָזן די האָפענונג צוריקצוקומען אַהיים און טרעפן אַלץ און אַלעמען ווי פריער.

דערווייל האָבן מיר געאַרבעט ביי דער עלעקטראָ־סטאַציע. מיר האָבן אויך באַקומען צו פאַריכטן די עלעקטרישע טיילן פון די טראַקטאָרן. ביז דעם מאָנאַט מערץ זענען מיר געוואָרן גוטע פאַכלייט, אַמתע עלעקטריקער.

היות איך האָב זיך אויסגעטויגט ביים באַקומען אַלע נויטיקע מאַטעריאַלן אין טאַשקענט האָט מיך דער דירעקטאָר אַ געוויסן טאָג געשיקט קויפן אייזן אויפן שוואַרצן מאַרק. אין דער קוזשניע האָט געמלעך אויסגעפעלט אייזן.

— אַ טאָן אייזן — האָט ער געזאָגט.

לכתחילה האָב איך זיך אָפּגעזאָגט. כ׳האָב פּשוט מורא געהאַט. אָבער עס האָט מיר גאָרנישט געהאָלפן. איך האָב געמוזט פאָרן. די פּראָצעדור איז געווען די זעלביקע: פאַרקויפן אַ פּאָר זעק קוקורידזע אויפן מאַרק און פאַרן געלט איינקויפן אייזן.

אין טאַשקענט האָב איך זיך נאָכגעפרעגט ביי מיינע באַקאַנטע און זיי האָבן מיך באַקענט מיט אַ פּאַרוואַלטער פון אַן אייזן־באַזע. ער האָט מיר אונטער פיר אויגן געזאָגט, אז ער קען מיר געבן א טאָן און מערער טאָן אייזן, „נאָר באַצאָל״ — זאָגט ער — „ווייל פון מיין מאָנאַטלעכן געהאַלט קען איך צען מאָל שטאַרבן פון הונגער מיט מיין פרוי און מיט מיינע קינדער צוזאַמען״.

ער האָט מיר געגעבן אַ צעטל מיט אַ דערלויבעניש אַריינצופאָרן אויף דער באַזע צו נעמען אַ טאָן אייזן פאַר אַן עוואַקואירטער כאַרקאָווער אַוויאַציע־פאַבריק.

ווען איך בין מיט מיין שאָפער צוגעפאָרן צום טויער פון דער באַזע און דערזען דעם סאָלדאַט מיט דער ביקס בין איך געוואָרן בלאַס. אויך מיין שאָפער האָט זיך דערשראָקן. נישט ארויסגייענדיק פון אויטאָ האָב איך דערלאַנגט דעם סאָלדאַט מיין „פּראָפּוסק״ דורכן פענצטערל פון דער טיר. ער האָט איבערגעלייענט און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אַלס צייכן, אַז מיר קענען אַריינפאָרן.

איך בין מיטן „זאַוויעדויושטשי״ (פאַרוואַלטער) אריינגעגאַנגען אין ביוראָ און דער שאָפער אין דער באַזע נאָכן אייזן. ער האָט מיך מכבד געווען מיט טיי. איך האָב דעם „טשאַי״ קוים געקענט אַראָפּשלינגען פאַר שרעק. דערנאָך האָט דער שאָפער אַריינגעטראָגן דאָס צעטל פון אויפגעלאָדענעם טאָן אייזן. איך האָב אים אויסגעצאָלט 4 טויזנט רובל.

ווען ער האָט דאָס געלט גענומען אין דער האַנט, האָט ער מיר געזאָגט,

**אַז עס איז נישט נאָר פאַר אים אַליין. נאָך פיר מענטשן וועלן זיך טיילן מיט דער סומע.**

מיר האָבן באַקומען א „פּראָפּוסק" ארויסצופאָרן פון טויער. ווידער א הארץ־קלאַפּעניש ביים דורכפאָרן פארביי דעם סאָלדאַט פון נ.ק.וו.ד...

מיר האָבן זיך נאָר אָפּגעשטעלט צו קויפן אַ פלאַש וואָדקאַ פאַרן דירעקטאָר. ער האָט מיך געבעטן אים דאָס צו ברענגען און דערביי פאַרגעסן צו געבן מיר געלט...

אויסער דעם האָבן מיר איינגעקויפט אַ קילאָ רייז פאַרן שאָפער, אַ קילאָ רייז פאַר מיר, אַ לעבל ברויט און עטלעכע צוקערקעס פאר עליאַשן מיט מארוסיאַן. 1.000 רובל האָב איך אָפּגעלייגט באַזונדער. איך האָב געהאַט געננג שרעק...

אויף דער צווייטער וואָך האָט אין קוזשניע פאַרפעלט קוילן. די גאַנצע אַרבעט שטעלט זיך אָפּ. ווידער בין איך געפאָרן קיין טאַשקענט און געבראַכט קוילן. דערנאָך בין איך מיט עליאַשן און מיט מאַרוסיאַן געגאַנגען אויפן מאַרק און דאָרט האָבן מיר איינגעקויפט אַ קילאָ פלייש, אַ שטיקל פּוטער און פאר יעדערן א פּאָר שיך.

מיר האָבן געמוזט זיין זייער פאָרזיכטיק. ביים עסן פלעגן מיר פארמאַכן די טיר, כדי עמיצער זאָל נישט דערזען ביי אונדז אויפן טיש אַ שטיקל פּוטער. פונוואַנען האָבן מיר עס געקענט האָבן? דער געהאַלט האָט דאָך נישט געקלעקט אַפילו אויף ברויט מיט „שטשי"...

דערפאַר איז מיר דאָס פאָרן קיין טאַשקענט שטאַרק געפעלן געוואָרן. קודם כל האָב איך אין טאַשקענט תמיד געטראָפן יידן פון פּוילן מיט וועלכע מען האָט געקענט כאַפּן אַ שמועס וועגן אונדזער לאַגע און זיך נאָכפרעגן אויף באַקאַנטע, אויף קרובים, ווער ווייסט?

אַ געוויסן טאָג גיי איך אין טאַשקענט אויף אַ גאַס און טרעף אָן מיין חבר נ. פּ. עס איז אים געווען שווער צו דערקענען. אין די נאָרמאַלע צייטן איז נ. געווען אַ פּעדאַנט, שטענדיק גלאַט ראַזירט, ריין אָנגעטאָן און די שטיוול האָבן ביי אים תמיד געגלאַנצט, אַז מען האָט זיך אין זיי געקענט שפּיגלען. איצט איז פאַר מיר געשטאַנען אַן איינגעבויגענער מענטש, אַ שמוציקער, פאַרוואַקסן מיט אַ באָרד, אָפּגעריסן, מיט פארלאַטעטע בגדים, אויף די שטיוול זענען די זוילן געווען צוגעבונדן מיט שטריקלעך און זיי האָבן זיך נאָכגעשלעפּט ביים גיין. ער האָט אויך אַ ביסל צוגעהוסט.

מיר האָבן זיך אָן ווערטער אַרומגענומען און מיר האָבן זיך ביידע געוויינט. מיר האָבן געהאַט אַזויפיל צו דערציילן איינער דעם אַנדערן. אָבער אין האַלדז האָט געשטיקט. מיר האָבן זיך אָנגעקוקט און געשוויגן. צופיל אָנגעווייטיקט זענען מיר ביידע געווען פון די איבערלעבונגען.

מיר האָבן געטרונקען טיי אין דער אוזבעקישער טשייכאַנאַ. כ׳האָב זיך צעטיילט מיט אים מיט מיינע פאָר הונדערט רובל. ער האָט געוויינט און האָט נישט געוואָלט נעמען דאָס געלט.

— ביסט דאָך אין דער זעלביקער לאַגע, ווי איך — האָט ער געזאָגט — דו האָסט דאָך אַליין נישט.

כ׳האָב אים שטאַרק געבעטן, ער זאָל נעמען דאָס געלט. איך וועל אָוועקגיין רואיקער ווען איך וועל אים זען מיט אַ פּאָר גאַנצע שיך.

אין דער היים האָט מען נ. געקענט געטרויען אַ קאַסע געלט. ס׳איז געווען נאָרמאַל. אָבער בלייבן דאָ ערלעך אין אונדזערע באַדינגונגען, אין לאַנד, אין וועלכן אַלץ איז נישט מיינס, נישט דיינס און אפילו גאָטס אויך נישט, איז נישט נאָר נאַריש, נאָר אויך אַ פאַרברעכן קעגן זיך אַליין, ווען מען גייט אויס פון הונגער און פון נויט. עס איז דאָ אַפילו נישטאָ פּאָר ווענען צו ווייזן אַביישפּיל פון ערלעכקייט און ברענגען זיך אַליין פאר א קרבן. אלע וועלן אזא איינעם אויסלאכן...

נ. האָט באַגלייט וואַגאָנעס סחורה פון סאַמאַרקאַנד ביז טאַשקענט און צוריק און נישט אָנגערירט קיין זאַך, נישט גענומען פאר זיך, וואָס א האָר איז ווערט.

— אויסגיין פון הונגער — זאָגט נ. — נאָר איך וועל יענעמס נישט אָנרירן.

ערלעכע נשמה, ביסט נישט צוגעפּאסט צום לאַנד און צו זיינע באַדינ־גונגען, צום שקר, צו גזילה און צו רציחה.

ווען איך פלעג קומען אַהיים פון א רייזע אין טאַשקענט, האָב איך אַ סך דערציילט עליאַשן און מאַרוסיאַן וועגן די היימלאָזע לאַגערניקעס און וועגן אַזאַ נ., וואָס וויל דאָ בלייבן ערלעך אַפילו פארן פּרייז פון באַצאָלן מיטן לעבן.

זיכער זענען מיר מסכים געווען מיט די ערלעכע, כ׳וואָלט געזאָגט גבורים, ווייל עס איז געווען זייער שווער צו אפּהיטן די מענטשלעכע ווירדע, צו טראָגן דעם נאָמען „מענטש״.

מיר האָבן זיך דערפאַר באמיט מיט אַלע מעגלעכקייטן ניט צו ריזיקירן, נאָר פאַרדינען אויפן לעבן מיט ארבעט.

מיר האָבן זיך דורך דער צייט קונה שם געווען אַלס צוויי גרויסע פּוילישע אינזשיניערן, וועלכע האָבן אויסגעבויט די עלעקטראָ־סטאַציע. מען האָט אונדז פאַרגעלייגט פאַרשידענע אַרבעט, ווי צום ביישפּיל, פאַריכטן אַלטע וועק־זייגערס, וואָס געדענקען נאָך דעם צאַר ניקאָליי, אַלטע ניי־מאַשינעס, אלטע ראָווערן, פאַרלייטן טעפּ און שיסלען, פארלאַטען און

צוקלאַפּן זוילן צו שיך און נאָך אַ סך ענלעכע אַרבעטן. איך האָב קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט. כ׳האָב שטענדיק געזאָגט, אַז איך קען...

עליאש האָט פון מיר געלאַכט. ער האָט געזאָגט, אַז מאָרגן וועט מען מיך רופן אָנזויגן אַ קינד, וועל איך אויך זאָגן, אַז איך קען...

ער איז אָבער נישט אָפּגעשטאַנען און געאַרבעט צוזאַמען מיט מיר. ער האָט אויך אַלץ געמאַכט בעסער פון מיר. פאַר דער אַרבעט האָבן זיי אונדז באַצאָלט מיש שפּייז — אַ ביסל מעל, אַ שטיקל פּוטער ביי אַ קאָלכאָזניק, אַ שטיקל פלייש, אַ לעבעדיקע הון. און פון דעם אלעם האָט מען קוים דורכגעלעבט.

מיר האָבן נאָך געדאַרפט צוהעלפן אַנדערע, וועלכע האָבן זיך נישט געקענט געבן אַן עצה אין דער געשאַפענער סיטואַציע.

אָט, למשל, האָט זיך עוואַקואירט צו אונדז אין קאָלכאָז אַ משפחה פון אַ מוטער און 4 טעכטער. ביי צוויי פון די טעכטער זענען די מענער געווען מאָביליזירט און זיך געפונען אויפן פראָנט.

די יונגע האָט מען, פאַרשטייט זיך, באַלד אַרויסגעטריבן צו דער אַרבעט אויפן פעלד. פון זייערע פאַרדינסטן האָבן זיי אַליין צוגעהונגערט. דער פאָטער האָט געטענהט, אַז שוין 40 יאָר ווי ער פאַריכט זייגערס, וועט ער איצט אויף די עלטערע יאָרן נישט אַרבעטן ביי אַן אַנדער פאַך.

כ׳האָב זיך ביי אים געבעטן, אַז ער זאָל זיך אָנגעבן פאַר אַ שוסטער.

— כ׳וועל אייך ברענגען פון טאַשקענט אַלע געצייג — האָב איך אין אים איינגעטענהט — אַ האַמער, אַ צוועגל, טשוועקלעך. פאַריכט אַ פּאָר קאַזאַכישע סאַנדאַלן און עסט אַ פּלעצל פון קוקורודזע... ווו וועט איר דאָ אין קאָלכאָז נעמען זייגערס צו פאַריכטן? ביי אַ קאַזאַך איז דאָך אַ חלום צו האָבן אַ זייגער.

ער האָט זיך אָבער איינגעשפּאַרט. נאָר זייגערס... אַן עקשן אַ ייד.

האָט אים מאַרוסיאַ געטראָגן קליינע פּעקעלעך — אַ מאָל אַ שטיקל ברויט, אַ מאָל אַ ביסל זופּ.

דער ייד האָט נעבעך נישט אויסגעהאַלטן. ער איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן דאַרער ביז ער האָט אָפּגעגעבן די נשמה. אַ קורצע צייט נאָך אים איז אויך זיין פרוי געשטאָרבן.

די יונגע מיידלעך האָבן זיך שפּעטער גענומען נייען קליידלעך פאַר די קאַזאַכישע פרויען. אָבער ס׳איז שוין געווען צו שפּעט; די עלטערן האָבן שוין נישט געלעבט. זיי זענען געשטאָרבן ממש פון הונגער.

אין די ווינטער־חדשים האָבן אַלע צו ביסלעך געהונגערט. מיר זענען געווען אונטערדערנערט. די פּייקעס ברויט, וואָס מען האָט געטיילט

אויף קאַרטן זענען געווען לייכטע און דינע. פון דעם געהאַלט איז געווען אוממעגלעך עפּעס צו קויפן. פאַרשטייט זיך, אַז אַלץ איז אָפּהענגיק פון דער אַרבעט, ביי וועלכער מען איז געווען באַשעפטיקט. אויב עס איז געווען וואָס צו גנבענען — זיי פלעגן זאָגן „נעמען" — איז נאָך געווען צו דערליידן. אָט לאָמיר זען, וואָס יעדער קאָן אַלץ גנבענען.

אַ טראַקטאָריסט האָט יעדן טאָג גענומען אַ באַנקע נאַפט פון טראַקטאָר און פאַרקויפט. ווען ער האָט אָנגעהויבן צו פאַרזייען די פעלדער, האָט ער צוגעבונדן מיט שטריקלעך די אונטערהויזן ביי די פיס און אָנגעשאָטן יעדן טאָג פולע הויזן מיט ווייץ. אַזוי איז ער צוריקגעקומען פון דער אַרבעט צו זיך אַהיים. אָבער פאַר אים האָבן שוין פון ווייץ אַראָפּגענומען זייער חלק דער פאַרוואַלטער פון סקלאַד צוזאַמען מיטן דירעקטאָר.

פאַר דער ערד איז שוין קיין סך נישט געבליבן צו פאַרזייען. טאָ פונוואַנען זאָל ארויסוואַקסן?

דער פאַרוואַלטער פון מאַגאַזין, אַן אַלטער קאַזאַך מיט אַ שיטער בערדל און מיט אַ יאַרמולקע אויפן קאָפּ אַלס צייכן פון אַ פרומען מוסולמענער, האָט שטענדיק געענטפערט, וואָס מען זאָל אים נאָר נישט בעטן — „דזשאָק" — אָדער „ניעט", נישטאָ.

זאַלץ — ניעט; קעראָסין — ניעט; זייף — ניעט; שוועבעלעך — ספּיטשקי — ניעט.

ווען עס איז אָנגעקומען סחורה האָט זיך גלייך אויסגעשטעלט אַ לאַנגע ריי — אַן „אָטשערעד". פונוואַנען האָט מען זיך עס דערוווסט? עס איז געווען, אַז עמעצער זאָל אַ זאָג־טאָן „דאַיוט", מען גיט אין מאַגאַזין.

און עס איז נישט וויכטיק וואָס מען גיט. עס האָט זיך גלייך פאַרמירט אַ ריי. די ערשטע 10 אָדער 15 מענטשן פלעגט דער אַלטער קאַזאַך פאַרקויפן צו שטיקלעך זייף, צו פּעקלעך שוועבעלעך און דערנאָך האָט ער געמאָלדן, אַז עס איז מער נישטאָ. ער האָט דערביי געמאַכט אַ פרומע מינע — „ביסט געקומען צו שפּעט".

צומאָרגנס האָט מען פאַרקויפט זייף אויפן מאַרק פאַר אַזאַ פּרייז, וואָס איז געווען צען מאָל העכער, ווי דער פּרייז אין מאַגאַזין, מיט אַ טאָג פריער.

נישט איין מאָל האָט ער אונדז אָנפאַרטרויט צו פאַרקויפן זיין סחורה. ער פלעגט עס אויך מאַכן מיט אַנדערע באַקאַנטע. פון דעם ריווח האָט אויך דער דירעקטאָר און די נאַטשאַלניקעס געדאַרפט נעמען אַ

חלק. ווען ער פלעגט זיי שיקן אַהיים די פעקלעך, פלעגט גלייך דער נאַטשאַלניק, אָדער דירעקטאָר שיקן אין דער סטאָלאָוואַיאַ נאָך אַ קילאָ פלייש אָדער נאָך אַ פּאָר פלעשלעך וויין, פאַרשטייט זיך אָן געלט.

דער יידישער פאַרוואַלטער פ. פלעגט זיין אויסער זיך.

— געוואַלד, זיי וועלן מיך טרייבן אין טורמע. איך נעם דאָך אַוועק ביים אַרבעטער דעם לעצטן ביסן פון מויל...

אין די זופּ באַשטאַנען פון אַ ביסל „שטשי" מיט אַ סך וואַסער און דער וויין איז געווען געמישט מיט וואַסער.

— און איך אַליין — האָט פ. געזאָגט — האָב אויך אַ ווייב מיט קינדער. דער בוכהאַלטער האָט אויך אַ ברייטע האַנט. ווען עס איז אָנגעקומען פּאַפּיר און בלייפעדערס, האָט נישט געדויערט אַ פּאָר טעג און עס איז נישט געווען אויף וואָס צו שרייבן און מיט וואָס צו שרייבן...

און אַזוי האָבן אַלע „גענומען", פון גרעסטן נאַטשאַלניק ביזן קלענסטן אַרבעטער.

כ'האָב אַמאָל אין אַ שמועס מיט פ. געזאָגט: קלערט מיר אויף, איך בעט אייך. כ'פאַרשטיי, איצט איז אַ מלחמה, ס'איז אָן אומאָרדענונג, מען פאַרדינט נישט גענוג אויפן לעבן, איז יעדער איינער געצוווּנגען צו „נעמען", ווי איר רופט עס, כדי צו דערהאַלטן די נשמה.

— אָבער — זאָגט מיר, טאָוואַרישטש פ. — ווי זעט ביי אייך אויס אין רואיקע צייטן? ווי איז עס געווען ביי אייך פאַר דער מלחמה?

— אין די אַלטע צייטן, אין די רואיקע, פאַר דער אָרדענונג פון אונדזער פאָטערל סטאַלין, פלעגט מען ביי אונדז זאָגן, אַז ווען דער רבונו של עולם האָט געגעבן די תורה אויפן באַרג סיני, איז דאָרט קיין רוס נישט געווען. אַזוי, אַז ער איז נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן „לא תגנוב".

אין די אַמאָליקע צייטן ווען צווישן מיינס און דיינס איז געווען אַ גרענעץ, פלעגט מען פאַר גניבה אָנטאָן קייטן אויף די פיס און אַוועקשיקן קיין סיביר. אָבער היינט, אין דער נייער אָרדענונג — דאָ האָט זיך פ. אַרומגעקוקט, צי קיינער הערט נישט — אין דער נייער אָרדענונג, אין וועלכער מען זאָגט, אַז מיינס איז דיינס און דיינס איז מיינס און בעיקר, אַז אַלץ איז „אונדזערס", האָט דאָך יעדער דאָס געפיל, אַז נישט ער גנבעט, נאָר ער נעמט, ער נעמט נישט ביי קיינעם, ביי עפּעס אַ פרעמדן חס ושלום, נאָר ער נעמט פון זיין אייגנס. איז וואָס איז עס פאַר אַ זינד?

און דער סיסטעם — גיט ער צו — איז נישט נאָר אין דער געגנט

און עס איז אויך נישט נאָר מיין מיינונג. עס איז די מיינונג אומעטום אין גאַנץ רוסלאַנד. און גנבים פירט מען אויך היינט קיין סיביר, נאָך מער ווי אַמאָל, אָבער אָן קייטלעך אויף די פיס. ס׳איז אַ פּראָגרעס. דערפאַר אָבער פירט מען זיי אין פאַרפּלאָמבירטע וואַגאָנען. ווען מען וואָלט אָבער געדאַרפט משפטן אַלע די, וואָס „גנעמען״, וואָלט מען גאַנץ רוסלאַנד געדאַרפט אַריבערפירן קיין סיביר אין לאַגערן.

עס איז נישט צו גלייבן, אַז דאָס דאָזיקע געפיל זאָל זיך לאָזן ענדערן. ווען איינער גייט אַרבעטן האָט ער אַ געפיל, אַז ער אַרבעט פאַר יענעם, אָדער אַפילו פאַרן טייוול — „דליאַ טשאָרטאַ״, זאָגט ער. ווען ער „נעמט״ אָבער, האָט ער אַ געפיל, אַז ער נעמט ביי זיך און נישט ביי קיינעם.

אַ ווילער ייד איז געווען אָט דער פ. ער האָט אָבער קיין מזל נישט געהאַט און נישט איבערגעלעבט די מלחמה. אַ פּאָר וואָכן שפּעטער איז ער פון צלונג געשטאָרבן פון אַ פּאַראַליזש אין קאָפּ, ווי דער דאָקטאָר האָט פעסטגעשטעלט.

נאָך דער עגלה, וואָס איז געווען אַ קאַזאַכישער וואָגן, איינגעשפּאַנט אין צוויי פערד, זענען נאָכגעגאַנגען זיין פרוי, מיט די צוויי קינדער, איך, עליאַש און מאַרוסיאַ. די קאַזאַכישע שכנים זענען געשטאַנען פון דערווייטנס און אונדז אפילו נישט געהאָלפן אַרויפטראָגן דעם מת אויף דער עגלה. זיי האָבן געזאָגט, אַז זייער מוסלמענישע רעליגיע דערלויבט זיי נישט זיך צוצורירן צו אַ מת פון אַן אַנדער גלויבן.

דער איינציקער רוס, וואָס איז געקומען צו דער לוויה איז געווען דער קוכער, אַן אַלטער מאַן מיט פאַרדרייטע וואָנצעס. ער האָט נישט פאַרגעסן צו דערקלערן, אז ער האָט פיינט די יעווריעס פון קינדוויי אָן, נאָך פון די צייטן פון צאַר ניקאָליי. נאָר מיט א טויטן וויל ער קיין חשבונות נישט פירן. איז ער געקומען אים באַגלייטן צו זיין אייביקער רו.

צוזאַמען מיט זיין פרוי און זיינע קינדער האָבן מיר באַוויינט דעם ייד צו זיין פריצייטיקן טויט. עליאַש האָט געזאָגט קדיש. אויפן קריסטלעכן בית־הקברות איז צוגעקומען אַ פרישער קבר מיט דער אויפשריפט ד. פ.

# דער קאָלכאָז גרייט זיך צום שניט

אין מאָנאַט אַפּריל הייבט מען שוין אָן גרייטן די קאָמביינען צום שניט. דער שניט הייבט זיך געוויינלעך אָן דעם 15־טן מאַי, ווען אויף די זוניקע פעלדער ווערט רייף דער גערשטן.

עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז די מאָטאָרן פון די קאָמביינען זענען נישט פאַריכט און זיי וועלן נישט קענען שלעפּן די שווערע מאַשינען. אין איילעניש זענען די פיר מאָטאָרן אויסגעשרויפט געוואָרן פון די קאָמביינען און דער עלטסטער מעכאַניקער בכבודו ובעצמו איז אַוועקגעפאָרן קיין טאַשקענט, כדי צו פאַריכטן די מאָטאָרן אין דער פאַבריק, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט אַלע מינים מאָטאָרן, פון אַ קאָמביין ביז אַ טראַקטאָר און ביז אַפילו אַ טאַנק.

צומאָרגנס איז ער צוריקגעקומען מיט די נישט־פאַריכטע מאָטאָרן. מען האָט אים געהייסן איבערלאָזן די מאָטאָרן אויף דריי מאָנאַטן, וועט מען זיי פאַריכטן. אָבער אין צוויי וואָכן אַרום דאַרפן שוין די קאָמביינען אַרבעטן אין פעלד. דאָס גייט זיי אין טאַשקענט נישט אָן.

איבעריקנס זענען זיי אַ ביסל גערעכט. אַ גאַנץ יאָר קלערט קיינער נישט, אַז די קאָמביינען וועט מען אַ מאָל דאַרפן נוצן און מען דערמאָנט זיך וועגן דעם אין די לעצטע צוויי וואָכן.

„יאָק בידאַ, טאָ דאָ זשידאַ" — זאָגן פּאָליאַקן. דער דירעקטאָר האָט מיך פאַרופן אין קאַנטאָר און ער האָט מיר דערקלערט, אַז די סיטואַציע איז זייער אַ שווערע און ער מיינט, אַז נאָר איך קאָן זי ראַטעווען.

— אויב מיר וועלן נישט אָנהויבן דעם שניט צו דער צייט, וועלן מיר אַלע גיין קיין סיביר. נעם דעריבער די פיר מאָטאָרן, פאָר אַוועק קיין טאשקענט אין זעלביקן זאַוואָד און זע, אַז מען זאָל זיי פאַריכטן אין געציילטע עטלעכע טעג. פאַרשטייט זיך, אַז פאַר דעם דאַרף מען באַצאָלן...

— פאַרוואָס האָט טאַקע דיין סטאַרשי מעכאַניק נישט באַצאָלט? — האָב איך אַ פרעג געטאָן דעם דירעקטאָר.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט און מיר שטיל אַ זאָג געטאָן, אַז דער פאַרוואַלטער פון זאַוואָד אין טאשקענט איז אַ רוס און ער האָט נישט קיין צוטרוי צו קאַזאַכןביים מאַכן לינקע געשעפטן.

און היות ער האָט נישט קיין „לינקע" געלט צו באַצאָלן פאַר דער רעפּאַראַציע, האָט מען ביינאַכט אָנגעלאָדן אויפן לאַסט־אויטאָ צוזאַמען מיט די מאָטאָרן דריי גרויסע און פעטע באַראַנעס מיט אַ סך שמאַלץ און אַ זאַק קאַרטאָפל.

דער דירעקטאָר האָט מיר אויך אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל פאַרקויפן די באַראַנעס אויפן מאַרק מיט אַ „ספּראַוועקע", אַז זיי געהערן פּריוואַט צו דריי קאָלכאָזניקעס. ער האָט מיר אויך אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל אומבאַדינגט אָפּקויפן אויפן מאַרק דריי יונגע קליינע שעפּסעלעך און ער האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די צאָל קעפּ פון דער סטאַדע מוז שטימען. עס טאָר נישט פעלן. נאָרמאַל וואַקסן גרויסע באַראַנעס פון קליינע שעפּסעלעך. איך האָב אָבער געדאַרפט מאַכן דאָס פאַרקערטע. ביי מיר האָבן די דריי גרויסע באַראַנעס געדאַרפט פאַרוואַנדלט ווערן אין קליינע שעפּסעלעך אויפן טאשקענטער באַזאַר.

דאָס ערשטע, וואָס איך האָב געמאַכט איז געווען צו בעטן דעם שאָפער, אַז ער זאָל פאַרבייפאָרן נעבן אונדזער וווינונג. כ׳האָב אָפּגעשאָטן אַ האַלבן זאַק קאַרטאָפל פאַר אונדז און פאַרן שאָפער. און דערנאָך זענען מיר געפאָרן אין טאשקענט. איך האָב מתפלל געווען, אז איך זאָל אויספילן די שליחות בשלימות.

האַנדלען מיט די אוזבעקן אויפן מאַרק אין טאַשקענט, זיך דינגען מיט זיי און קלאַפּן אין די הענט האָב איך אנפּארטרויט מיין קאַזאַכישן שאָפער. כ׳האָב זיך צוגעקוקט פון דער וויטנס צו דער דעפּילאַדע פון קונים, וועלכע האָבן אַרומגעטאַפּט די דריי באַראַנעס און זיך געדונגען וועגן פּרייז. דאָס געשעפט איז שנעל געשלאָסן געוואָרן. דער שאָפער האָט פאַרקויפט די דריי באַראַנעס, אָפּגעציילט דאָס געלט און איידער דאָס געלט איז אָנגעקומען צו מיר, האָט ער אַריינגעשטעקט אַ באַנקנאָט אין דער קליינער קעשענע פון זיין מיליטערישער בלוזע. כ׳האָב זיך געמאַכט נישט זעענדיק...

כ׳האָב מיט פאַרגעניגן אויסגעקליבן די קליינע שעפּסעלעך, וואָס האָבן געדאַרפט פאַרטרעטן די פעטע באַראַנעס. מיר האָבן דערנאָך אָפּגעגעסן אַ גוטן מיטאָג און מיר זענען אָפּגעפאָרן אין זאַוואָד, וואָס האָט זיך געפונען עטלעכע קילאָמעטער הינטער טאַשקענט.

אַריינצופאָרן אין טויער פון זאַוואָד אָן אַ דערלויבעניש איז שטרענג

פאַרבאָטן. כ׳האָב געלאָזן דעם שאָפער זיצן אין אויטאָ און איך בין אַריינגעגאַנגען אין דער קאַנצעלאַריע אַ טאַפּ־טאָן דעם דופּק און זען מיט וועמען מען קאָן מאַכן דאָס „געשעפט".

כ׳האָב באַגריסט די סעקרעטאַרין. ס׳איז געווען אַ יונג מיידל און זי האָט מיר גלייך דערציילט, אַז זי האָט זיך עוואַקואירט פון קיעוו מיט איר קראַנקער מאַמע, אַז איר פאָטער איז אויפן פראָנט און זיי האָבן נישט פון אים קיין שום ידיעות, זיי ווייסן נישט, צי ער לעבט נאָך און בעיקר, אַז זי פאַרדינט ביי איר אַרבעט קוים די נשמה איינצוהאַלטן.

כ׳האָב אָנגעקוקט דאָס אויסגעדאַרטע מיידל און כ׳האָב צו איר געהאַט מיטלייד. כ׳האָב איר געזאָגט, אַז איך האָב אַ האַלבן זאַק קאַרטאָפל און אויב איך וועל נאָר דערליידיקן מיין ענין, וועל איך די קאַרטאָפל אַוועק־פירן צו איר אין דער היים, צו איר מאַמע. איבעריק צו זאָגן, ווי דאַנקבאַר זי איז געווען.

כ׳האָב איר דערנאָך געזאָגט, וואָס איך דאַרף אין דעם „זאַוואָד" און זי גיבעטן מיך צו באַקענען מיטן דירעקטאָר. זי האָט מיר געגעבן אַן עצה, אַז דער ענין איז אַ צו קליינער, אַז מען זאָל אָנקומען מיט א פּראָטעקציע צום דירעקטאָר. זי וועט מיך באַקענען מיטן „זאַוויעדוויושטשי" פון דער מאָטאָרן־אָפּטיילונג און זי גלויבט, אַז ער וועט די זאַך שנעל דערליידיקן.

זי האָט דערנאָך אַריינגערופן אַ הויכן, ברייט־פּלייציקן קאַצאַפּ מיט א שמייכלענדיקן פּנים, וואָס האָט צוגעגעבן מוט. כ׳האָב אים דערציילט, אַז איך האָב געבראַכט 4 מאָטאָרן צו פאַריכטן און איך מוז זיי האָבן שנעל, ווייל מען דאַרף זיי האָבן אָנצוהייבן דעם שניט.

ער האָט אָנגעהויבן צו שטאַמלען, אַז זיי זענען פאַרוואָרפן מיט אַרבעט פאַר דער אַרמיי. כ׳האָב אים נישט געלאָזט ענדיקן און געזאָגט, אַז די אַלע מעשיות קען איך שוין, נאָר איך קען נישט צוריקפאָרן אָן פאַריכטע מאָטאָרן. היות מיר זענען דאָ אויף פיר אויגן לייג איך אים פאָר צו באַצאָלן אַ דאָפּלטן פּרייז פאַר דער אַרבעט, אָבער מיטן באַדינג, אַז ער זאָל אַראָפּנעמען פון לאַסט־אויטאָ די אַלטע מאָטאָרן און אַרויפלייגן גוטע, נייע, כדי אונדזער קאָלכאָז זאָל זיך קענען תיכף שטעלן צום שניט.

דער קאַצאַפּ האָט זיך אַ קראַץ געגעבן אין זיין גרויסער טשופּרינע, וואָס איז אים אַראָפּגעהאָנגען איבערן שטערן. ער האָט זיך פאַרטראַכט. איך האָב געפילט, אַז דער פאַרדינסט קיצלט אים און עס לאָקט אים די מעגלעכקייט אַראָפּצוקוועטשן 4000 רובל אין טאַש אַריין.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, געמאַכט אַ פּאָר טריט צום פענצטער. דערנאָך האָט ער זיך האַסטיק אויסגעדרייט און געזאָגט „לאַדנאָ". ער האָט

גלייך געהייסן דער סעקרעטארין אויסשרייבן א „פּראָפּוסק", דאָס הייסט א דערלויבעניש אַריינצופאָרן מיטן אויטאָ אין זאַוואָד.

מיר האָבן צוזאַמען אויסגעקליבן פיר גוטע מאָטאָרן, כמעט נייע. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זייער גוטן צושטאַנד און ער האָט באַפוילן דעם אַרבעטער צו מאַכן דעם טויש. מיר זענען דערנאָך אַריין אין ביוראָ זיך אָפּרעכענען.

— איך ווייס — זאָגט ער — אַז איר, פּאָליאַקן, זענט דערשטוינט אויף אונדזער אָרדענונג. אָבער דאַרפסט פאַרשטיין, אַז פון מיין פּענסיע קען איך נישט לעבן מיט מיין פרוי און מיט מיינע פיר קינדער. קיינער זאָרגט נישט פאַר מיר און פאַר מיין משפּחה. זענען מיר דערפאַר געצוווּנגען אַפילו צו גנבענען און טאַקע ריזיקירן מיטן לעבן. אַזוי גייט עס ביי אונדז פון תּמיד אָן און מיר זענען שוין דערצו געוווינט. אייך, אויסלענדער, איז עס שווער צו פאַרשטיין. אָבער מיט דער צייט וועסטו עס באַגרייפן, ווייל די מלחמה הויבט זיך איצט ערשט אָן און עס ווייזט אויס, אַז זי וועט לאַנג דויערן. מיר וועלן וואַרשיינלעך פאַרענדיקן אונדזער לעבן אויפן פראָנט. עס איז דאָך דער חוב פון יעדן רוס צו פאַרטיידיקן זיין ערד קעגן שונא, וואָס איז אויף אונדז אָנגעפאַלן.

כ'האָב אים אָפּגעציילט די פיר טויזנט רובל. כ'האָב דערביי נישט פאַרגעסן אָפּצולייגן טויזנט רובל פאַר מיר. דאָרטן וואַרטן אויף מיר עליאַש און מאַרוסיאַ און זיי דאַרפן אויך עסן.

ער האָט מיר אויסגעשריבן אַ פּאַפּיר, אַז ער קען נישט פאַריכטן די מאָטאָרן אין דער זעלביקער וואָך און ער דערלויבט מיר זיי אַרויסצופירן צוריק.

כ"האָב אויפן אויטאָ פאַרשאָטן די מאָטאָרן מיטן זעלביקן שטרוי, כדי זיי זאָלן אויסזען ווי אַלטע און מיר זענען אַרויסגעפאָרן פון טויער. פון „זאַוואָד" זענען מיר געפאָרן צו דער סעקרעטאַרינס מוטער. כ'האָב אַליין געוואָלט האָבן די מצווה צו העלפן אַ קראַנקער פרוי, האָב איך געכאַפּט דאָס זעקל קאַרטאָפל אויף דער פּלייצע און אַריינגעטראָגן. כ'האָב איר געזאָגט, אַז איר טאָכטער האָט עס איר געשיקט. די אָרעמע פרוי האָט געוויינט פון פרייד און פון צרות.

— זאָל אייך גאָט העלפן — האָט זי מיר געבענטשט — איר זאָלט זיין געזונט און דערלעבן זען אייערע משפּחות...

כ'האָב נאָך געקויפט צוויי פלעשלעך וואָדקאָ פאַרן דירעקטאָר, כדי ער זאָל אויך זיין צופרידן, און מיר זענען אָפּגעפאָרן אין קאָלכאָז.

ווען מיר זענען צוריקגעקומען מיט די נייע מאָטאָרן איז די שמחה

אין קאַנטאָר געווען אין לשער. עס האָט אויסגעזען, ווי איך זאָל זיי האָבן באַפרייט פון פאַרשיקונג און פון סיביר.

דערווייל האָט מען זיך ארומגעזען, אז אויך די טראַקטאָרן זענען נישט אין אָרדענונג, ווייל פאַרשידענע טיילן זענען אויסגעריבן. וויפל מאָל דער עלטסטער מעכאַניקער איז געפאָרן קיין טאַשקענט, אין אָבלאַסט, צו באַקומען די נויטיקע טיילן, האָט ער אַלע מאָל באַקומען דעם זעלביקן ענטפער — „ניעט".

בין איך דערפאַר געפאָרן נאָך אייניקע מאָל קיין טאַשקענט און טאַקע אין הויפט־סקלאַד, ווו עס געפינען זיך די נויטיקע טיילן, האָב איך באַקומען אַלץ וואָס איך האָב נאָר געדאַרפט האָבן פאַר די טראַקטאָרן. אַלע זענען געווען צופרידן...

איין אומצופרידענער איז תמיד געווען: דער הויפט־אַגראָנאָם.

ער איז געווען אַ סימפּאַטישער קאַזאַך אין די פערציקער יאָרן. דערצויגן געוואָרן אין דער פּאַרטיי און גוט געוווּסט, אַז מען דאַרף בלינד פאָלגן דעם פּאָטערל סטאַלין. ער האָט אָבער נישט געקאָנט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז עס פירט זיך אומעטום אַזאַ אומאָרדענונג.

אַ געוויסן טאָג זאָגט ער מיר בזה הלשון:

— דו האָסט ווייזט אויס געפירט אין פּוילן געשעפטן, וועסטו זיך אויך פאַרשטיין אויף אונדזערווירטשאַפט.

מיט דער צאָל טראַקטאָרן, וואָס אונדזער מ.ט.ס. פאַרמאָגט, ווען זיי זאָלן אַפילו זיין אין בעסטן צושטאַנד און ווען מיר זאָלן שטעלן צו זייער באַדינונג יונגע אויסגעשולטע טראַקטאָריסטן, וואָלטן מיר געקאָנט איבערן יאָר צעאַקערן מאַקסימום ביז 10 טויזנט העקטאַר פון די קאַזאַכסטאַנער פעלדער.

איצט פאַרשטיי, אז די טראַקטאָרן זענען אַלטע און אָפּגענוצטע, קיין נייע טיילן צו פאַריכטן זיי באַקומען מיר נישט. און די טראַקטאָריסטן זענען אָדער אלטע לייט אָדער פרויען, ווייל די יונגע מענער זענען מאָביליזירט אין דער אַרמיי. ווי אַזוי קאָן איך אויספירן אַ נאָרמע פון 20 טויזנט העקטאַר, וואָס זיי פאַרלאַנגען פון אונדז זייט עטלעכע יאָר?

יעדעס יאָר, ווען איך שטעל צו דעם באַריכט, אַז די נאָרמע איז אויסגעפילט געוואָרן קוים אויף 50 פּראָצענט און דאָס גערעטעניש מן הסתם בלויז אויף 25 פּראָצענט, מאַכט מען מיר אין „אָבלאַסט" פאָרוואורפן און מען דראָט מיר מיט סיביר. עס העלפט נישט מיין טענה און איך באַווייז זיי שוואַרץ אויף ווייס, אַז עס איז נישט מעגלעך אויסצופירן אַזאַ נאָרמע און קיין נסים קאָן איך נישט באַווייזן.

איז מיין לעבן יעדן טאָג איינגעשטעלט און איך פיל זיך שוין אין

סיביר. אָט דערפֿאַר בין איך שטענדיק אַזוי שלעכט געשטימט און פֿאַרזאָרגט.

איך בין איין מאָל בייגעווען אַ פֿאַרזאַמלונג אין טאַשקענט פֿון די פֿאָרשטייער פֿון די מ.ט.ס.־סטאַציעס און איך האָב געזען, אז דער גאַנצער טאָן־געבער איז דער „פּרעדסעדאַטעל", דאָס הייסט דער פֿאָרזיצער, אויך אַ קאַזאַך און אַ פּאַרטיי־מענטש, וואָס ציט זיין כוח דירעקט פֿון מאָסקווע.

כ'האָב דערפֿאַר פֿאַרגעלייגט מיין אַגראָנאָם, אַז מיר זאָלןביידע צוזאַמען פֿאָרן קיין טאַשקענט, כדי צו זען נאָכאַמאָל דעם „פּרעדסעדאַטיעל". איך האָב בשעת מעשה דערציילט די אַלטע געשיכטע פֿון יעקב אבינו, וועלכער איז געגאַנגען זיך טרעפֿן מיט זיין ברודער עשו און ער האָט די באַגעגעניש צוגעגרייט מיט דריי זאַכן — מיט אַ מתנה, מיט איבערבעטן אים און אויך מיט בייזע ווערטער.

— געבעטן האָסטו שוין אַ סך מאָל און עס האָט נישט געהאָלפֿן. מיט בייזן טוט מען זיכער נישט, ווייל מען קאָן שלעכט אָפּשניידן. בלייבט נאָר יעקב אבינוס ערשטער מיטל, דאָס הייסט — מיטנעמען אַ גוטע מתנה, און לויטן שכל דאַרף עס העלפֿן.

איך וועל דיך נאָך מאַכן פֿאַר אַ „סטכאַנאָוויעץ" — זאָג איך דעם אַגראָנאָם — און וועסט נאָך אַ מאָל מאַכן אַ סך מער, ווי עס איז די נאָרמע.

דער אַגראָנאָם האָט געשמייכלט און שליסלעך איז ער מסכים געווען, אַז מען דאַרף פּרווון.

מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אַ זיצונג מיטן דירעקטאָר פֿון מ.ט.ס. און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז איך זאָל מיטפֿאָרן מיטן אַגראָנאָם קיין טאַשקענט און איך זאָל עס דערלאַנגען דעם נאַטשאַלניק די מתנה.

אויפֿן לאַסט־וואָגן איז אָנגעלאָדן געוואָרן אַ זאַק פֿון 100 קילאָ ווייץ, אַ זאַק מיט געטריקנטע פּרוכטן און אַ האַלבער באַראַן פֿלייש.

כ'האָב אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פֿון נאַטשאַלניק. די פֿרוי האָט מיר געעפֿנט און געזאָגט, אַז דער נאַטשאַלניק איז נישטאָ אינדערהיים. כ'האָב זי שטאַרק איבערגעבעטן און איר געזאָגט, אַז אונדזער מ.ט.ס. האָט איר געשיקט אַ מתנה. כ'האָב אייניקע מאָל איבערגעחזרט דעם נאָמען פֿון אונדזער סטאַציע, כדי זי זאָל נישט פֿאַרגעסן. איך מיטן שאָפֿער האָבן אַראָפּגעשלעפּט פֿון וואָגן די זעק מיט די פּעק.

זי האָט העפֿלעך געדאַנקט און עס האָט אויסגעזען, אַז עס איז ביי איר אַן אַלטע געוווינהייט אָנצונעמען מתנות.

צומאָרגנס האָט דער אַגראָנאָם דערלאַנגט אַ שריפֿטלעכע ביטע דירעקט דעם נאַטשאַלניק. אין דער ביטע האָט דער אַגראָנאָם געבעטן צו פֿאַרקלענערן די נאָרמע אויף א העלפֿט און ער האָט דערביי אויסגערעכנט די באַקאַנטע סיבות, וואָס האָבן ביז איצט נישט געהאָלפֿן.

דער נאַטשאַלניק האָט געלייענט, האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו די טענות פון אַגראָנאָם, האָט פריינטלעך און זייער אויספירלעך זיך נאָכגעפרעגט און דערנאָך אויפן אָרט פאַרקלענערט די נאָרמע אויף אַ העלפט.

כ'האָב אויף אַזאַ אופן געמאַכט די אַרבעטער פון אונדזער מ.ט.ס.־סטאַציע פאַר סטאַכאַנאָווצעס.

דערווייל האָט זיך אונדזער משפחה פאַרגרעסערט. ס'איז צו אונדז געקומען פריילין צ. פ., וואָס האָט אונדז פאַרלאָזן אין די ערשטע טעג אין טאַשקענט, ווען מיר האָבן זיך אלע געוואַלגערט אויף דער גאַס.

צוזאַמען מיט נאָך אַ סך פרויען האָט מען זיי אָפּגעפירט ערגעץ נעבן טורקעסטאַן אין אַ קאָלכאָז אויף אַרבעט. די שוואַכע, אויסגעהונגערטע און אויסגעהאָרעוועטע פרויען, וואָס זענען נאָר וואָס באַפרייט געוואָרן פון די סיבירער לאַגערן האָבן נישט געקאָנט אויסהאַלטן די אַרבעט אין קאָלכאָז. זיי זענען געווען געצוווּנגען צו אַרבעטן פון פינצטער ביז פינצטער און זיי האָבן אַפילו נישט געגעסן צו דער זאַט. אַ סך פון זיי זענען קראַנק געוואָרן און ווער עס האָט נאָר געקענט, איז אַוועקגעפאָרן וווהין די אויגן האָבן געטראָגן.

אונדזער באַקאַנטע פון טאַשקענט האָט אַ לאַנגע צייט אונדז אַרומגע־זוכט, געשריבן אין צענטראַל־ביוראָ פון די היימלאָזע און לסוף באַקומען אונדזער אַדרעס. זי איז געקומען אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז עס איז קיין פראַגע נישט געווען זי זאָל קאָנען אַרבעטן. עס האָט לאַנג געדאַרפט דויערן ביז זי זאָל צוריק קומען צו די כוחות.

הייַנט זע איך, אַז איך האָב אין יענע טעג צופיל ריזיקירט מיט מיין צוריקגעפונענער פרייהייט, אויף וויפל מען קאָן בכלל זיין פריי אין רוסלאַנד. איך האָב אַלץ געטאָן, כדי די עטלעכע מענטשן זאָלן קאָנען עסן צו דער זאַט. ווען מיר זאָלן דאַרפן לעבן פאַרן געהאַלט, וואָס מיר האָבן באַקומען, וואָלטן מיר קיין לאַנגע צייט נישט אויסגעהאַלטן. פאַר די 250 רובל, וואָס מיר האָבן באַקומען אַ מאָנאַט, האָט מען אויפן שוואַרצן מאַרק געקאָנט קויפן 3 לעבלעך ברויט אָדער צוויי קילאָ פלייש. 500 גראַם ברויט איז אונדז געקומען אויף די קאַרטן, אָבער נישט יעדן טאָג איז געווען ברויט. זייער אָפט האָט דער בעקער געמאָלדן, אַז עס איז נישט אָנגעקומען קיין מעל און ער האָט נישט קיין ברויט. איז נישט געווען קיין אַנדער ברירה ווי נאָר צו גנבענען, ווי מען האָט דאָרט געזאָגט „נעמען", אָדער האַנדלען אויפן שוואַרצן מאַרק.

האָט מאַרוסיאַ געטראָגן די טעפּלעך עסן פון דער סטאָלאָוואַיאַ און איך האָב פון מיינע רייזעס קיין טאַשקענט יעדעס מאָל מיט האַרץ־

קלאַפּעניש געבראַכט אַ ביסל סחורה, וועלכע מאַדוסיאַ האָט פאַרקויפט אויפן מאַרק. אַזוי האָט מען געלעבט אין שטענדיקער שרעק.

עליאַש און די פריילין צ. פּ. האָבן נישט געוואָלט ריזיקירן און העלפן אין שוואַרץ־האַנדל. זיי האָבן תמיד געזען דעם לאַגער מיט די דראָטן, מיט די נ.ק.וו.ד.־וועכטער, גרייטע צו שיסן פון זייערע ביקסן „בעז פּרעדופּרעזשדיעניאַ" — אָן אַ וואָרענונג.

זיכער, איך האָב אַפילו אויף איין מינוט נישט פאַרגעסן די סיבירער לאַגערן אונטער די שטעכל־דראָטן. אָבער די מורא פאַר אַ הונגער־טויט האָט מיך נישט ווייניקער געשראָקן ווי דער לאַגער.

די מלחמה איז דערווייל געווען אין פולן ברען. צווישן דער רוסישער באַפעלקערונג האָט מען קיין מענער כמעט נישט געזען. עס זענען געבליבן נאָר אַלטע, איבער זעכציק. אויך די קאַזאַכן זענען מאָביליזירט געוואָרן און אָפּגעשיקט געוואָרן צום פראָנט.

מיך מיט עליאַשן האָט מען מאָביליזירט אין דער אַרבעטס־אַרמיי און דער דירעקטאָר האָט גוט אַכטונג געגעבן, אַז מען זאָל אונדז נישט צונעמען, ווייל ער האָט אונדז נויטיק געדאַרפט האָבן צו דער אַרבעט אין מ.ט.ס.

דאָך האָט מען אונדז אייניקע מאָל גערופן אין נ.ק.וו.ד., בכדי אונדז צו מאָביליזירן און אָפּשיקן צום פראָנט. יעדעס מאָל האָט די דירעקציע זיך קעגנגעשטעלט און מען האָט אונדז באַפרייט.

ווען מיר זענען איין מאָל געפאָרן אין נ.ק.וו.ד., וווהין מען האָט אונדז איינגעלאַדן, כדי אונדז צו מאָביליזירן, האָב איך זיך אָפּגעזאָגט מיטצונעמען עסן אָדער די לעצטע פאָר רובל פון שטוב און איבערגעלאָזן די פרויען. דאָרט אין נ.ק.וו.ד. האָבן מיר געטראָפן אונדזער חבר א. ב. מיר זענען געווען הונגעריק נאָך אונדזער לאַנגן מאַרש צופוס און מיר האָבן געבעטן ביי א. ב., צי ער האָט נישט עפּעס צום עסן. ער האָט אַרויסגעצויגן אַ גרויסן רעטעך און מיר האָבן פון די טאָרבעס אַרויסגענומען עטלעכע ציבע־לעס, וועלכע מיר האָבן אָנגעריסן, דורכגייענדיק נעבן אַ פרעמדן גאָרטן. צו דעם אַלעם וואָלט געווען גאַנץ גוט אַ שטיקל ברויט. מיר האָבן אָבער קיינער קיין ברויט נישט פאַרמאָגט.

ווען מען האָט אונדז געהייסן גיין צוריק צו דער אַרבעט, האָב איך נישט געוווסט, צי זאָל איך זיין צופרידן אָדער נישט. אין דער צייט זענען שוין צו אונדז דערגאַנגען קלאַנגען, אַז דער דייטש אָרגאַניזירט לאַגערן און פאַרשיקט אַהין אַלע יידן. מיר האָבן אויך געהערט, אַז די דייטשן ברענען אויס נומערן ביי די לאַגערניקעס אויף די הענט און אַז אַ סך יידן זענען שוין אומגעקומען אין די לאַגערן.

האָט דערפאַר געצאַפּלט דאָס האַרץ פאַר ווייטיק צוליבן גורל פון

אונדזערע נאָענטע, עלטערן, שוועסטער, ברידער, פרויען און קינדער. געוואָלט האָט זיך גיין דעם שונא אַנטקעגן, שלאָגן אים, הרגענען און נעמען נקמה מיט די אייגענע הענט פאַרן שלעכטס, וואָס דער דייטש האָט אונדז אָנגעטאָן.

די אידיי פון „גאָטס זון", דעם געקרייציקטן, אַז ווען מען שלאָגט דיך אין איין באַק, זאָלסטו אונטערשטעלן די צווייטע, האָט שוין לאַנג באַנקראָטירט. אַזאַ האַנדלונג גיט נאָר צו דעם שלעגער מוט ווייטער צו שלאָגן אומבאַשטראָפטערהייט און באַרעכטיקט דאָס שלעכטס. און טאַקע דאָס שלעכטס הערשט איבער דער וועלט. איין געזעץ איז אין די איצטיקע צייטן גילטיק — דאָס געזעץ פון דזשונגל. ווער עס איז שטאַרקער, דער זיגט. מיאוס איז דאָס געפיל פון רחמנות און דער זשעסט פון שטעלן זיך אויף די קני מיט פאַרבראָכענע הענט און מיט טרערן אין די אויגן.

קיין איין מערדער האָט נאָך נישט געהאַט קיין רחמנות אויף זיין קרבן, וואָס בעט זיך ביי אים רחמים.

און ווו איז דער יושר פון די גרויסע פירער פון דער וועלט, וואָס קוקן זיך צו גלייכגילטיק צו די שחיטות, ווי גאָרנישט וואָלט געשען. אונטער דעם דעקמאַנטל פון נישט אַריינמישן זיך אין די אינערלעכע אָנגעלעגנהייטן פון אַ פרעמד לאַנד האָבן די גאָר גרויסע: רוזוועלט, טשערטשיל און סטאַלין, די וועלט־הערשער, געשוויגן און נישט רעאַגירט אויף די רציחות פון דייטש אין אייראָפּע.

און ווו איז דער דירעקטער פאַרטרעטער פון גאָט, וועלכער זיצט רואיק אויף זיין געקרוינטן שטול אין רוים און פראַוועט יעדן טאָג זיינע תפילות, שיקט אַ לויב דעם אַלמעכטיקן, וואָס פירט אָן אַזוי גוט מיט דער וועלט און וואַגט נישט מיט קיין איין וואָרט צו וואָרענען היטלערן, וואָס שטשירעט הינטיש זיינע ציין און מאָרדעט אָן רחמנות.

און ווו זענען די מיליאָנען פרומע קאַטאָליקן, וועלכע מאַכן מערערע מאָל אין טאָג דעם צייכן פון קרייץ אויפן שטערן און האַרץ, דערמאָנענדיק זייער הייליקן פאָטער, זון און הייליקן גייסט? צי האָט מען געהערט וועגן אַ דעמאָנסטראַציע פון פרומע קאַטאָליקן מיט אויסרופן: מערדער, גענוג שוין געשאָכטן!...

אויב זיי האָבן זיך אַמאָל געקלאַפּט על חטא פאַר די בלוטיקע קרייץ־צוגן, פאַר די עשאַפאָטן פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע, וועלן זיי זיך נאָך אַ קלאַפּ־טאָן אין האַרץ פאַר די אומגעקומענע 6 מיליאָן אייראָפּעאישע יידן, וועלכע היטלער האָט אויסגעמאָרדעט מיט דער שטילער הסכמה פון דער גויאישער וועלט.

אָבער ווען דער היסטאָריקער וועט קומען פרעגן שאלות, ווי אַזוי האָט

עס געקאָנט געשען אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, וועלן שוין די קברים פון לאַנג זיין פאַרוואַקסן מיט גראָז, אויב קברים וועלן זיין. און די געשיכטע גייט ווייטער איר וועג...

אַזעלכע מחשבות האָבן אונדז געמאַטערט, ווען מיר זענען געקומען צוריק צו דער אַרבעט אין מ.ט.ס.

דאָ איז נויטיק געווען צו שאַפן עפּעס נייעס אין דער אַרבעט, ווייל די עלעקטראָ־סטאַציע האָט פונקציאָנירט נאָרמאַל. יעדעס מאָל איז צוגעקומען אַ ביסל ליכט אין דאָרף. דאָס האָבן מיר, איך און עליאַש, אַריינגעצויגן דאָס עלעקטריש ליכט אין די ליימענע קאַזאַכישע הייזקעס.

בין איך געקומען צום דירעקטאָר מיט אַ נייעם פּראָיעקט. היות עס איז אויף דער סטאַציע פון מ.ט.ס. נישטאָ קיין שוויס־אַפּאַראַט צו פאַריכטן די אויסגענוצטע טיילן פון די טראַקטאָרן, וועלן מיר פּרווון איינצוריכטן אַן עלעקטרישן שוויס־אַפּאַראַט („עלעקטראָ־סוואַרקאַ”). גענוי אים צו דער־קלערן, ווי אַזוי און מיט וועלכע מיטלען מיר וועלן עס מאַכן, האָב איך אַליין נישט געקענט. איינס בין איך געווען זיכער, אַז איך וועל דערצו נישט דערלייגן...

דער דירעקטאָר האָט זיך אין פּראָיעקט אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט. ער האָט מיך גלייך געשיקט קיין טאַשקענט צו ברענגען דעם נויטיקן טראַנספאָרמאַטאָר. די ראָל פון טראַנספאָרמאַטאָר איז געווען צו פאַר־וואַנדלען דעם הויכן וואָלט און קליינעם אַמפּער אין אַ שטראָם פון אַ קליינעם וואָלט מיט אַ שטאַרקן אַמפּער.

איך בין אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן פון טאַשקענט עטלעכע טעג און זיך נאָכגעפרעגט ביי באַקאַנטע ווו איך קאָן באַקומען אַזאַ באַשעפעניש, וואָס הייסט „טראַנספאָרמאַטאָר”. פאַרשטייט זיך, אַז אין אַ געשעפט קאָן מען עס נישט געפינען. עס זענען בכלל אַזעלכע געשעפטן נישטאָ. דאָס האָט מען נאָר געקאָנט געפינען ערגעץ אין א סקלאַד אָדער אַ פאַבריק און פשוט אַרויסגנבענען. אָבער ווו געפינט מען אַזאַ סקלאַד? אַזאַ פאבריק?

אַ באַקאַנטער האָט מיר געעצהט צו גיין אין גרויסן סקלאַד פון טאַשקענט, וווהין מען האָט געבראַכט די עוואַקואירטע מאַשינען פון אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד, אַרויסגעכאַפּטע אין לעצטן מאָמענט פאַרן אָנקום פון דייטש.

כ'האָב זיך געמאָלדן אין ביוראָ פון אָנגעוויזענעם סקלאַד און געבעטן צו רעדן מיטן דירעקטאָר אָדער הויפּט־פאַרוואַלטער פון סקלאַד. אַריינגעפירט האָט מען מיך צום דירעקטאָר, וועלכער האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט אַלס אינזשיניער ס. דער נאָמען האָט מיר גאָרנישט געזאָגט. דערפאַר אָבער האָט אויף מיר געווירקט זיין קול יעקב און זיין איידעלע

אויפנאַמע. ער האָט זיך אויסגעפּרעגט וועגן מיין פאַרגאַנגענהייט און יידישלעך מיטגעפילט און צוגעקרעכצט. ווען איך האָב אים דערציילט, וועמען איך האָב אַלץ איבערגעלאָזן אינדערהיים און וואָס דער דייטש האָט מיט זיי געקאָנט מאַכן, האָט ער מיר שטיל געזאָגט, אַז ער האָט נישט ווייניקער פאַרלאָרן און, אַז ער גלויבט קוים צו קאָנען אַמאָל זיך נאָך זען מיט זיינע אייגענע. אלס אָפיציר איז ער געווען גוט אינפאָרמירט וועגן די דייטשע רציחות אין אייראָפּע.

כ'האָב אים דערציילט וועגן ציל פון מיין וויזיט ביי אים און געזאָגט, אַז איך זוך אַ טראַנספאָרמאַטאָר צו מאַכן אַן „עלעקטראָ־סוואַרקאַ". ווי גרויס דער טראַנספאָרמאַטאָר דאַרף זיין און וואָס פאַראַ קראַפט ער דאַרף האָבן, ווייס איך אַליין נישט. איבעריקנס — האָב איך אים געזאָגט — ביסט אַן עלעקטריע־אינזשיניער און וועסט מיר זיכער זאָגן, וואָס אַזוינס איך דאַרף האָבן.

— וואָס איך פאַרשטיי זייער גוט — האָב איך אים געזאָגט שטיל — איז, אַז מיר ביידע דאַרפן פּרנסה און פון די געהאַלטן אונדזערע קאָנען מיר ביידע דעם מאַנאַט נישט דורכלעבן.

דער אינזשיניער האָט מיר געשטעלט אייניקע פראַגן וועגן דער גרויס און דער קראַפט פון דער דינאַמאָ, וואָס מיר באַנוצן און זיצנדיק ביים טיש, האָט ער מיטן בלייפעדער אין דער האַנט באַרעכנט די גרויס פון טראַנספאָרמאַטאָר, וועלכן איך דאַרף האָבן.

יאָ — זאָגט ער מיר דערנאָך — ביי אונדז אין סקלאַד געפינט זיך אַזאַ כלי. נאָר איך קען דיר נישט געבן, ווייל יעדעס שטיק איז נומערירט און פּראָטקאָלירט. איך בין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יעדן שרייפעלע, וואָס געפינט זיך אין סקלאַד.

כ'האָב אָנגעהויבן אים איינצורעדן, אַז איך וויל נישט, באַטירלעך, ער זאָל צוליב מיר האָבן אומאָנגענעמלעכקייטן, אָבער אַלס פּאַרטיי־מענטש דאַרף ער פאַרשטיין, אַז דער טראַנספאָרמאַטאָר געהערט צום גאַנצן לאַנד און צום גאַנצן סאָוויעטישן פאָלק און אַז אין דער צייט, ווען מיר נויטיקן זיך אין דעם אַפּאַראַט צו פאַריכטן טראַקטאָרן, דאַרף ער דאָ נישט שימלען אין סקלאַד, ווייל ביי אונדז קאָן ער ברענגען נוצן.

מיין פאָרשלאַג איז געווען, אַז ער זאָל אונדז דעם טראַנספאָרמאַטאָר אויסבאָרגן אויף צוויי יאָר און איך וועל אונטערשרייבן אַ פאַרזיכערונג, אַז איך וועל אָפּהיטן זיין גוטן צושטאַנד. צו דער באַשטימטער צייט וועל איך אים, פאַרשטייט זיך, צוריקגעבן. דערביי האָב איך אַרויסגעלייגט אויפן טיש דריי טויזנט רובל. די סומע האָט אויף אים בעסער געווירקט ווי אַלע

מיינע אַרגומענטן. און וואָס עס וועט זיין אין צוויי יאָר אַרום איז איצט איבעריק צו טראַכטן.

מיט אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָב איך אונטערגעשריבן אַלע נויטיקע פאַרזיכערונגען און אַלע פּאַפּירן און אַ ספּעציעלע הויב־מאַשין האָט אַנגעלאָדן דעם טראַנספּאָרמאַטאָר אויפן לאַסט־אויטאָ. ס'איז געווען אַ גרויסער אייזערנער קאַסטן פון מער ווי 500 קילאָ און פון אים זענען אַרויסגעהאַנגען צוויי מאָל צו צוויי דראָטן און דאָס האָט באַדייט דער אַריין און דער אַרויס.

דער אינזשיניער האָט נאָך געהאַט בדעה לאַנג מיר צו דערקלערן, ווי אַזוי איך דאַרף זיך באַגיין מיטן טראַנספּאָרמאַטאָר אָבער איך האָב געוואָלט וואָס שנעלער זיין אויף יענער זייט טויער, ווייט פון דער נ.ק.וו.ד.־וואַך.

די צרות האָבן זיך אָנגעהויבן, ווען איך האָב די כלי געבראַכט אין מ.ט.ס. לכתחילה האָבן אַלע זיך געפרייט מיטן טראַנספּאָרמאַטאָר, וועלכן איך האָב באַקומען. נאָר ווען איך מיט עליאַשן האָבן אָנגעהויבן צו מאָנטיר־רירן, האָבן מיר זיך איבערצייגט, אַז מיר האָבן קיין אַנונג נישט. עס האָט געדויערט צוויי טעג פון פּרוּוון און זוכענישן ביז מיר זענען דערגאַנגען וואָס און ווי אַזוי איינצושליסן.

דערנאָך איז נויטיק געווען זיך אויסצולערנען צו שמעלצן די דראָטן מיט אַ מאַסקע אויפן פּנים. געווען איז עס אַ שוואַרצע מאַסקע, וואָס האָט באַשיצט דאָס פּנים פון די אולטראַ־וויאָלעט שטראַלן און פון די פונקען פון אייזן, וואָס האָבן זיך צעשפּריצט און געברענט ביים צעגיסן די אייזערנע דראָטן. די דאָזיקע פונקען האָבן אונדז ביידן פאַרברענט דעם פּנים און שיער נישט בלינד געמאַכט. 10 טעג זענען מיר געלעגן אין בעט ביז מיר האָבן פונדאַסניי געקאָנט אָנהויבן די אַרבעט. אַלנפאַלס, האָב איך זיך שנעל אויסגעלערנט די מלאכה.

עליאַש, ווידער, האָט געהאַט נאָך אַ צרה. מיט זיינע פאַרבונדענע אויגן איז ער צוגעגאַנגען צו דער עלעקטרישער הויפּט־ליניע און האָט זיך מיט דער האַנט צוגערירט צום שטראָם. ער איז גלייך עלעקטריזירט געוואָרן און ביז איך האָב אויסגעשלאָסן דעם שטראָם איז ער געווען כמעט טויט.

מיר האָבן אַזוי שנעל ווי מעגלעך אויסגעגראָבן אַ גרוב אין דער ערד און אים פאַרשאָטן ביזן קאָפּ. מיר האָבן אים געהאַלטן אין דער ערד בערך אַ שעה צייט און ער האָט געעפנט די אויגן. דערנאָך האָבן מיר אים אַרויסגענומען פון דער גרוב און ער האָט זיך אָנגעהויבן באַוועגן. אָבער ער האָט פאַרלאָרן דאָס לשון אויף גאַנצע דריי חדשים. מיר האָבן מורא געהאַט, אַז ער וועט בלייבן אַ שטומער.

דערנאָך האָבן מיר זיך איינגעטיילט מיט דער אַרבעט. עליאַש איז געווען ביי דער עלעקטריע און איך ביי דער „עלעקטראָ־סוואַרקע". איך האָב אָנגעהויבן צו פאַריכטן די אָפּגענוצטע טיילן פון די טראַקטאָרן. אָבער בעיקר איז מיין אַרבעט באַשטאַנען אין פאַרלייטן די צעלעכערטע אייזערנע פעסער, אין וועלכע מען האָט געפירט נאַפט. איך האָב שטאַרק מורא געהאַט נישט אָנצוטרעפן זיך אויף א פאַס מיט בענזין. פון אַזאַ אויפרייס וואָלט געקאָנט קומען צו אַ גרויס אומגליק.

דאָס אומגליק איז דאָך געקומען, אָבער אַ ביסל שפּעטער.

דורך דער צייט האָבן מיר זיך איינגעלעבט אין דאָרף. עליא־ש האָט געטענהט, אַז מיר דאַרפן זיך צופּאַסן צום לעבן פון די קאַזאַכן און לעבן ווי זיי. די מלחמה האָט געדויערט און איר אויסגאַנג איז אוממעגלעך געווען פאָרויסצוזען, הגם אַלע האָבן געגלויבט — און מיר האָבן בעיקר געוואָלט גלויבן — אַז דער דייטש וועט האָבן אַ מפּלה.

אַלס איינגעזעסענע תושבים פון דאָרף האָט מען אונדז צוגעטיילט שטיקלעך ערד אויף אַ גאָרטן. מיר האָבן פאַרזעצט אַ ביסל קאַרטאָפל און בעיקר דיניעס מיט אַרבוזן. מאַרוסיאַ האָט איינגעהאַנדלט אַ ציג מיט צוויי שיינע ווייסע ציגעלעך. זי האָט אויך געקויפט אַ צוואַנציק הינער. האָבן מיר געהאַט אַ ביסל מילך צו טרינקען און מיר האָבן געגעסן פרישע אייער. די גרעסטע קונסט איז געווען צו באַוואַסערן דעם גאָרטן. מיר האָבן געדאַרפט אַזוי זייען, אַז דאָס וואַסער זאָל שטראָמענדיק פון אויבן אַראָפּ באַגיסן די ערד. ס'איז אונדז אָנגעקומען זייער שווער צו קאָמבינירן די פאַרזייאונג. אַרויסגעהאָלפן האָבן אונדז די רוסישע שכנים. זיי האָבן אונדז געגעבן עטלעכע גוטע עצות. זיי האָבן אויף דעם געביט געהאַט אַ דערפאַרונג פון לאַנגע יאָרן.

## צוויי שכנות

פון די רוסישע מענער איז אין דאָרף שוין כמעט קיינער נישט געבליבן, ווייל זיי האָט מען די ערשטע מאָביליזירט און זיי זענען געווען אויפן פראָנט. געבליבן זענען די פרויען און קליינע קינדער. אין אונדזער דאָרף זענען געווען צוויי שכנות, וואָס זייערע מענער זענען געווען מאָביליזירט. זיי זענען געבליבן יעדע איינע מיט צוויי קינדער.

ביידע פרויען זענען נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט, ווייל זיי זענען געווען געצוווּנגען צו בלייבן מיט די קינדער. געלעבט האָבן זיי פון דער קליינער פענסיע נאָך די מענער, יעדע פון זיי האָט געהאַט א שטיקל פעלד, אַ בהמה און געוויינלעך האָבן ביידע משפחות געדאַרפט לעבן אויפן זעלביקן ניווא. ביידע פרויען האָבן נעמלעך געהאַט די זעלביקע הכנסות. אָבער אזוי איז עס נישט געווען.

שוראַ איוואַנאָוונאַ האָט אַ גאַנצן חודש געמוזט ציילן די קאָפּיקעס און נישט געהאַט מיט וואָס דורכצוקומען, געמוזט אפילו קאַרגן מיטן ביסן פאַר די קינדער.

דאַקעגן האָט נאַסטיאַ ניקאָלאַיעוונאַ כמעט גאָרנישט געפעלט, געגעסן צו דער זאַט, די קינדער גוט און ריין אָנגעטאָן און זי האָט נישט געדאַרפט קאַרגן דעם רובל, הגם זי האָט עס געמוזט טאָן בשתיקה, כדי א בייז אויג זאָל נישט פאַרשאַטן.

אַ געוויסן טאָג האָבן זיך ביידע שכנות, חברטעס, אויסגעטענהט אָן קריגעריי, אָן אייפערזוכט, נאָר פשוט חבריש.

— זאָג מיר, איך בעט דיך — זאָגט נאַסטיאַ צו שוראַן — מיר ביידע זענען צוזאַמען דערצויגן געוואָרן ביי אונדזערע עלטערן, פויערים און האָרעפּאַשניקעס, ערגעץ ווייט אין אַ סיבירער דאָרף. אונדזערע מענער זענען אויך גוטע חברים פון די קינדער־יאָרן אָן. צוזאַמען האָט מען אונדז דערצויגן אין „קאָמסאָמאָל" און צוזאַמען האָבן מיר געלערנט וועגן גלייכהייט און ברידערלעכקייט, אַז עס זאָלן נישט זיין קיין אָרעמע און קיין רייכע מענטשן, קיין אונטערדריקער און קיין אונטערדריקטע.

די אידיי איז מיר דעמאָלט זייער געפעלן געוואָרן און זי געפעלט מיר אויך היינט זייער גוט.

אָבער — דאָ קומט דער „אָבער" — אפשר קענסטו מיר דערקלערן, ווי אַזוי קען מען אויסגלייכן אַלע מענטשן ?

ווי אַזוי קען מען אויסגלייכן די פעאיקע און פאַרשטענדלעכע מענטשן מיט מענטשן נאַרישע, נישט פאַרשטענדלעכע און אומפעאיקע ?

און ווי אַזוי קען מען אויסגלייכן מענטשן פלייסיקע, וואָס אַרבעטן גוט און שנעל און פוילן זיך נישט צוצואַרבעטן נאָך אַ שעה אין טאָג, מיט מענטשן פון דער נאַטור פוילע, וואָס דרייען זיך אַרויס פון אַרבעט ?

איז עס דאָך נאַטירלעך, וואָס מענטשן ווערן געבוירן מיט אַזעלכע מעלות אָדער חסרונות. אויסער דעם ברענגט ד'אָך דאָס לעבן אַליין אַ ביסל זינדיקע געוווינהייטן.

אָט ווילן מענטשן רויכערן, טרינקען אַ גלעזל וואָדקאַ און אויך שפּילן אין קאָרטן. דאָס אַלץ האָבן דאָך מענטשן אויסגעטראַכט און טאַקע פאַרן זינדיקן מענטש. און עס געשעט גאַנץ אָפט, אַז דווקא דער פוילער, וואָס אַרבעט ווייניק און פאַרדינט ווייניקער, וויל פון אַלעם געניסן, דאָס הייסט רויכערן, טרינקען און שפּילן, און זאָגט זיך אויך נישט אָפּ פון יענעמס ווייב...

דערפאַר קען טאַקע זיין פרוי נישט אויסקומען דעם חודש. די קינדער גייען אַרום אָפּגעריסן און הונגעריקע און קוקן מיט אייפערזוכט אויף זייערע שכנים, וועלכע עסן צו דער זאַט און גייען לייטיש אָנגעטאָן.

ווי אַזוי קען מען אויסגלייכן אַ וועלט ?

אַזעלכע אומשולדיקע פראַגעס האָט נאַסטיאַ געשטעלט איר חברטע שוראַ, מיינענדיק גלייכצייטיק איר אַריינצוזאָגן פאַר איר פוילקייט.

נאַסטיאַ ניקאָלאַיעווונאַ איז געווען אַ פלייסיקע און פעאיקע פרוי. זי איז געווען זייער אַן אַרבעטזאמע און האָט אַלץ געקענט מאַכן.

פאַרטאָג נאָך, אין שיין פון מאָרגנשטערן איז שוין נאַסטיאַ געווען אין שטאַל ביי דער בהמה און ביי די הינער, האָט אָנגעריסן גראָז פאַר דער בהמה, זי אָנגעקאָרמעט צו דער זאַט און האָט דערפאַר אויסגעמאָלקן אַ פולן שעפל מילך. זי האָט צוזאמענגענומען די אייער פון די הינער, גוט באַאַרבעט דעם גאָרטן און גוט באַוואָסערט, כדי עס זאָלן זיין געראָטענע קאַרטאָפל און קוקורודזע פאַר די קינדער צום עסן. דערנאָך האָט זיך נאַסטיאַ אַרומגעקוקט אין שטוב, אַז די קינדער זאָלן זיין ריין אָנגעטאָן. זי האָט אויך געפונען צייט אויפצונייען פאַר די שכנים אַ פאָר קליידלעך, כדי צו פאַרדינען נאָך אַ פּאָר רובל.

נאַסטיאַ האָט זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט אויף איר גורל. — זאָל נאָר

מיין מאַן צוריקקומען אַ געזונטער פון דער מלחמה, וועל איך שוין ווי עס איז דורכקומען — האָט זי געזאָגט.

פונקט דאָס פאַרקערטע איז געווען איר חברטע שורה. מען פלעגט זי תמיד טרעפן זיצנדיק מיט אַנדערע פרויען אויפן גראָז און רעדן און דערציילן מעשיות. אויפגעשטאַנען איז זי שפּעט. די קינדער זענען שוין פון לאַנג אַרומגעלאָפן און געבעטן עסן. זי האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבן, געבליבן שטיין מיט די צעפלאָשעטע האָר אין מיטן דער שטוב און נישט געוווסט פון וואָס אָנצוהויבן. צי אָנטאָן די קינדער, געבן זיי עסן, צי גיין אין שטאַל צו דער בהמה, וואָס מעקעט אַזוי, אַז עס איז א רחמנות צו־צוהערן, אפשר א קוק טאָן אויף דעם אויסגעטריקנטן גאָרטן? ווער קען זיך עס צערייסן באַלד אינדערפרי?

האָט זי זיך געכעסט אויף די קינדער, וואָס לאָזן זי נישט צורו, געלאָפן פון איין אָרט צום צווייטן און קיין אַרבעט איז נישט געמאַכט געוואָרן.

דער רעזולטאַט איז געווען אַ פאַרקערטער, ווי ביי נאַסטיאַן. די קינדער זענען געגאַנגען אָפּגעריסן און הונגעריק, די בהמה איז געווען דאַר און האָט נישט געגעבן קיין מילך, אין גאָרטן איז קוים געוואַקסן דאַרע קוקורודזע.

קיין נאַרישע פרוי איז שורה נישט געווען. זי האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז זי דאַרף אַרבעטן ענערגישער. אָבער די פוילקייט איז געווען שטאַרקער פון איר. זי פלעגט אויף זיך אַליין זאָגן, אַז זי איז געבוירן געוואָרן אַ פוילע און דערצו אַ פאַרמאַטערטע. וואָס זי האָט גענומען אין דער האַנט, האָט זיך נישט געקלעפּט.

פרעגט דאָך מיט רעכט נאַסטיאַ ניקאָלאַיעוונאַ, ווי אַזוי קען מען עס אויסגלייכן די וועלט, אַז די נאַטור אַליין האָט פאַרקרימט די מענטשלעכע כאַראַקטערן און פעאיקייטן באַלד ביים געבוירן ווערן.

אויף דער גורל פון זייערע צוויי מענער האָט פאַרשידנאַרטיק זיך געענדיקט.

נאַסטיאַס מאַן האָט געשריבן ערגעץ פון אַ לאַגער פון סיביר, ווו עס זענען געזעסן פאַרשיקטע אַרעסטאַנטן. ער האָט געשוווירן, אַז ער איז נישט שולדיק, אַז עס איז נישט זיין שולד, וואָס ער איז אַריינגעפאַלן צו די דייטשן אין געפאַנגענשאַפט. ער איז געווען אויפן פראָנט און אויף דער ערשטער ליניע. עס האָט געהאָגלט מיט באָמבעס און מיט האַרמאַטן־קוילן. די ערד האָט ממש געברענט.

— איך האָב געזען מיינע חברים, ווי זיי שטאַרבן ווי העלדן מיט די ביקסן אין די הענט — האָט ער געשריבן — מיר האָבן געקעמפט ווי די לייבן און פאַרטיידיקט יעדן שפּאַן פון אונדזער רוסישער ערד. מיר האָבן

נאָר געהאַט איין ווונטש: צו צעשמעטערן דעם שונא, דעם פאַרשאָלטענעם דייטש.

נאָר פּלוצלינג האָבן מיר זיך דערפילט ווי שאָף אָן אַ פּאַסטוך. אונדזערע אָפיצערן האָבן אונדז פאַרלאָזן און אַליין זיך איבערגעגעבן דעם דייטש. פּאַרקויפטע נשמות! נישט געפעלן איז זיי די סאָוויעטישע אָרדענונג.

דער דייטשער שונא האָט אונדז אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן, האָט אונדז באַפוילן צו וואַרפן דאָס געווער און הויבן די הענט אין דער הויך. אזוי האָט ער אונדז געפירט אין געפאַנגענשאַפט.

ווי אַזוי מיר האָבן אַויסגעהאַלטן די דריי יאָר אין דייטשן „פּלען" איז מיר אוממעגלעך צו באשרייבן. אפשר וועל איך געפינען ווערטער אייך צו דערציילן ווען מען וועט מיך באַפרייען און ווען איך וועל קומען צו אייך אַהיים.

אונדזער גרעסטע פרייד איז געווען, ווען מיר האָבן געהערט, אַז די חברים, די רוסישע ברידער קומען אונדז באַפרייען. מיר האָבן געווייגט פאַר פרייד און זיך שוין געזען אינדערהיים מיט אונדזערע פרויען און קינדער, יעדער איינער צו זיך, צו זיינע עלטערן און אפשר צו זיין כלה...

אָבער מען האָט אונדז אַריינגעזעצט אין עשאַלאָנען און פאַרפירט אַהער, קיין סיביר. מען באַשולדיקט אונדז, אַז מיר האָבן זיך פרייוויליק איבער־געגעבן אין „פּלען" צום דייטש. אַ רוסישער מענטש האָט נישט געטאָרט וואַרפן דאָס געווער און הויבן די הענט אין דער הויך. אַ רוסישער מענטש האָט געדאַרפט קעמפן מיטן שונא ביז דער לעצטער קויל און ביזן לעצטן טראָפּן בלוט און זיך נישט אונטערגעבן לעבעדיקערהייט דעם פאַרשאָלטענעם דייטש.

און איך זאָג דיר, מיין טייערע נאַסטיאַ, אַז אונדזער פאָטער פון די פעלקער, דער חבר סטאַלין, איז זייער גערעכט, ווייל עס איז נישטאָ קיין פרייז פאַר אַ פאָטערלאַנד, אפילו צו באַצאָלן מיטן לעבן...

אָט אַזוי בערך האָט געשריבן נאַסטיאַס מאַן מיט דער פּולער האָ־פענונג, אַז ער וועט בקרוב באַפרייט ווערן און צוריקקומען אַהיים.

שוראַ האָט דערהאַלטן אַ בריוו פון אַ שפּיטאָל־דירעקטאָר אין אוראַל. ער האָט איר צוגעזען, אַז איר מאַן איוואַן פּעטראָוויטש איז זייער שווער פאַרוואונדעט געוואָרן אויפן פראָנט. אָבער ער לעבט. אַזוי ווי דעם 15־טן דעם מאָנאַט ווערט ער איבערגעפירט אין אַן אָפּרו־הויז, ערגעץ אין מיטל־אַזיע און ער פאָרט דורך טאַשקענט, בעט ער זי, אַז זי זאָל קומען מיט די קינדער צו דער באַן 3 אַזייגער נאָכמיטאָג, צום וואַגאָן נר. 18, כדי זיך צו זען מיטן מאַן און פאָטער.

אַ פרייד און אַ מורא האָבן באַהערשט שוראַן מיט די קינדער. זיי האָבן

געלאַכט און געוויינט. שווער פאַרוואונדעט? — האָבן די קינדער געפרעגט — ווי אַזוי זעט ער אויס? אפשר מיט צוויי שטעקנס? אפשר בלינד אויף אַן אויג? אָדער עס פעלט אים אַ האַנט?

— די פאַרשאָלטענע דייטשן זענען שולדיק — האָט שורה געמורמלט ווי צו זיך אַליין.

פאַרוואָס האָבן די דייטשן געשאָסן אויפן פּאַפּאַ? — האָט דאָס קליינע מיידעלע געפרעגט. ס'איז געווען אַ שיין קינד מיט בלויע אייגעלעך און מיט פאַרפלאָכטענע צעפּעלעך אויפן קאָפּ. — מיין פּאַפּאַ איז דאָך אַזאַ גוטער. פאַרוואָס האָבן זיי אים פאַרוואונדעט?..

— מאַמאַ, מיר וועלן דעם פּאַפּאַ ברענגען אַהיים, איך וועל אויף אים אַכטונג געבן, איך וועל אים אַלץ דערלאַנגען, וואָס נאָר ער וועט וועלן ביז ער וועט ווערן געזונט. יאָ מאַמאַ, מיר וועלן ברענגען דעם פּאַפּאַ אַהיים?

— יאָ, מיין קינד — האָט שורהַ געשאָקלט מיטן קאָפּ און טרערן האָבן זיך איר געגאָסן איבערן פריצייטיק פאַרעלטערטן פּנים צוליב די יאָרן פון זיין אַליין און פון ליידן.

באַלד אינדערפרי איז שורהַ מיט די קינדער אָנגעקומען קיין טאַשקענט אויף דעם וואָקזאַל, הגם דער צוג דאַרף ערשט אָנקומען נאָכמיטאָג. עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז זיצנדיק אויפן וואָקזאַל וועט זי צויאָגן די צייט און די באַן וועט שנעלער אָנקומען. גלייכצייטיק האָט זי צוגעגרייט אירע פּלענער, ווי אַזוי זי וועט בעטן נאַטשאַלסטוואָ, מען זאָל איר אַהיים געבן איר מאַן. זי וועט אַליין צוהיטן, אַז ער זאָל זיך אָפּרוען און ווערן געזונט.

די שעהן האָבן זיך געצויגן ווי יאָרן. זי האָט באַמערקט, ווי עס קומען זיך צונויף נאָך פרויען מיט קינדער. מיט אומגעדולד קאָנטראָלירן זיי יעדעס מאָל די בריוו, וואָס זיי האָבן דערהאַלטן, צי איז עס טאַקע היינט? צי איז נישטאָ קיין טעות? זיי האָבן שוין פאַרמאַטערט דעם נאַטשאַלניק פון דער באַן־סטאַנציע מיט פראַגן: צי דער צוג פאַרשפּעטיקט נישט?

די צייט ציט זיך אָן א סוף.

ביז דער פייף פון לאָקאָמאָטיוו האָט דורכגעשניטן די לופט. אַלע זענען אַויפגעשפּרונגען פון די ערטער און האָבן זיך געשטופּט צו דער טיר, כדי וואָס פריער אַרויסצוגיין צו דער באַן.

דער לאָקאָמאָטיוו האָט שווער סאָפּענדיק געשלעפּט דעם לאַנגן צוג מיט וואַגאָנעס און האָט אַרויסגעלאָזן אַ געדיכטן שוואַרצן רויך פון קוימען. מיט אַ קרעכץ האָט ער צוגעצויגן דעם צוג קעגנאיבער דעם וואָקזאַל און זיך אָפּגעשטעלט.

ס'איז געוואָרן אַ געלויף. אַלע האָבן געזוכט דעם אָנגעגעבענעם נומער פון וואַגאָן.

שוראַ מיט די קינדער זענען פּאַרסאַפּעטע צוגעלאָפן צום וואַגאָן נר. 18. ביים אַריינגאַנג האָבן זיי געמוזט באַווייזן דעם בריוו דעם מיליטערמאַן אין ווייסן כאַלאַט, וואָס איז געשטאַנען ביי דער טיר. דערנאָך האָט ער זיי צוגעפירט צום קופּע, אין וועלכן ס'איז געלעגן איר מאַן. ער האָט זיך צוגעבויגן און שטיל געזאָגט:

— זיי רואיק, איוואַן פּעטראָוויטש, דיין פרוי מיט די קינדער זענען געקומען דיך זען.

אַ פּאָר טרויעריקע אויגן האָבן זיך געווענדעט אין דער זייט פון דער טיר.

שוראַ האָט מיט אויסגעשטרעקטע הענט אַ געשריי געטאָן: „וואַניא טייערער!"

שוראַ האָט אים געקושט אין די ליפּן און אין פּנים און וואַניאַ האָט קיין איין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. בלויז פון זיינע אויגן האָבן זיך געגאָסן גרויסע טרערן, וואָס זענען געפאַלן אויפן קישן. מיט די פייכטע פאַרוויינטע אויגן האָט ער געקוקט דאָ אויף שוראַן, דאָ אויף די קינדער, וואָס האָבן מורא געהאַט צוצוגיין צום פּאַפּאַ.

— וואַניאַ — האָט שוראַ אויסגעשריען — נעם אַרום די קינדער, גיב זיי אַ קוש. פאַרוואָס זאָגסטו גאָרנישט ?...

וואַניאַס ליפּן האָבן אָנגעהויבן צו ציטערן און דערנאָך האָט ער זייער שטיל אַרויסגעמורמלט: — שוראַ, דעק אָפּ די קאָלדרע, וועסטו זען דאָס אומגליק.

זי האָט אינגאַנצן געציטערט פון שרעק. מיטביידע הענט האָט זי אַ שלעפּ־געטאָן די קאָלדרע, וואָס האָט צוגעדעקט וואַניאַס קערפּער ביזן האַלדז. זי האָט אַרויסגעלאָזט אַ יאָמערדיקן געשריי, זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט פאַרן קאָפּ און האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד. זי האָט געחלשט.

ס'איז אַנטשטאַנען אַ טומל. די קינדער האָבן געוויינט און געשריגן — „מאַמאַ". דער סאָלדאַט אין ווייסן כאַלאַט האָט שוראַן אויפגעהויבן און אויפגעזעצט, געגעבן איר עפּעס פון אַ פלעשעלע צו שמעקן. שוראַ האָט געעפנט די אויגן. זי האָט אָנגעקוקט מיט מורא איר מאַן, וואָס איז געלעגן ווי אַן אָפּגעזעגטע קלאָץ, אָן ביידע הענט און אָן ביידע פיס.

ס'איז געווען בלויז אַ קערפּער, אַן אומבאַוועגלעכער און אויבן איז

געווען צוגעטשעפעט דער קאָפּ, וואָס האָט געלעבט, געפילט, געליטן און פאַרשאַפט ליידן.

די קינדער האָבן זיך געטוליעט צו דער מאַמען און מיט מורא געקוקט אויפן פאַפאַ. זיי האָבן נאָך קיינמאָל נישט געזען קיין האַלבן מענטש... און בפרט אַ פאַפאַ אָן הענט און אָן פיס. זיי האָבן זיך עס קיינמאָל נישט געקענט פאָרשטעלן.

שורא האָט זיך געזעצט אויפן ראַנד פון בעטל און גלייכצייטיק באַטראַכט די מעדאַלן, די הויכע אויסצייכענונגען, וואָס האָבן באַדעקט וואַניאָס ברוסט. זי האָט א זאָג געטאָן:

— האָסט באַצאָלט אַזאַ שווערן פרייז פאַר דיינע מעדאַלן. דו האָסט דערפילט דעם חוב אַלס טרייער זון פון רוסישן פאָלק. אָבער האָסט פאַר־שפּילט דיין לעבן און אויך מיין לעבן, און די קינדער — וואָס וועט פון זיי ווערן ?...

— יאָ, שוראַ, — האָט איוואַן איר איבערגעריסן אינמיטן רעדן — וועגן דעם טראַכט איך שוין אַ לאַנגע צייט. איך האָב וועגן דעם געטראַכט אין מיינע ערגסטע מאָמענטן, איך האָב געטראַכט, אַז מיינע קינדער זאָלן נישט זיין קיין שקלאַפן פאַר די דייטשע מערדער.

מיר האָבן געקעמפט מיט אַלע כוחות און בעיקר מיט מוט, צו פאַר־טרייבן דעם שונא פון אונדזער רוסישער ערד.

איך האָב געקעמפט כמעט אויף אַלע פראָנטן. איך האָב געזייט טויט אין די רייען פון שונא און איך בין אָפּגעקומען נאָר מיט קליינע ווונדן, געהאָפט צו באַפרייען אונדזער רוסישע ערד און קומען אַהיים צו אייך און ווייטער פירן אַ רואיק לעבן. אָבער ווי דו זעסט איז עס נישט באַשערט געווען. אין מיין לעצטן קאַמף ביי סטאַלינגראַד, אויף דעם פרייען פאַר־שנייטן פעלד, אין אַ פראָסטיקן ווינט, האָט מיר דעם שונאס אַ סנאַריאַד אָפּגעריסן ביידע פיס. איך בין געלעגן אַ פאַרחלשטער אַ גאַנצע נאַכט און עס איז פון מיר אָפּגעפלאָסן דאָס בלוט.

אינדערפרי, ווען די חברים, די סאָלדאַטן, האָבן אונטער דעם פייער פון שונא צונויפגעקליבן די טויטע און די פאַרוווּנדעטע, זענען שוין מיינע ביידע הענט געווען אָפּגעפרוירן.

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט נאָך דער אָפּעראַציע, בין איך געלעגן, ווי דו זעסט מיך איצט. כ׳האָב זיך געבעטן ביים דאָקטאָר, אַז ער זאָל מיך פאַרסמען און פאַרענדיקן דאָס לעבן, ווייל צו וואָס זיך מאַטערן און מאַטערן יענעם ?

שוראַ האָט אויסגעהערט, וואָס איוואַן האָט איר דערציילט. טרערן

האָבן זיך כסדר געגאָסן פון די אויגן. אַ ווײַלע האָט זי זיך פֿאַרטראַכט און דערנאָך אַנטשלאָסן געזאָגט:

— איך ווייס, ווי שווער עס וועט מיר זײַן. אָבער איך וויל דיר אַראָפּ־נעמען פון דער באַן און ברענגען אַהיים. דו וועסט זײַן מיט אונדז און דו וועסט אונדז העלפן כאָטש מיט אַ גוטער עצה...

אויך די קינדער וועלן האָבן אַ פֿאָטער, וועלן וויסן, אַז זייער פּאַפּאַ איז מיט אונדז, אַ קראַנקער פּאַפּאַ, אָבער צוזאַמען מיט זײַן משפּחה, מיט זײַן פֿרוי און קינדער.

— ניין, מײַן טײַערע פֿרוי — האָט איוואַן געזאָגט — איך וועל נישט גיין מיט אײַך אַהיים. זאָלן זיי מיך פֿירן, וווּהין זיי ווילן, און זאָלן זיי מאַכן מיט מיר אַלץ, אָבער איך וויל נישט קומען אַהיים, כּדי אײַך נאָך מער צו באַלעסטיקן. ווען איך זאָל כאָטש האָבן איין האַנט, אַז איך זאָל זיך קענען אַליין באַדינען.... אַזוי בין איך דאָך אַ לעבעדיקער מת...

בעט איך דיר דערפֿאַר, טײַערע, שוראַ, גיי און דערציִ די קינדער, ווי נאָר דו וועסט קענען, און וועגן מיר זאָלסט איר פֿאַרגעסן, אינגאַנצן פֿאַרגעסן — האָט ער מיט אַ וויינענדיקער שטימע געזאָגט. — פֿאַר אײַך בין איך מער נישטאָ, פֿאַר אײַך בין איך טויט...

שוראַ איז אַרויסגעגאַנגען פון וואַגאָן אינגאַנצן אַ צעבראָכענע, אַ פֿאַר־ווײנטע, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. ביי ביידע זײַטן האָט זי געפֿירט די קינדער, האַלטנדיק זיי פֿאַר די הענטלעך. זי איז געגאַנגען, ווי מען גייט נאָך א לוויה. זי האָט קיינעם נישט געזען, כאָטש די אויגן האָבן געקוקט פֿאַר זיך...

ערשט היינט, אינדערפֿרי, איז זי געקומען צו דער באַן באַגעגענען איר מאַן, פֿול מיט האָפֿענונג אויף א ווײַטערדיק לעבן. אָבער פון די האָפֿענונגען איז גאָרנישט געוואָרן און אַ שווערער שטיין איז איר איצט געלעגן אויפֿן האַרצן, אַ לאַסט האָט געדריקט איר פּלייצע. ווי אַזוי וועט זי עס אַלץ אויסהאַלטן, אַליין טראָגן דעם יאָך פון דערציִען די קינדער און מאַכן זיי פֿאַר מענטשן...

זי האָט פֿעסטער צוגעדריקט די הענטלעך פון די קינדער און פֿאַר־שנעלערט אירע טריט, מן הסתּם, כּדי צו פֿאַרטרייבן די געדאַנקען, צוצויאָגן די צײַט. וואָס וועט די צוקונפֿט איר ברענגען? נישט אַזוי פֿאַר איר, ווי פֿאַר אירע צוויי קינדער?.. צוויי לעבעדיקע יתומים...

אין יענער צײַט האָט מען אונדז יעדע פֿאַר חדשים גערופֿן, אַז מיר זאָלן זיך צושטעלן אין דער רויטער אַרמיי, כּדי אָפּגעשיקט צו ווערן צום פֿראָנט. יעדעס מאָל האָט אונדזער דירעקטאָר מיט דער הילף פון נאַטשאַלניק פון נ.ק.וו.ד. באַוויזן אונדז צו פֿאַרהיטן, מיטן אויסרייד, אַז אָן אונדז קען

זיך די מ.ט.ס.־סטאַציע נישט באַגיין. אָן אונדז בלייבט שטיין די גאַנצע אַרבעט.

אַ געוויסן טאָג, זייענדיק אין טאַשקענט, האָב איך געטראָפן עטלעכע פּאָליאַקן און זיי האָבן מיר דערציילט, אַז אַלע פּוילישע בירגער ווערן מאָביליזירט אין דער אַנדערס־אַרמיי, וואָס וועט קומען אויפן מערב־פראָנט. די פּוילישע בירגער ווערן דערפאַר אַרויסגעשיקט גרופּנווייז קיין איראַן און פון דאָרטן, דורך ארץ־ישראל, קיין ענגלאַנד.

ד׳ער געדאַנק צו קענען אַרויספאָרן פון רוסלאַנד און פאַרלאָזן די גרויסע טורמע, וואָס הייסט ראַטנפאַרבאַנד, האָט אונדז זייער געלאָקט. אַ געוויסן טאָג האָבן מיר זיך אויסגעקליבן קיין קאופּמאַנסק, מיטן אויסרייד, אַז מיר דאַרפן זיך דאָרט רעגיסטרירן אַלס פּוילישע בירגער. מיר זענען געגאַנגען צופוס אַ שטרעקע פון 30 קילאָמעטער. נאָך בוזעלוק האָט זיך דאָרטן געזאָלט געפינען דער צענטראַלער פונקט, ווו פּוילישע בירגער, מע־נער און פרויען, פאַרשרייבן זיך אין פּוילישן מיליטער.

דער מאַרש צופוס אין דער ווילדער קאַזאַכישער און באַרגיקער געגנט האָט ביי אונדז געדויערט אַ גאַנצן טאָג. מיר האָבן אויפן וועג נישט געזען קיין מענטשלעכן ישוב, אַפילו אַ ביסל וואַסער איז אוממעגלעך געווען צו באַקומען.

מיר האָבן מיט די לעצטע כוחות קוים זיך דערשלעפּט ביז קאופּמאַנסק. מיר זענען אַהין אָנגעקומען פאַרנאַכט און מיר האָבן דאָרטן געטראָפן עט־לעכע טויזנט פּאָליאַקן און צווישן זיי אַ סך יידן. זיי זענען אַלע געקומען פון פאַרשידענע ערטער, אין גרעסטן טייל פון קאָלכאָזן, און אַלע האָבן געהאַט אַזאַ נעבעכדיקן אויסזען, אַז עס האָט אָנגענומען אַ רחמנות ביים אָנקוקן זיי.

די שטימונג איז אָבער ביי אַלעמען געווען אַ דערהויבענע צוליבן עצם געדאַנק, אַז עס וועט מעגלעך זיין צו פאַרלאָזן רוסלאַנד. מיר האָבן זיך געשטעלט אין דער ריי, כדי זיך צו רעגיסטרירן אין פּוילישן ביוראָ, וואָס האָט געאַרבעט אָן איבעררייס בייטאָג און ביינאַכט. ס׳איז שוין געווען גרויער טאָג, ווען עס איז געקומען אונדזער ריי אַריינצוגיין אין ביוראָ.

צווישן די געוויינלעכע פראַגן, וועלכע דער פּוילישער סאָלדאַט מיט די וואָנצעס האָט געשטעלט, איז געווען איין פראַגע וועגן גלויבן צו וועלכן מען געהערט. („וויזנאַניע”). אַ ייד האָט, פאַרשטייט זיך, געענטפערט — משהס גלויבן. כ׳האָב געפילט, אַז מיין יידישער נאָמען איז אים נישט געגוג און אַז ער דאַרף נאָך אַ באַשטעטיקונג, אַז איך בין אַ ייד דורך אַ דער־קלערונג וועגן דער אָנגעהעריקייט צו משהס גלויבן. ער האָט פאַרשריבן אונדזער אַדרעס און צוגעזאָגט מודיע צו זיין וועגן רעזולטאַט.

אונדזער חשד, אַז דאָ מיידט מען אויס יידן, האָט זיך באַלד באַשטעטיקט. נאָך אונדז איז אין ביוראָ אַריינגעגאַנגען מאַרוסיאַ מיט איר קלינגענדיקן פּוילישן נאָמען און מיט איר גויאישן אויסזען. זיי האָבן זי אַפילו נישט געפרעגט צו וואָס פאַראַ גלויבן זי געהערט. זיי האָבן איר אויך געמאָלדן, אַז אין צוויי טעג אַרום קען זי אָפּפאָרן מיטן עשאַלאָן קיין איראַן.

אויף איר פראַגע, צי די יידן וואָס זענען דאָ ערשט געווען פאָרן אויך מיטן זעלביקן עשאַלאָן, האָט מען איר געענטפערט, אַז ניין, און אַז זי דאַרף זיך וועגן זיי נישט זאָרגן...

מאַרוסיאַ האָט זיי העפלעך באַדאַנקט און דערקלערט, אַז היות זי איז אויך אַ יידישע, וועט זי בלייבן מיט זיי.

צומאַרגנס האָבן מיר צוזאַמען מאַרשירט צוריק אַהיים אין אַ גע־דריקטער שטימונג צוליב די פּאָליאַקן, וועלכע האָבן, נאָך אַלע צרות אוןליידן, נישט פאַרגעסן זייער אַנטיסעמיטיזם.

די לאַגע אויפן פראָנט האָט זיך דערווייל פאַרבעסערט. די דייטשע חיילות זענען צעקלאַפּט געוואָרן ביי סטאַלינגראַד און דאָס איז געווען דער אַנטשיידנדיקער קאַמף. סטאַלינגראַד האָט געקאָסט זייער אַ סך קרבנות, ווייל עס איז דאָרט אָנגעגאַנגען אַ קאַמף פאַר יעדן שפּאַן ערד און פאַר יעדן הויז ביז די דייטשע אַרמיי, מיטן מאַרשאַל פאָן פאולוס בראַש, האָט קאַפּי־טולירט. פון סטאַלינגראַד האָט זיך אָנגעהויבן דער ריקצוג פון די דייטשן.

יעדן טאָג פלעגט אָנקומען גוטע נייעס פון פראָנט. יעדן טאָג איז געמאָלדן געוואָרן וועגן אַלץ נייע שטעט און דערפער, וואָס זענען אָפּגע־נומען געוואָרן פון דייטש און באַפרייט געוואָרן. דער פראָנט איז אייגיכן צוגעקומען צו דער פוילישער גרענעץ. מיט אומגעדולד האָבן מיר געוואַרט אויף דער באַפרייאונג פון די פוילישע שטעט און שטעטלעך.

אָט האָט די רויטע אַרמיי געגומען באַראַנאָוויטש, סלאָנים און ראָוונע — סאַרנע. אָט מאַרשירט די רויטע אַרמיי ביז קאָוועל און ביז בריסק און דערגרייט ביז דער ווייסל. מיר האָבן אויך געהערט, אַז די אַמעריקאַנער און ענגלישע אַוויאַציע באָמבאַרדירט טאָג און נאַכט די דייטשע שטעט. מיט אומגעדולד האָבן אַלע געוואַרט אויפן צווייטן פראָנט, וואָס האָט אַ לאַנגע צייט זיך נישט געעפנט.

יידן האָבן אָנגעהויבן דערהאַלטן טרויעריקע נייעס פון זייערע שטעט־לעך. יעדער איינער האָט גלייך, נאָך דער באַפרייאונג פון זיין שטעטל, געשריבן, ווער צו אַ באַקאַנטן גויאישן שכן און ווער צום שטאָטראַט. פון אומעטום איז אָנגעקומען דער זעלביקער ענטפער: נישטאָ ביי אונדז קיין יידן; די דייטשן האָבן אַלעמען אויסגעהרגעט.

פון די שטעט און שטעטלעך אין אוקראַינע איז בוכשטעבלעך נישט

געבליבן קיין איין ייד. די אוקראַינער פּויערים אַליין האָבן אויסגעמאָרדעט די יידן. זיי האָבן אַפילו אין די וועלדער געמאָרדעט די יידן, וועלכע עס איז געלונגען צו אַנטלויפן פון די שחיטות. אין טאַשקענט זענען געוועזן אוקראַינישע יידן, וואָס זענען געפאָרן, כדי צו זען זייער שטעטל און טרעפן נאָענטע אָדער פריינט. זיי זענען באַלד צוריקגעקומען מיט אַ גרויסן האַרץ־ווייטיק און מיט טרויער. קיינער פון זייערע משפחות לעבט נישט מער און דער אַנטיסעמיטיזם האָט אַזוי אויפגעלעבט, אַז עס איז געווען אַ מורא זיך צו באַזעצן פונדאָסניי אין די אוקראַינישע שטעט און שטעטלעך.

אויך מיר האָבן באַקומען בריוו.

עס שרייבט מיר מיין חבר גרשון:

„כ׳האָב צופעליק דערהאַלטן דיין בריוו. מיר גייען ערשט איצט אַרויס פון די וועלדער. מיר זענען עטלעכע יידן, יעדער איינער פון אַן אַנדער שטעטל, צוויי יאָר צייט זענען מיר אָפּגעלעגן אין וואַלד און יעדן טאָג האָבן מיר געזען דעם טויט פאַר די אויגן. די מורא איז געווען נישט אַזוי פאַרן דייטש, ווי פאַר דעם אוקראַינער, פאַר די אוקראַינישע און פּוילישע באַנדעס, וואָס האָבן געמאָרדעט יידן, ווו נאָר זיי האָבן געקענט.

וואָס שייך מיך, בין איך אַנטלאָפן פון אונטערן פייער און במשך צוויי יאָר צייט האָב איך זיך געמאַטערט אין וואַלד, ווי אַ געיאָגטע חיה.

איך וויל דיר איצט נישט באַשרייבן דיליידן פון געטאָ, ווו מען האָט צונויפגעיאָגט 3.000 יידן אין אַ געסל אָן עסן. אַ סך פון אונדז זענען גע־שטאָרבן פון הונגער. די איבערגעבליבענע 1.700 יידן האָבן די דייטשן אין אַ שבתדיקן טאָג אַרויסגעפירט הינטער דער שטאָט צו די גריבער, אויסגעגראָבענע דורך די קרבנות אַליין און זיי אויסגעשאָסן, צו 50 מאַן אין אַ גרופּע. דער מאָרד האָט געדויערט אַ גאַנצן טאָג. דיינע עלטערן, דיין שוועסטער און ברודער האָבן געטיילט דעם דאָזיקן גורל.

דיין פאָטער און דיין מוטער, דיין עלטערע שוועסטער דינה מיט איר מאַן און פינף קינדערלעך, דיין ברודער פייוול מיט זיין פרוי און צוויי טעכטערלעך, דיין שוועסטער חוה און דיין ברודער לייבל — זיי האָט מען אַלע געפירט צו די גריבער. אין שטעטל זענען געווען בלויז עטלעכע דייטשן און אַ פאָר הונדערט אוקראַינער, וואָס האָבן אויסגעפירט דעם מאָרד. דיין שוועסטער שיינדל מיט אַ קינד פון אַ יאָר און דיין שוועסטער שרה איז געלונגען צו אַנטלויפן פון פייער. זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אַ חודש צייט אין אַ סטויג היי אויף אַ פעלד ביז אין אַ געוויסן טאָג האָבן פּוילישע פאַסטוכער זיי באַמערקט און זיי זענען דערשאָסן געוואָרן”.

און נאָך אַ טרויעריקן בריוו האָב איך באַקומען: מיין פרוי חיה־שרהלע

און מיין איינציקן זונעלע הערשעלע האָבן די דייטשן דעפּאָרטירט קיין טרעבלינקע און זיי זענען נישט צוריקגעקומען.

אַ שווערער וואָלקן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער אונדזערע קעפּ. אַ טרויער האָט אונדז באַהערשט. אין שלאָפלאָזע נעכט האָב איך זיך געזעגנט מיט מיין משפחה, וואָס איז געפירט געוואָרן צו דער שחיטה. איך האָב גאַנצע טעג געוויינט און קיינעם נישט געוואָלט זען.

— פאַרוואָס? פאַר וועלכע זינד האָט איר אויסגעמאָרדעט די עלטערן מיט די קינדער?

און די מערדער זענען — די גאַנצע גויאישע וועלט! מיינע עלטערן זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די אוקראַינער און רוסן, מיינע שוועסטער זענען געפלאָן פון די הענט פון פּאָליאַקן, מיין פרוי און מיין איינציקן זונעלע האָבן די דייטשן פאַרגאַזט אין טרעבלינקע.

די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט האָט זיך גלייכגילטיק צוגעקוקט צו די גרויזאַמע שחיטות אויף יידן. איר, די כלומרשט ציוויליזירטע פעלקער, האָט געשוויגן, און דערפאַר זענען אויך אייערע הענט באַפלעקט מיט אונדזער בלוט!

כ׳האָב זיך געפילט ווי אַן אָפּגעהאַקטע צווייג, ווי אַן אויסגעהאַקטער און פאַרברענטער בוים. אָן אַ ווילן צום לעבן און אָן אינטערעס. עס האָט מיר געפעלט מוט אַ סוף צו מאַכן צו דעם, וואָס מען רופט לעבן...

צו דעם אַלעם האָב איך זיך נישט געריכט, אַז איך אַליין וועל נאָך זען דעם טויט אַ סך מאָל פאַר די אויגן, אַז איך אַליין וועל נאָך האָבן יאָרן פון יסורים און ליידן אין מיין אייגענעם גוף.

# פיקוח־נפש אויפֿן שוואַרצן מאַרק

געשען איז עס אין מאָנאַט פעברואַר 1945. איך בין, ווי געוויינלעך, געגאַנגען צו דער אַרבעט מיטן עלעקטרישן שווייס־אַפּאַראַט. דאָסמאָל האָט מען מיר געבראַכט פֿון דער בענזין־סטאַציע עטלעכע פעסער, צו פֿאַר־שווייסן די לעכער. ביז איצט פלעג איך תמיד פֿאַריכטן פעסער פֿון נאַפֿט. איך האָב קיינמאָל נישט געהאַט קיין בענזין־פעסער צו פֿאַריכטן, און פעסער פֿון בענזין קענען אויפרייסן.

כ׳האָב אַזאַ פֿאַס געשטעלט, ווי געוויינלעך, אויף איר אָרט און גענומען די גומענע הענטשקעס. כ׳האָב דערנאָך גענומען די מאַסקע אין איין האַנט און דעם עלעקטראָד אין דער צווייטער האַנט און כ׳האָב איינגעשאַלטעט דעם דראָט אין עלעקטרישן שטראָם, צוגעלייגט אים צו דער פֿאַס...

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט און געעפֿנט די אויגן, זענען אַלע אַר־בעטער געשטאַנען אַרום מיר. עליאַש האָט מיט אַ שטריק מיר צוגעבונדן דעם פוס ביי דער קני, כדי איינצוהאַלטן דעם אָפּפלוס פון בלוט. דאָס גאַנצע פלייש מיט די מוסקולן פון דעם פוס זענען אויפגעריסן געוואָרן. שטיקער פלייש זענען געהאָנגען, די ביינער פון דעם פוס זענען געוועזן צעהאַקט און דער טראָט־פוס איז געווען פאַרדרייט אויף אַ זייט.

כ׳האָב געדענקט דעם לעצטן אויגנבליק, ווען ס׳איז פאָרגעקומען די עקספּלאָזיע פון דער פֿאַס און דאָס פייער האָט זיך באַוויזן.

דער פוס האָט מיר שטאַרק ווײ געטאָן. עליאַש האָט אויף מיר געשפּריצט מיט קאַלט וואַסער. קיין דאָקטאָר איז אויפֿן אָרט נישט געווען. האָט מען מיך ארויפגעלייגט אויף אַן אויטאָ און אַוועקגעפירט אין אַ קליינעם שפיטאָל, 8 קילאָמעטער פון אונדזער דאָרף. דעם שפּיטאָל האָט באַדינט אַ דאָקטאָרשע, אַן עלטערע פרוי. עליאַש, צעשע און מאַרוסיאַ האָבן מיך באַגלייט. זיי האָבן מיך פאָרזיכטיק אַרויסגעטראָגן פון אויטאָ און דערביי געלאָזן אַ טרער.

די דאָקטאָרשע האָט מיר געגעבן די ערשטע הילף. זי האָט דעזאינ־פעקצירט די ווונדן און זיי פאַרבאַנדזאַשירט, האָט מיר געגעבן מעדיקאַמענטן און האָט דערקלערט, אַז אַן אָפּעראַציע איז נייטיק אַזוי שנעל, ווי מעגלעך, אָבער זי קען עס נישט מאַכן, ווייל עס איז נישט איר ספּעציאַליטעט. זי

האָט פֿאַרגעלייגט, מיך אַוועקפֿירן אין אַ צווייטן, גרעסערן שפּיטאָל, וועלכער געפֿינט זיך אין סאַראַגאַטש, 30 קילאָמעטער ווייטער.

אין צווייטן שפּיטאָל זענען מיר אָנגעקומען שוין פֿאַרנאַכט. דער דאָקטאָר האָט מיך באַטראַכט און געזאָגט, אַז ער קען מיך דאָ נישט אָפּערירן, ווייל ער האָט אַ סך אַרבעט. עס איז בעסער מיך צו פֿירן קיין טאַשקענט אין אַ גרויסן שפּיטאָל.

דער שאָפֿער האָט דערהערט, אַז ער וועט מיך נאָך דאַרפֿן פֿירן קיין טאַשקענט, האָט ער זיך אַריינגעזעצט אין אויטאָ און איז אַנטלאָפֿן. היות דאָ, אין שפּיטאָל, איז נישט געווען קיין פֿריי בעטל, האָט מען מיך געלייגט אויף דער ערד. איך בין געלעגן אין אַ צימער מיט עטלעכע פֿאַרוווּנדעטע סאָלדאַטן. איינדערפֿרי וועט מען מיך אָפּפֿירן מיט דער באַן קיין טאַשקענט.

מאַרוסיאַ האָט געבעטן אַ דערלויבעניש, אַז זי זאָל קענען זיין מיט מיר אַ גאַנצע נאַכט, ווייל איך האָב שטאַרק געפֿיבערט און דער פּוס האָט מיר זייער ווי געטאָן.

אַ זייגער 12 ביינאַכט איז מיין שכן אויפֿן דערבייאיקן בעטל געשטאָרבן. מאַרוסיאַ האָט געהאָלפֿן דער קראַנקן־שוועסטער צו לייגן דעם טויטן סאָלדאַט אויף דער ערד און איך האָב געקענט זיך לייגן אין בעטל. נעבן מיר, אויפֿן בעטל, איז געזעסן מאַרוסיא, וואָס האָט יעדע ווײַלע געכאַפּט אַ קוק אויפֿן טויטן זעלנער אויף דער ערד.

אַ גאַנצע נאַכט בין איך געלעגן מיט גרויסע ווייטיקן און נישט געקענט שלאָפֿן. פֿאַרטאָג האָט עליאַש, מיט דער הילף פֿון מאַרוסיאַן, אַריינגעטראָגן מיך אויף אַ טראָג־בעטל אין וואַגאָן און האַלב זיבן איינדערפֿרי זענען מיר שוין געווען אין טאַשקענט.

אייניקע פּאַסאַזשירן האָבן געהאָלפֿן מיך אַראָפּצוטראָגן פֿון וואַגאָן און זיי האָבן מיך געלייגט אויף דער ערד. דער שפּיטאָל האָט זיך געפֿונען בערך אַ 200 מעטער פֿון וואָקזאַל און עליאַש איז געלאָפֿן אין שפּיטאָל צו ברענגען אַ סאַניטאַר מיט אַ טראָג־בעטל און נעמען מיך אין שפּיטאָל.

אָבער קיין איינער פֿון די סאַניטאַרן האָט נישט געוואָלט גיין. ערשט ווען עליאַש האָט אַרויסגענומען אַ צען רובל־שטיק און געגעבן אַ סאַניטאַר, איז ער געקומען מיט אַ טראָג־בעטל. עליאַש און מאַרוסיאַ האָבן צוגעהאָלפֿן טראָגן. געבראַכט האָט מען מיך אין וואַרטע־צימער פֿון שפּיטאָל. אַ דאָקטאָר אין אַ ווייסן כאַלאַט איז געקומען, זיך נאָכגעפֿרעגט וועגן די אומשטענדן פֿון פּאַרפּאַל, אַריינגערופֿן אַ קראַנקן־שוועסטער און געהייסן מיך אַוועקפֿירן אין אָפּעראַציע־צימער, ווייל עס קען ווערן צו שפּעט. כ'האָב זיך געזעגנט מיט עליאַשן און מאַרוסיאַן און זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי וועלן וואַרטן ביז נאָך דער אָפּעראַציע.

דערווייל האָבן זיי מיך אויסגעטאָן און אַרומגעוואַשן און אַוועקגעלייגט מיך אויפן אָפּעראַציע־טיש. ס׳איז געווען בערך האַלב אַכט אינדערפרי. איך בין געלעגן און זיך אַרומגעקוקט. די ווייטיקן האָבן נישט אויפגעהערט און איך האָב געוואָלט, אַז זיי זאָלן מיך וואָס שנעלער איינשלעפערן. צוויי דאָקטוירים האָבן זיך געדרייט איבערן צימער. זיי זענען אַריינגעגאַנגען און אַרויסגעגאַנגען און צו מיר זענען זיי נישט צוגעקומען.

ס׳איז שוין געווען ווייט נאָך 8 אַזייגער ווען דער דאָקטאָר, וואָס האָט מיך פריער געזען איז אַריינגעקומען צוזאַמען מיט אַ דאָקטאָרין. ער האָט אויף מיר אָנגעוויזן און געזאָגט, אַז מען דאַרף מיך אָפּערירן אַזוי שנעל, ווי מעגלעך, ווייל איך ליג שוין 24 שעה מיט אָפענע ווונדן און מיט צע־בראָכענע ביינער.

— ווען האָט מען אים געבראַכט אין שפּיטאָל? האָט די דאָקטאָרין געפרעגט.

— אַ זייגער זיבן — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט.

— אויב אַזוי האָט איר געדאַרפט אָפּערירן דעם קראַנקן, ווייל ער איז געקומען אין אייער דינסט־צייט.

— אָבער איך האָב גענוג געאַרבעט אַ גאַנצע נאַכט — האָט דער דאָקטאָר אָפּגעענטפערט.

— און איך וועל אַ גאַנצן טאָג אויך נישט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט — האָט די דאָקטאָרשע געטענהט.

דער דאָקטאָר האָט מער נישט גערעדט און איז אַרויסגעגאַנגען.

כ׳האָב פאַרקריצט מיט די ציין פאַר כעס און פאַר ווייטיק. זיי שפּילן זיך מיט מיין לעבן. און פונקט ווי ביי אַנדערע פאַכן האָט דער אַרבעטער קיין שום אינטערעס נישט צו דער אַרבעט.

דער דאָקטאָר האָט מיטלייד צום קראַנקן, נאָר ווען ער הערט דעם ערשטן קרעכץ. דערנאָך איז דער מענטש ביים דאָקטאָר ווי אַ שטיקל סחורה ביי אַ שניידער, אָדער ווי אַ שטיקל האָלץ ביי אַ סטאָליער. אויב ער קען עפּעס דערביי פאַרדינען, מאַכט ער זיין אַרבעט. אויב נישט, מעג עס זיין אַ גוסס, האָט ער פאַר אים נישט קיין אינטערעס און ער גייט אַוועק. אַ תירוץ קען מען שטענדיק געפינען.

איצט, נאָך דער דאָזיקער סצענע מיט די צוויי דאָקטוירים, האָב איך פאַרשטאַנען, פאַרוואָס זיי האָבן מיך געשיקט פון איין שפּיטאָל אין אַנדערן.

פון פאַרדרוס האָב איך אָנגעהויבן וויינען. כ׳האָב דאָך נישט געקענט זאָגן וואָס איך קלער וועגן זיי. די דאָקטאָרין איז צו מיר צוגעגאַנגען. מיך אָנגעקוקט און געזאָגט:

— ווײַן נישט, גאָלובטשיק, איך וועל דיך באַלד אָפּערירן און איך וועל מאַכן אַלץ, וואָס איך וועל נאָר קענען.

ליגנדיק אויפֿן אָפּעראַציע־טיש אין צרות און אין ווייטיק האָב איך געקלערט, אַז צו שטאַרבן דאַרף מען אויך האָבן מזל. ווײַל דאָס זעלביקע שטיק אײַזן, וואָס האָט מיר צעבראָכן דעם פֿוס, האָט דאָך געקענט מאַכן אַ סוף צו מײַן אײַנזאַמען און טרויעריקן לעבן.

דערווײַל האָט מען מיר אָנגעטאָן די מאַסקע אויפֿן פּנים און מען האָט מיר באַפֿוילן טיף אײַנאָטעמען און ציילן.

איינס, צוויי, דרײַ, פֿיר, פֿינף, ז ע ק ס...

ווען איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט בין איך געלעגן אין אַ בעט. אין צימער זענען געווען נאָך זיבן מענער. אויף דער גאַס בײַם פֿענצטער זענען געשטאַנען עליאַש און מאַרוסיאַ. זיי האָבן געוואַרט, אַז איך זאָל עפֿענען די אויגן.

כ׳האָב זיך ארומגעקוקט, ווי איך וואָלט געקומען פֿון אַן אַנדער וועלט. ביסלעכווײַז איז צוריקגעקומען דער זכרון און איך האָב זיך דערמאָנט, וואָס מיט מיר איז געשען. דער פֿוס איז געווען באַדעקט מיט גיפּס איבער דער קני און ער האָט מיר שטאַרק ווי געטאָן.

די קראַנקן־שוועסטער האָט מיר געגעבן עפּעס צום טרינקען און מיר געמאַכט אַן אײַנשפּריצונג פֿון מאָרפֿין, כּדי איך זאָל נישט פֿילן דעם ווייטיק. כ׳האָב זיך געזעגנט מיט עליאַשן און מאַרוסיאַן און זיי האָבן צוגעזאָגט קומען די צווייטע וואָך, דינסטיק.

אַ האַלב־פֿאַרשלאָפֿענער און אָפּגעשוואַכטער האָב איך זיך אַרומגעקוקט אויף מײַנע שכנים. זיי האָבן נײַגעריק געקוקט פֿון זייער זײַט אויפֿן נײַעם פּאַציענט. זיי האָבן נישט געהאַט קיין געדולד צו וואַרטן ביז כ׳וועל זײַן אינגאַנצן וואַך און זיי האָבן מיך באַוואָרפֿן מיט פֿראַגן:

— ווען איז עס געשען? וווּ איז עס געשען און ווי אַזוי?

— נעם זיך אָן מיט כּוחות און גיי דערצייל זיי ווי אַזוי עס איז געשען.

— אָבער דעם פֿוס האָסטו דאָך — זאָגט מיט א רוגזה אַ קאַצאַפּישער שכן — מען האָט אים בײַ דיר נישט אַראָפּגענומען ווי בײַ מיר. דאָס זאָגנדיק האָט ער ארויסגעצויגן פֿון אונטער דער קאָלדרע זײַן האַלב־אָפּגעשניטענעם פֿוס.

איז הער אויף צו קרעכצן און דערצייל בעסער, ווי אַזוי איר לעבט דאָרטן, בײַ די פּאַנעס, אין אייער פּאָלשאַ....

— לאָז אים צו רו — האָט זיך די קראַנקן־שוועסטער אַרײַנגעמישט. דו זעסט דאָך, אַז ער איז נאָך אונטער אַ נאַרקאָז.

צומאָרגנס האָב איך שוין חבֿריש געשמועסט מיט אַלע שכנים. אין

גרעסטן טייל זענען עס געווען רוסן, אויסער צוויי אוזבעקן, לייכט־פאר־ווונדעטע.

אייניקע רוסן זענען געווען זייער באַרעדעוודיקע. כ׳האָב געהערן גע־הערט די דערציילונג פון אַ רוס וועגן זיין דאָרף, ערגעץ טיף אין רוסלאַנד, וועגן זיין כאַטע מיטן שטרויענעם דאַך, וועגן די גרינע לאָנקעס און דער אַרבעט אויפן פעלד, וועגן שניט און וועגן די פאַרנאַכטיקע שפּאַצירן פון פעלד אַהיים, מיט דער קאָסע אויף דער פּלייצע, ווען די זון איז אויפן האָריזאָנט פאַרגאַנגען אַ רויטע און ווען אַלע האָבן אין כאָר געזונגען האַרציקע לידער.

ער האָט זיך אויפגעזעצט אין בעט און פאַרצויגן דאָס אַלטע לידעלע:

— עס פליסט אַ טייכל אַ קליינס\
אין דעם קאַרשן־גאָרטן,\
רופט אַ קאָזאַק זיין מיידעלע\
צו זיך אויף אַן עצה...\
היי... היי... היי...

עצה מיר מיין טייער מיידעלע,\
ווי אַן אייגענע מאַמע,\
צי זאָל איך מיט אַן אַנדערער חתונה האָבן,\
צי זאָל איך אויף דיר וואַרטן.\
היי... היי... היי...

ער האָט ממש איבערגעלעבט זיין נעכטן. עס האָט זיך אים געבענקט נאָך די ריחות פון זיינע פעלדער און וועלדער, פון זיין בהמישן שטאַל און עס האָט זיך אים געבענקט נאָכן טעם פון זיין היימישן באָרשטש.

— שוין לאַנג איז עס געווען — האָט ער פאַרענדיקט און זיך לאַנג פאַרטראַכט.

— דו רעדסט צופיל — האָט מיר דער פּרעדסעדאַטיעל געזאָגט. — ביסט נישט קיין זיכערער עלעמענט. און זיי האָבן מיך פאַרשיקט קיין טאַשקענט, ווו איך האָב לאַנגע יאָרן שווער געאַרבעט מיט אַ האַמער און מיט אַ לאָפּאַטע אויף די באַן־ליניעס. כ׳האָב זיך אָבער דערשלאָגן צו אַ פּאָסטן פון אַ סטרעלאָטשניק. ביים צונויפהעפטן צוויי וואַגאָנען האָב איך נישט ווילנדיק אונטערגעלייגט די האַנט צווישן די טעלער פון די צוויי וואַגאָנען און די האַנט איז צעקוועטשט געוואָרן ווי אַ שמאַטע. איצט, ווי דו זעסט, האָב איך איין האַנט...

כ'האָב באַוווּנדערט דעם רוסישן טיפּ, וואָס פאַרלירט קיינמאָל נישט דעם הומאָר און קען זיך צופּאַסן צום גורל אין אַלע באַדינגונגען.

אַ צווייטער שכן, אַ בלאָנד ייִנגל פון אַ יאָר 18 מיט זייער אַ קינדישן פּנים האָט יעדעס מאָל אונטערגעטאַנצט אויף זיין איינציקן פוס צו מיין בעט און זיך אַנידערגעזעצט. ער האָט בשום אופן נישט געקענט זיך צו־געוווינען צו די צוויי קאָסטילן (שטעקנס), וואָס ער האָט געהאַט און געדאַרפט באַנוצן.

ער האָט מיר גערן דערלאַנגט אַ ביסל וואַסער אָדער עפּעס אַנדערש, וואָס איך האָב אים געבעטן. ס'איז מיר געווען אַ רחמנות אויפן דאָזיקן יונגן בחור, וואָס האָט פאַרלאָרן אַ פוס.

— זאָג מיר, ניקיטאַ, פונוואַנען ביסטו? ווו ביסטו געבוירן? —

— איך געדענק אַליין נישט — ענטפערט ער מיר — וואָס איך ווייס, איז, אַז איך בין געבוירן געוואָרן אין אַ דאָרף אין אוקראַינע. מיינע עלטערן געדענק איך נישט. איך בין נאָך געווען אַ קליין קינד, ווען מיינע עלטערן זענען פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר, אין אַ לאַגער. איך האָב זיי מער קיינמאָל נישט געזען און וועגן זיי גאָרנישט געהערט. מיך האָט מען צוגענומען אין אַ „דיעט־דאָם", אַ יתומים־הויז, מיט נאָך אַ סך קינדער. דאָס לעבן איז דאָרט געווען זייער א שווערער. מען האָט אויף אונדז ווייניק אַכטונג געגעבן און נאָך ווייניקער צום עסן געגעבן. אַלט־זייענדיק זיבן אָדער אַכט יאָר האָבן מיר געמוזט זיך אַן עצה געבן, כדי צו שטילן דעם הונגער. ווי די אַנדערע ייִנגלעך האָב איך אויסגעשטרעקט די האַנט צו בעטן אַ שטיקל ברויט. ווען עס האָט זיך געלאָזט, האָב איך אין מאַרק אַראָפּגעכאַפּט פון אַ וואָגן אַן עפּל אָדער אַן אוגערקע. ווען מען האָט מיך געכאַפּט ביי דעם שטיקל אַרבעט, האָב איך באַקומען געשלאָגן אומברחמנותדיק. ווען איך בין עלטער געוואָרן, ביי צוועלף יאָר בערך, זענען מיר געגאַנגען צו דער „אַרבעט" אַ גאַנצע גרופּע פון עטלעכע ייִנגלעך.

דער „אַרבעטס־פּלאַן" איז געווען גענוי באַרעכנט. איינער האָט גע־פרעגט אויפן פרייז פון אַ פּאָר שטיוול, פאַררעדט דעם פאַרקויפער. גלייכצייטיק האָט אַ צווייטער פון אונדז אַרונטערגעכאַפּט אַ פּאָר שטיוול און דער דריטער האָט זיך גלייך אָפּגעטראָגן מיט דער סחורה און איז אַנטלאָפן. די שטיוול האָבן מיר פאַרקויפט פאַר אַ זייער ביליקן פרייז און פאַרן געלט האָבן מיר געטרונקען וואָדקאַ, פאַרביסן מיט ווורשט און פאַררייכערט אַ ציגאַרעט.

צו פופצן יאָר האָבן מיר שוין „באַאַרבעט" די פּאַסאַזשירן אויף די באַנען.

מיט אַן אַכט מאָנאַטן צוריק האָב איך בײַנאַכט אין אַ וואַגאָן פון אַ גייענדיקן צוג שטיל אַראָפּגעצויגן אַ וואַליזקע און זי אַרויסגעוואָרפן אין פעלד. דערנאָך האָב איך געוואָלט שפּרינגען פון לויפנדיקן צוג, ווי איך פלעג עס אָפט טאָן. דאָס מאָל איז עס אָבער געווען שלימזלדיק. איך בין מיט אַ פוס אַרונטערגעפאַלן אונטער די רעדער פון אַ וואַגאָן.

— וואָס וועסטו איצט טאָן, ווען דו וועסט אַרויסגיין פון שפּיטאָל? — האָב איך אים געפרעגט.

— איצט וועל איך זיין אַ קעשענע־גנב. קיין אַנדער פאַך קען איך נישט.

דריי טעג נאָך דער אָפּעראַציע האָבן זיי מיר געמאַכט אַ רענטגען־אויפנאַמע, כדי צו זען, צי די אָפּעראַציע איז געלונגען. היות זיי האָבן מיר דעם רעזולטאַט פון דער אונטערזוכונג און פון דער רענטגען־אויפנאַמע נישט איבערגעגעבן, האָב איך געבעטן די דאָקטאָרשע, אַז זי זאָל מיר זאָגן, ווי עס זעט אויס דער פוס נאָך דער אָפּעראַציע.

ליידער — זאָגט מיר די דאָקטאָרשע, וועלכע האָט מיך אָפּערירט — איז נישט גוט. איך האָב ביי דער אָפּעראַציע פאַנאַנדערגעלייגט דעם אי־בערגעבראָכענעם ביין אָבער איך האָב נישט געקענט אַריינזעצן אויפן פּלאַץ די טריט־פוס („סטאָפּע”) ווייל די מוסקולן זענען געווען צונויפגעצויגן און אַ פּרויען־האַנט איז געווען צו שוואַך אָנצוציען די סטאָפּע, אַז זי זאָל אַריינגיין אויפן פּלאַץ. אַ כירורג, אַ מאַן, מיט שטאַרקערע מוסקולן וואָלט אַזאַ זאַך בעסער געמאַכט...

איצט וועט אויסקומען דיך נאָכאַמאָל צו אָפּערירן. אָבער פריער דאַרף מען לאָזן צונויפוואַקסן דאָס אויסגעריסענע פלייש פון דעם פוס און איך מיין, אַז דאָס קען לאַנג דויערן. עס וואָלט גוט געווען צו דעם אַ גוטע דערנערונג. אָבער ליידער קאָנען מיר מער נישט געבן די קראַנקע צום עסן, ווייל מיר באַקומען נישט גענוג.

ס'איז מיר געוואָרן זייער טרויעריק. אָבער איך האָב גאָרנישט געקאָנט טאָן, ווי נאָר לאָזן דער צייט, זי זאָל גיין און זאָל זיין וואָס עס וויל זיך. כ"האָב אַפילו נישט געהאַט מיט וועמען זיך דורכצורעדן, ווי מען זאָגט — שיח מלב חצי נחמה.

זונטיק מיטאָגצייט האָב איך געהאַט אַ גאַסט. מאַרוסיאַ איז געקומען אַ פאַרמאַטערטע און אַ פאַרשוויצטע און האָט זיך אַוועקגעזעצט. אין האַנט האָט זי געהאַלטן אַ קליין פּעקעלע. זי האָט עס אויפגעעפנט און מיר דערלאַנגט.

— דאָ האָסטו אַ שטיקל פּוטער, אַ האַלבע הון, אַ שטיקל ברויט און עטלעכע שטיקלעך צוקער. עס דערווייל, ביז מיר וועלן אָנהויבן רעדן,

ווייל איך האָב זיך שוין נאָכגעפרעגט און איך ווייס, אַז דאָ, אין שפּיטאָל, גיט מען די קראַנקע נישט גענוג צום עסן און דו דאַרפסט גיך געזונט ווערן. אפשר וועט מען דאַרפן פאָרן אַהיים.

עס האָט מיך שטאַרק געפרייט, וואָס עמעצער אינטערעסירט זיך מיט מיר אין אַזאַ קריטישער צייט. איך בין געוועזן אָפּגעשוואַכט און געריירט און די טרערן האָבן זיך מיר געגאָסן פון זיך אַליין.

— באַרואיק דיך — האָט מיר מאַרוסיאַ געזאָגט — מיר וועלן דיך נישט לאָזן אַליין. עליאַש און צעשע האָבן נישט געקאָנט קומען. אָבער איך וועל קומען יעדע וואָך. איך זאָג דיר עס צו.

— אָבער ווי אַזוי ביסטו געקומען? — האָב איך זי געפרעגט — ס׳איז דאָך אַ זייטיקער וועג איבער בערג און טאָלן, אָן אַ מענטשלעכן ישוב און אַפילו אַ ביסל וואַסער קאָן מען נישט באַקומען לענגאויס די דרייסיק קילאָמעטער פון וועג. ס׳איז דאָך קיין שום קאָמוניקאַציע־מיטל נישטאָ.

— יאָ, זאָגט זי, דאָס איז טאַקע דאָס שווערסטע. די דרייסיק קילאָמעטער בין איך געגאַנגען צופוס. אין נאָרמאַלע צייטן וואָלט איך מורא געהאַט צו גיין אַליין במשך אַכט שעה איבער אַזעלכע וויסטע בערג, ווו יעדן טאָג קומען פאָר איבערפאַלן פון רויבער און מערדער.

אָבער מיטן געדאַנק, אַז איך דאַרף דיר קומען העלפן איז מיר געווען לייכטער צו דורכמאַכן דעם לאַנגן און אומזיכערן וועג.

די קראַנקע פון מיין צימער האָבן זיך געוווּנדערט און געזאָגט, אַז אַזאַ זאַך קאָן נאָר מאַכן אַ פּוילישע פרוי, צו גיין דרייסיק קילאָמעטער צופוס אויף אַזאַ נישט זיכערן וועג, כדי צו ברענגען עפּעס אַ קראַנקן.

כ׳האָב איר נישט געוואָלט דערציילן, אַז צוליב דער שולד פון דאָקטאָר וועט מען מיר דאַרפן נאָכאַמאָל אָפּערירן. צו וואָס זי מצער זיין?

ביז פאַרנאַכט האָבן מיר געשמועסט. דערנאָך האָט זי זיך געזעגנט, כדי צו זוכן אין טאַשקענט אַן אָרט צום איבערנעכטיקן ביי אַ באַקאַנטער יידישער משפחה. פאַרטאָג דאַרף זי צוריק נעמען דעם זעלביקן וועג און דורכמאַכן די דרייסיק קילאָמעטער צופוס, ביזן דאָרף.

כ׳האָב זיך נישט געריכט, אַז מיין קראַנקהייט וועט אַזוי לאַנג דויערן און אַז איך וועל אַזוי לאַנג ליגן אין שפּיטאָל. דעם זעלביקן וועג פון זעכציק קילאָמעטער אַהין און צוריק האָט מאַרוסיאַ דורכגעמאַכט אַזש פערצן מאָל. יעדע וואָך זונטיק, ווען זי איז געקומען מיטן פּעקל עסן, האָב איך באַמערקט, אַז זי איז דאַרער געוואָרן און אַז זי זעט אויס כמעט אַזוי, ווי זי האָט אויסגעזען, ווען זי איז געקומען פון לאַגער.

זי האָט אַלץ פון זיך אויספאַרקויפט און געשפּאָרט די לעצטע קאָפּי־

קעס, וואָס זי האָט פאַרדינט, כדי צו קאָנען קומען זונטיק מיך זען און מיר עפּעס צו ברענגען. כ'האָב זיך ביי איר געבעטן, זי זאָל נישט קומען און נישט איינשטעלן איר געזונט און לעבן פאַר מיר.

עס האָט אָבער נישט געהאָלפן.

— איך וועל דיך נישט לאָזן דאָ אַליין אומקומען — פלעגט זי יעדעס מאָל זאָגן.

נאָכן אָפּליגן 4 וואָכן, האָבן זיי מיר אַראָפּגענומען דעם גיפּס. די הויט האָט זיך נאָך נישט פאַרצויגן און די וווּנד איז געווען אינגאַנצן אָפן. עס האָט זיך געזען דאָס רויטע פלייש. דאָס פלייש איז געווען צו ברייט אויס־געריסן, אַז עס זאָל זיך קאָנען פאַרהיילן פון זיך אַליין.

האָבן זיי ווידער פאַרלייגט דעם גיפּס אויפן פוס און זיי האָבן מיר געגעבן צוויי קאָסטילן (שטעקנס) אונטער די אָרעמס, אַז איך זאָל זיך דערווייל לערנען גיין.

שטעלן זיך אויפן פוס איז מיר געווען שווער. דאַקעגן האָב איך זיך זייער שנעל צוגעוווינט גיין מיט די שטעקנס. אַלנפאַלס, בין איך גענוג געגאַנגען, כדי צו באַזוכן די קראַנקע אין די אַנדערע צימערן פון שפּיטאָל. כ'האָב זיך צוגעקוקט אין יענע טעג צו גרויסע צרות און ליידן אָן אַ סוף.

גאַנצע דריי חדשים האָבן זיי מיך געהאַלטן. זיי האָבן גאָרנישט געטאָן און דער פוס האָט זיך נישט געהיילט. די וווּנד איז געבליבן אָפן און האָט זיך נישט געוואָלט פאַרהיילן, ביז מען זאָל מיך קאָנען נאָכאַמאָל אָפּערירן און אויסגלייכן דעם פוס.

אַ געוויסן טאָג איז אָנגעקומען אַן אַלטיטשקער פּראָפעסאָר פון מאָסקווע. ער האָט באַזוכט אַלע קראַנקע. עס זענען אים נאָכגעגאַנגען די דאָקטוירים און אַ גרופּע סטודענטן, וואָס האָבן זיך געלערנט „שערן אויף אונדזער באָרד"...

לויטן אויסזען האָב איך געזען, אַז דער פּראָפעסאָר איז אַן אייגענער. כ'האָב אים אָנגעשריבן אַ בריוו אויף רוסיש און איך האָב אין בריוו וועגן אַלץ דערציילט. איך האָב אים געבעטן, אַז ער זאָל עפּעס טאָן, כדי איך זאָל קאָנען גיין אויף מיינע פיס. צום סוף פון בריוו האָב איך צוגע־שריבן אין עברית „רחם, כרחם אָב על בנים". כ'האָב געבעטן די קראַנקן־שוועסטער איבערצוגעבן דעם בריוו.

עס האָט געדויערט בלויז עטלעכע מינוט און דער פּראָפעסאָר איז גלייך אַריינגעקומען צו מיר אין צימער און אין אַ זאַפטיקן ליטווישן יידיש האָט ער זיך אויסגעפרעגט וועגן אַלץ. לסוף האָט ער מיר געראָטן, איך זאָל זיך לאָזן אָפּערירן פונדאָסניי. די אָפּעראַציע וועט באַשטיין אין אַרויסנעמען פלייש פון מיין קערפּער און עס איבערפלאַנצן אויף דער

ווונד. ער האָט מיר גאַראַנטירט, אַז אין צוויי וואָכן אַרום וועט זיך אַלץ גוט פאַרוואַקסן.

כ׳האָב איינגעשטימט און איך האָב אים געבעטן, אַז ער זאָל אַסיסטירן ביי דער אָפּעראַציע. דער פּראָפעסאָר האָט מיר עס צוגעזאָגט.

ווען איך בין געלעגן אויפן אָפּעראַציע־טיש איז דער פּראָפעסאָר געשטאַנען אין אַ זייט און געגעבן אָנווייזונגען דעם כירורג, אַז ער זאָל שניידן קליינע שטיקלעך הויט פון אויבערשטן טייל פון פוס און גלייך איבערזעצן אויף דער ווונד. די מיינונג פון פּראָפעסאָר איז געווען, אַז די אָפּעראַציע איז נישט קיין שווערע און עס איז נישט נויטיק מיך צו איינשלעפערן. עס איז גענוג צו מאַכן אַן איינשפּריצונג אין פוס, כדי צו מאַכן אומפילבאַר דאָס אָרט, וועלכן מען וועט שניידן.

די איינשפּריצונג איז אָבער געווען זייער אַ שוואַכע און ביים שניידן האָב איך געהאַט גרויסע יסורים. דער דאָקטאָר האָט געשניטן ממש לע־בעדיקע שטיקער לייב. עס האָט מיר אלץ מער און מער וויי געטאָן. ביים דריטן מאָל שניידן די הויט האָב איך אינסטינקטיוו אַ געשריי געטאָן „שמע ישראל״. דער אַלטיטשקער פּראָפעסאָר, וואָס האָט מיר צוגעהאַלטן מיט זיין האַנט דעם קאָפּ האָט פאַרענדיקט דעם פּסוק „השם אלקינו השם אחד״ און ער האָט געהייסן מיר אָנטאָן די מאַסקע און מיך איינשלעפערן.

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט איז דער פּראָפעסאָר געקומען מיך זען. ער האָט מיר דערציילט, אַז די ווונד איז געווען זייער אַ גרויסע און עס איז נויטיק געווען איבערצוזעצן 45 שטיקלעך פלייש.

— איצט ליג רואיק — האָט ער געזאָגט — ביז צוויי וואָכן מוז זיך די ווונד פאַרהיילן און דערנאָך וועט מען קאָנען רעדן וועגן אויסגלייכן דעם פוס.

דערווייל אָבער בין איך געווען אַזוי שוואַך און איך האָב זיך אַזוי שלעכט געפילט, אַז איך האָב נישט געגלויבט צו קענען זיך בכלל אַמאָל אויפהויבן פון בעט.

די טעג האָבן זיך ווידער לאַנגזאַם געשלעפּט. כ׳האָב קוים זיך געקענט דערוואַרטן די צוויי וואָכן, כדי די דאָקטוירים זאָלן זען, צי עס האָט זיך צונויפגעוואָקסן דאָס צעריסענע פלייש אויף דעם פוס. פונקט צו די צוויי וואָכן האָבן זיי אַראָפּגענומען דעם גיפּס. איבער דער גאַנצער ווונד איז ווירקלעך געווען איבערגעצויגן אַ דינע הויט. זי איז אָבער געווען אַזוי דורכזיכטיק, אַז מען האָט געזען דעם אינעווייניק.

זיי האָבן דעם פוס ווידער געלייגט אין גיפּס. דער פּראָפעסאָר האָט מיך אונטערזוכט און דערקלערט, אַז איך בין צו שוואַך, כדי מיך פונדאָסניי צו אָפּערירן און אויסגלייכן דעם פוס. דערפאַר דאַרף די אָפּעראַציע אָפּגע־

לייגט ווערן אויף עטלעכע מאַנאַטן. אויב איך האָב וווהין צו פאָרן קען איך אַרויסגיין פון שפּיטאָל, כדי זיך אַ ביסל אָפּרוען.

ס׳האָט זיך מיר געשטעלט די פראַגע: וווהין זאָל איך גיין? איך בין געווען אין אַזאַ צושטאַנד, אַז איך האָב זיך נאָך אַליין נישט געקענט איבערדרייען אין בעט און איך מוז נאָך ליגן, כדי די ווונד זאָל זיך בעסער פאַרוואַקסן.

ווען מאַרוסיאַ איז דעם זונטיק געקומען נאָכן דורכמאַכן ווי געווײנלעך דעם שווערן וועג, האָב איך איר אַלץ דערציילט און געזאָגט, אַז מען דערלויבט מיר אַרויסצוגיין פון שפּיטאָל אויף אַ געוויסער צייט. אָבער איך האָב באַשלאָסן צו בלייבן, ווייל איך וויל קיינעם נישט פאַלן צו לאַסט.

זי האָט מיר גאָרנישט געזאָגט, נאָר אויפן אָרט אַריינגעגאַנגען צום דאָקטאָר און געמאָלדן, אַז אין צוויי טעג אַרום קומט זי מיך אַרויסנעמען פון שפּיטאָל.

דערנאָך האָט זי דאָס זעלביקע מיר געזאָגט, אַז זי קומט מיך נעמען אין אַ פּאָר טעג אַרום און געבעטן, איך זאָל נישט זאָרגן. זי וועט אַלץ דערליידיקן און אין דאָרף וועלן מיר זיך טיילן מיט דער פּאַיקע ברויט ביז איך וועל ווערן שטאַרקער.

עס האָט נישט געהאָלפן מיין ווידערשטאַנד און מיין טענה, אַז איך וויל נישט פאַלן צו לאַסט.

— און גיין צו דיר יעדן זונטיק 60 קילאָמעטער איז לייכט? האָט מאַרוסיאַ געזאָגט. איך האָב לסוף מסכים געווען.

צוויי טעג שפּעטער איז מאַרוסיאַ געקומען מיט עליאַשן אויף אַ קליינעם לאַסט־אויטאָ פון אונדזער מ. ט. ס.־סטאַציע. זיי האָבן מיך אַרויפגעטראָגן אויפן וואָגן און אָפּגעפירט אין דאָרף. מיר זענען אָנגעקומען פאַרנאַכט און זיי האָבן מיך אַריינגעלייגט אין בעט. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די וועטשערע פון יענעם אָוונט. מאַרוסיאַ האָט צוגעשטעלט קאָכן אין אַ בלעכענער פּושקע ריינע וואַסער; אַריינגעשאָטן אַ ביסל זאַלץ און עליאַש האָט פון גאָרטן געבראַכט אַ קוישל בלעטער פון בוראַקעס. די בלעטער האָבן זיי צעשניטן און אויפגעקאָכט. מאַרוסיאַ און צעשע האָבן אָנגעגאָסן פיר טעלער וואַסער מיט בלעטער און צעשניטן אַ פּאַיקע ברויט פון בערך אַ קילאָ אויף פיר שטיקער. דאָס איז געווען אונדזער נאַכט־עסן.

זיי האָבן מיר דערנאָך דערציילט, אַז זינט איך בין אין שפּיטאָל לעבן זיי פון דער איינציקער פּענסיע, וואָס עליאַש פאַרדינט. ס׳איז שוין נישטאָ וואָס פון זיך צו פאַרקויפן און פון מאַרוסיאַס אַרבעט אין דער סטאָלאָוואַיאַ איז נאָר דאָ אַ טעפּל באָרשטש אָדער לאַפּשאַ (לאָקשן) אויף מיטאָג.

עליאַש איז געווען זייער ערלעך. ער האָט נישט געקענט און אויך

נישט געוואָלט ריזיקירן מיט עפּעס אַ קאָמבינאַציע, כדי צו פאַרדינען מער, ווי די פּענסיע. ס'איז געווען קלאָר, אַז אויב מיר זאָלן אַלע האָבן די מיינונג פון מיין טייערן חבר עליאַש און וואַרטן אויפן סוף מאַנאַט צו באַקומען די קליינע פּענסיע, באַדייט עס זיך אַליין צו פאַרמשפּטן אויף אַ הונגער־טויט.

כ'האָב שפּעטער געפּרוווט זיך לערנען גיין אויף מיינע קאָסטילן. מיין ערשטער וויזיט איז געווען ביים דירעקטאָר פון דער מ. ט. ס.־סטאַציע. זיין אויפנאַמע האָט מיך ממש איבערראַשט. — פּונקט ווי ער וואָלט מיך צום ערשטן מאָל געזען. ער האָט אַפילו נישט געהאַלטן פאַר נויטיק צו פרעגן, ווי עס פירט זיך, וואָס איך מאַך, ווי האַלט עס מיט מיין געזונט ער האָט מיך אָפיציעל געפרעגט:

— וואָס ווילט איר? נאָך וואָס זייט איר געקומען?

דערויף האָב איך אים קורץ געזאָגט, אַז היות איך בין פאַרווונדעט געוואָרן ביי דער אַרבעט אין מ. ט. ס., וווּ איך האָב אַ לאַנגע צייט געאַרבעט און געווען נוצלעך, בעט איך אים איצט, נאָכדעם ווי איך בין געקומען פון שפּיטאָל, אַז ער זאָל מיר געבן הילף, כדי איך זאָל געזונט ווערן.

— זייט וויסן, אַז איר קענט נישט רעכענען אויף אונדזער הילף — האָט מיר דער דירעקטאָר איבערגעריסן די רייד — ווייל איר אַרבעט איצט נישט ביי אונדז. איר דאַרפט זיך ווענדן דירעקט צום אינוואַלידן־ביוראָ אין אָבלאַסט; זיי וועלן אייך העלפן.

— יאָ, אָבער איר פאַרשטייט דאָך זייער גוט, אַז ביז די פאַרמאַליטעטן וועלן דערליידיקט ווערן, קען איך דערווייל שטאַרבן פון הונגער.

— דאָס וועט נישט זיין אונדזער שולד — האָט ער אויפן אָרט געענטפערט און זיך אויסגעדרייט צו אַ צווייטן, וואָס איז געשטאַנען הינטער מיר.

באַליידיקט און פאַרשעמט בין איך אַרויסגעגאַנגען פון דירעקטאָר אָנגעשפּאַרט אויף מיינע צוויי שטעקנס. די באַקאַנטע אין קאַנטאָר האָבן אויף מיר געוואָרפן בליקן פון דער זייט, אייניקע אפשר מיט אַ טראָפּן רחמנות, די אַנדערע אָבער זייער גלייכגילטיק.

עס האָט אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן געזאָגט: ער איז נישט אַליין. עס דרייען זיך אַרום אַ סך קאַליקעס, איז פאַראַן נאָך אַ קאַליקע.

אַן איבעריקער מענטש אויף דער וועלט בין איך — האָב איך ביי זיך געטראַכט — אַ קראַנקער און באַליידיקטער. ווען איך האָב זיי געבראַכט נוצן, האָבן זיי זיך מיט מיר גערעכנט און באַצאָלט מיט אַ קאַרגן שטיקל ברויט. ווי נאָר עס טרעפט אָבער אַן אומגליק און מען ווערט אומפעאיק

צו דער אַרבעט, ביסטו אַ לאַסט און אַן איבעריקער מענטש פֿאַר אַלעמען.
יאָ, צום טויט דאַרף מען אויך האָבן מזל...

וואָס נוצט אַזאַ לעבן מיט מאַטערנישן? און פֿאַר וועמען זאָל איך לעבן? בין איך דאָך אינגאַנצן אַליין, אַליין פֿון אַ גרויסער אויסגעהרגעטער משפּחה!...

כ׳האָב זיך קוים דערשלעפּט צום צימער. זיך געלייגט אין בעט און געוויינט. מאַרוסיאַ, צעשע און עליאַש האָבן מיך באַרואיקט און צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן מיך נישט פֿאַרלאָזן. מיר וועלן זיך צוזאַמען אומקערן קיין פּוילן און אפשר וועלן מיר נאָך עמעצן אָפּגעפֿינען פֿון די נאָענטע.

★

מיט דער קאַפּיטולאַציע פֿון דייטש האָבן מיר זיך געפֿרייט. מיר האָבן נאָכגעפֿאָלגט מיטן גרעסטן אינטערעס די געשעענישן, די גרויסע אַרטיקלען אין די צייטונגען מיט די באַשרייבונגען וועגן דער באָמבאַרדי־רונג פֿון בערלין, וועגן דער לעצטער שלאַכט און וועגן דער מפּלה פֿון די דייטשן.

פֿאַר אַלעמען איז די פֿרייד געווען אַ גאַנצע, נאָר נישט פֿאַר אונדז, יידן. פֿאַר אַלע פֿעלקער האָט די דייטשע קאַפּיטולאַציע באַדייט נצחון, באַפֿריי־אונג פֿון זייער לאַנד און פֿון זייער ערד, אויסלייז פֿאַר זייערע משפּחות.

אָבער נישט פֿאַר אונדז יידן. נישט אונדזער לאַנד איז באַפֿרייט געוואָרן, נישט אונדזער ערד איז אויסגעלייזט געוואָרן. אונדזערע עלטערן, ברידער, שוועסטער, פֿרויען און קליינע קינד׳ער זענען אומגעקומען. פֿאַרוואָס? ווי אַזוי? נישט אין קאַמף מיטן שונא זענען זיי אומגעקומען, נאָר פֿון דער מערדערישער האַנט און צוליב דער איינציקער זינד, וואָס זיי זענען געבוירן געוואָרן יידן.

דאָך האָט אינערלעך געטליעט אַ פֿונק פֿון האָפֿענונג. אפשר איז דאָך עמעצער על פּי נס לעבן געבליבן. דערפֿאַר מוז מען וואָס שנעלער אַרויס־פֿאָרן פֿון דאָזיקן לאַנד פֿון ליידן און פּיין, פֿון לאַנד, אין וועלכן דער מענטש איז אַזוי מינדערווערטיק.

אין יענע טעג איז געמאָלדן געוואָרן אַלע פּוילישע בירגער, אַז ווער עס וויל קען צוריקפֿאָרן קיין פּוילן. צו דעם צוועק איז נויטיק געווען זיך צו רעגיסטרירן. ס׳איז געגעבן געוואָרן אַ טערמין פֿון 3 חדשים און עס זענען געווען קלאַנגען, אַז נאָך דעם טערמין וועט קיינער מער נישט קאָנען אַרויספֿאָרן פֿון רוסלאַנד.

אין דאָרף, אין וועלכן מיר האָבן געלעבט, איז שווער געווען דורכצו־פֿירן אַלע פֿאָרמאַליטעטן. די פּוילישע בירגער האָבן זיך גרופּירט אין די־שטעט און געוואַרט מיט אומגעדולד אויפֿן מאָמענט פֿון אַרויספֿאָר.

עס איז אונדז אָבער נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט צו רעאַליזירן אונדזער ווונטש. ווען מיר זענען געגאַנגען בעטן דעם דירעקטאָר, אַז ער זאָל אונדז באַפרייען פון דער אַרבעט, האָט ער געזאָגט, אַז ער דערלויבט אַוועקצופאָרן נאָר מיר, ווײַל ער האָט מיר פאַרטרויט. ער קען אויך דערלויבן די פרויען אַוועקפאָרן. אָבער אין קיין פאַל וועט ער נישט באַפרייען עליאַשן, ווײַל ער איז געווען דער גאַנצער לייטער פון דער עלעקטראָ־סטאַציע, וואָס מיר האָבן אויסגעבויט און איצט איז ער אויך דער שווייסער מיטן עלעקטרישן שווייס־אַפּאַראַט.

עס האָט נישט געהאָלפן דאָס רעדן און בעטן. ער וועט עליאַשן נישט באַפרייען — זאָגט ער. אַליין אַנטלויפן האָט עליאַש נישט געוואָלט, ווײַל ער ריזיקירט פונדאַסניי מיט אַ לאַגער אין סיביר.

כ׳האָב באַשלאָסן אין קיין שום פאַל נישט אַוועקפאָרן אָן עליאַשן.

און געשען איז אַ נס מן השמים. איך האָב אין דער לעצטער צייט געשריבן בריוו צו באַקאַנטע און פריינט אין דער גאַנצער וועלט, ווו איך האָב נאָר געדענקט אַן אַדרעס. צווישן אַנדערע האָב איך געשריבן אַ בריוו צו מײַנעם אַ חבר אין ישראל, אליעזר ג. ער האָט מײַן בריוו דערהאַלטן. איצט, ווען עס האָט מיך געמאַטערט די פראַגע פון באַפרייען עליאַשן פון דער אַרבעט, איז מיר אָנגעקומען פון מײַן חבר אין ישראל אַ פּעקל בגדים. ס׳איז אין פּעקל געווען אַ פּאָר שיך און צוויי פּאָר וואַרעמע אונטערוועש פון אַמעריקאַנער אויסאַרבעטונג מיט אַ גרויסן סטעמפּל אויף יעדן שטיקל באַזונדער.

כ׳האָב לאַנג נישט געטראַכט, גענומען דאָס פּעקל און אויף מײַנע צוויי קאָסטילן בין איך אַרײַנגעגאַנגען צום דירעקטאָר און אים זייער אײנפאַך געזאָגט:

— אויב דו באַפרייסט עליאַשן פון דער אַרבעט, גיב איך אַ מתנה דאָס פּעקל, וועלכן איך האָב איצט באַקומען. ער האָט אַלץ גענוי באַטראַכט. כ׳האָב געזען, אַז די אויגן פינקלען ביי אים.

— ס׳איז טאַקע אַמעריקאַנער אויסאַרבעטונג?

— געוויס, דו זעסט דאָך די סטעמפּלען...

אויפן אָרט האָט ער מיר אויסגעשריבן אַ „ספּראַווקע", אַז מיר האָבן דאָ געאַרבעט די גאַנצע צייט און איצט באַפרייט ער אונדז פון דער אַרבעט, ווײַל מיר ווילן זיך רעגיסטרירן, כדי צוריקצופאָרן קיין פּוילן.

וואָס צו פּאַקן אָדער ליקווידירן האָבן מיר קיינער נישט געהאַט.

מיר זענען אַלע פיר אָפּגעפאָרן קיין טאַשקענט, וואָס איז געווען אַ הויפּט־שטאָט און געהאַפט דאָרט צו טרעפן אַ סך יידן פון פּוילן.

צווערשט זענען מיר געגאַנגען זוכן באַקאַנטע אין ז. פּ. פּ. — דעם

פאַראיין פון פוילישע פּאַטריאָטן. מיר האָבן דאָרט געטראָפן אַ סך יידן, וואָס שטאַמען פון אַלע עקן פוילן. כ׳האָב זיך אויך דערוווּסט, אַז אין טאַשקענט וווינט מיין קוזינע פ., די זעלביקע וועמען איך האָב אַמאָל אין בריסק איינגעאָרדנט די חתונה.

מיין קוזינע האָבן מיר געטראָפן מיטן מאַן און מיט אַ פּיצל קינד. זיי זענען געלעגן אויף אַ ליימענער פּאָדלאָגע, אויף צוויי זעק, אָן שטרוי אַפילו. דאָס פּיצל קינד איז געווען צוגעדעקט מיט זייערע מאַנטלען. ס׳איז געווען אַ צער צו קוקן אויף די צוויי אויסגעדאַרטע פּנימער און עס האָט געקלעמט נאָך מער ביים האַרצן אָנקוקנדיק דאָס פּיצל קינד, וואָס איז געלעגן אויף דער ליימענער פּאָדלאָגע און זיך געוואָרעמט צווישן טאַטע און מאַמע.

מיט מיינע צוויי קאָסטילן און מיט מיין אויסגעבלייכטן פּנים, האָב איך אויף זיי נישט גוט געווירקט. מיין קוזינע האָט ביטער געוויינט אויף אונדזערעביידנס צרות.

זיי ביידע האָט מען אין בריסק אַרעסטירט מיט נאָך אַ סך יידישע משפּחות. פאַרשיקט האָט מען זיי אין קאַזאַכסטאַן אין קאָלכאָזן, ערגעץ ווייט אין די בערג. די ערשטע צייט האָבן זיי געלעבט פון די זאַכן, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט און וואָס זיי האָבן אויספאַרקויפט. דערנאָך איז בערל יעדן פרימאָרגן געגאַנגען מיט אַ זאַק אין די בערג און צונויפגעזאַמלט עטלעכע טשערעפּאַכעס, וועלכע זיי האָבן געגעסן. צום אומגליק — דערציילט בערל — האָט מיין פרוי פאַרשוואַנגערט. איך בין געווען בייגעריק צו זען דאָס קינד, וואָס ווערט געבוירן ביי אַ מוטער, וועלכע דערנערט זיך נאָר מיט טשערעפּאַכעס. קיין ברויט אָדער אַן אַנדער שפּייז האָבן מיר נישט געזען במשך לאַנגע מאָנאַטן. ווען דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן, האָבן מיר שוין נישט געהאַט וואָס צו פאַרקויפן. כ׳האָב נישט געהאַט קיין שום מעגלעכקייט צו דערנערן די מאַמע מיטן קינד.

האָבן מיר גענומען דאָס קינד אויף די הענט — דערציילט וויטער בערל — זיך אַרויסגעשטעלט אויפן וועג און געבעטן ביי די דורכפאָרער. אַז זיי זאָלן אונדז מיטנעמען אַ שטיקל וועג, כדי צו קומען וואָס נענטער צו אַ שטאָט. צו דער שטאָט איז געווען 400 קילאָמעטער.

אויף דעם אופן האָבן מיר זיך דערשלעפּט ביז טאַשקענט. כ׳האָב זיך געשטעלט אַרבעטן אין אַ שניידער־וואַרשטאַט און דער דירעקטאָר פון וואַרשטאַט האָט אונדז אויך דערלויבט צו וווינען אין אַ זייטיקן, ליימיקן צימער.

ס׳איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט, ווען מיר האָבן זיך אַלע אויסגעצויגן אויף דער ליימענער פּאָדלאָגע, כדי איבערצושלאָפן די פּאָר שעה.

עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך מיט עליאַשן באַקומען אַ צייטווײליקע אַרבעט אין אַ וואַרשטאַט, ווו מען פֿאַריכט עלעקטרישע מאָטאָרן, פּרעס־אײַזנס און אויוונס. מיר האָבן אויך באַקומען אַ צימער ביי א קאזאַך אלס סובלאָקאַטאָרן. היות די רעגיסטראַציע האָט זיך נאָך נישט אָנגעהויבן, האָב איך געוואָלט מיר אויסגלייכן דעם פֿוס. ביז איצט האָב איך נאָך נישט געקאָנט טרעטן אויפֿן קראַנקן פֿוס און דער פֿוסטריט איז געווען אויסגע־דרייט.

פֿון עליאַשעס פֿאַרדינסט, פֿון זיין איינציקער פּענסיע וואָלט נישט געווען גענוג פֿאַר אַלעמען דורכצולעבן. מיר האָבן דערפֿאַר באַשלאָסן, אַז די פֿרויען זאָלן צוהאַנדלען אויפֿן שוואַרצן מאַרק. מיט וואָס צו האַנדלען איז געווען. זיי האָבן פֿאַרקויפֿט די סחורה, וואָס די פֿאַרוואַלטער פֿון די מאַגאַזינען האָבן אַרויסגעגנבעט. אַזוי צום ביישפּיל האָבן זיי פֿאַרקויפֿט לייוונט, צו דריי מעטער אַ קופּאָן. געהייסן האָט עס, אַז דעם לייוונט האָט מען באַקומען אויף קאַרטן. ווען זיי האָבן פֿאַרקויפֿט איין קופּאָן, זענען זיי גלייך געגאַנגען נעמען אַ צווייטן קופּאָן. דער תירוץ איז שיינבאַר געווען אַ גוטער. אָבער דאָס האַרץ האָט אַ גאַנצן טאָג געציטערט, אַז מען זאָל נישט דורכפֿאַלן.

אַזעלכע הענדלער זענען אויפֿן מאַרק געווען טויזנטער. ס'איז נישט געווען קיין אַנדער ברירה. נויט און הונגער ברעכט אייזן. אויך די רוסן האָבן אַ סך געהאַנדלט אויפֿן מאַרק, נאָר זיי האָבן געהאַנדלט מיט אַנדערע זאַכן. זיי האָבן געהאַט בגדים און וועש פֿון די פּעקלעך, וואָס זענען אָנגע־קומען פֿון פֿראָנט פֿון די פּוילישע און אויך פֿון די דייטשע שטעט.

כ'האָב זיך מיט אַלעמען געזעגנט און אַריינגעגאַנגען אין שפּיטאָל, כדי דורכצומאַכן די לעצטע אָפּעראַציע און אויסגלייכן דעם פֿוס, אַז איך זאָל אויף אים קאָנען טרעטן און גיין אומגעפֿער נאָרמאַל.

גאַנצע צוויי וואָכן האָבן געדויערט די צוגרייטונגען צו דער אָפּע־ראַציע און דאָס וואַרטן אויף מיין ריי. כ'האָב אַרומגעשפּאַצירט איבערן שפּיטאָל אין אונטערוועש און געוואַרט, מען זאָל מיך רופֿן אין אָפּעראַציע־זאַל. מאַרוסיאַ האָט מיר ווייטער געטראָגן די טעפּלעך עסן. יעדן טאָג איז זי געקומען. זי איז געלאָפֿן אויפֿן מאַרק און ממש איינגעשטעלט דאָס לעבן. אין אָוונט האָט זי געקאָכט, כדי אויף צומאָרגנס אינדערפֿרי מיר ברענגען דאָס עסן אין שפּיטאָל.

כ'וועל דיך נישט לאָזן אַליין, האָט זי געזאָגט. כ'האָב זיך צוגעוווינט צו דיינע ליידן, וואָס זענען אויך מיינע ליידן. ווער נאָר געזונט און מיר וועלן פֿאָרן אַהיים. אויב גאָט וועט העלפֿן און וועסט צוריקגעפֿינען דיין

פרוי און קינד, וועל איך אויך בלייבן מיט דיר און נעבן דיר. אַ דינסט וועל איך ביי דיר זיין און העלפן דערציען דיין זונעלע...

ווען מען האָט מיר געמאָלדן, אַז די אָפּעראַציע וועט פאָרקומען מאָרגן. בין איך שוין נישט געשלאָפן. כ׳האָב די אָפּעראַציע געוואָלט און דער־וואַרט, אַז מיין פוס זאָל אויסגעגלייכט ווערן. כ׳האָב אָבער מורא געהאט און איבערגעקלערט, צי די אָפּעראַציע וועט געלינגען, צי איך וועל נאָך שפּעטער ווייטער דאַרפן ליידן.

ליגנדיק אויפן אָפּעראַציע־טיש האָט זיך דער דאָקטאָר מיט מיר דורכגעשמועסט:

— פאַרוואָס ווילסטו נישט וואַרטן נאָך אַ ביסל און זיך אָפּערי־רן ביי דיר אין דיין פאָלשאַ. איר וועט דאָך שוין אינגיכן פאָרן אַהיים...

— כ׳וויל זיך דאָ אָפּערירן און אויסגלייכן דעם פוס, ווייל איך בין דאָ, אין רוסלאַנד, פאַרוווּנדעט געוואָרן. ווען איך וועל קומען אַהיים, וועל איך גלייך דאַרפן אַרבעטן, כדי צו פאַרדינען אויפן לעבן.

— וואָס האָסטו געטאָן אין פוילן? — פרעגט מיך דער דאָקטאָר

— איך בין געווען אַ סוחר.

— ביי אונדז זאָגט מען ספּעקולאַנט — זאָגט דער דאָקטאָר.

— און ווי רופט איר די טויזנטער רוסישע סוחרים, וואָס שטייען אויפן שוואַרצן מאַרק (קיין ווייסער מאַרק איז דאָך נישטאָ) און פאַרקויפן אַזויפיל סחורות?

— די סוחרים פון שוואַרצן מאַרק הייסן ביי אונדז גנבים און רויבער — האָט דער דאָקטאָר מיר געענטפערט.

— דאָך האָט איר אין אלע יאָרן נישט געקאָנט זיך באַגיין אָן דעם שוואַרצן מאַרק און ער עקזיסטירט...

צום באַדויערן איז ער פאַראַן, דער שוואַרצער מאַרק — האָט ער טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— זאָג מיר, וועסט מיר כאָטש שרייבן אַ גרוס פון פוילן, ווען דו וועסט אַוועקפאָרן... עס האָט אויסגעזען, אַז ער וויל פאַרענדיקן די דיס־קוסיע וועגן שוואַרצן מאַרק.

— געוויס — האָב איך געענטפערט.

אַ קליינע איינשפּריצונג אין די אָדערן פון דער האַנט האָט מיך גלייך איינגעשלעפערט.

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, בין איך שוין געלעגן אין בעט, אין זעלביקן צימער, אין וועלכן איך בין געווען פאַר דער אָפּעראַציע. ביים פענצטער אויף דער גאַס איז געשטאַנען מאַרוסיאַ און געוואַרט, אַז איך זאָל זיך אויפכאַפּן. דערנאָך זענען אָנגעקומען עליאַש מיט צעשען. איך

בין געווען צופרידן זיי אַלעמען צו זען, כדי נישט צו פילן זיך איינזאַם. דער פוס האָט מיר שטארק וויי־געטאָן. דער דאָקטאָר איז געקומען זען. ווי עס פילן זיך די קראַנקע, וועלכע ער האָט אָפּערירט דעם זעלביקן טאָג.

ער האָט מיר געזאָגט, אַז די אָפּעראַציע איז דורכגעגאַנגען גוט, און ער גלויבט, אַז דער פוס וועט זיין אויסגעגליכן. די קראַנקן־שוועסטער האָט מיר שפּעטער איבערגעגעבן, אַז עס איז נויטיק געווען אויסצושניידן אַ זייטיקביינדל, בכדי צו קאָנען גלייכשטעלן דעם פוס, און ווען אַלץ וועט זיך פאַרהיילן, וועט עס מיך נישט שטערן צו טרעטן גוט אויףביידע פיס.

אין אָוונט האָב איך באַקומען 40 גראַד היץ. אויך אַ קאַזאַך, וואָס איז געלעגן נעבן מיר האָט געהאַט שטאַרקע היץ נאָך דער אָפּעראַציע. די קראַנקן־שוועסטער האָט אַרויסגערופן דעם דאָקטאָר און ער האָט געהייסן מאַכן אַן איינשפּריצונג פון פּעניצילין. ער האָט מיר דערביי געזאָגט:

— האָסט אַ גליק, וואָס מיר האָבן היינט באַקומען צוויי שאַכטלען פּעניצילין. עס וועט זיין גענוג צו ראַטעווען אייך ביידע, אַנדערש וואָלט געווען שלעכט...

צומאָרגנס האָב איך זיך געפילט בעסער, אָבער דער גיפּס איז מיר געווען צו ענג אויף דעם פוס און ער האָט מיר צוגעדריקט אין אייניקע ערטער. זיי האָבן מיר אָבער געזאָגט, אַז מען מוז יאָרטן דריי וואָכן. בכדי צו עפענען דעם גיפּס. אין עטלעכע טעג שפּעטער האָט זיך דער גיפּס אַ ביסל אויסגעטריקנט און ס׳איז געוואָרן אַ ביסל לויזער. עס האָט אָבער ווייטער געדריקט.

די דריי וואָכן זענען פאַר מיר געווען ווי דריי יאָר. אין שטאָט האָט מען דערציילט, אַז אינגיכן וועט מען פאָרמירן די עשאַלאָנען צו פאָרן קיין פוילן. דער עולם איז געוואָרן אומגעדולדיק. פון ז.פּ.פּ. (פאַראיין פון פּוילישע פּאַטריאָטן) זענען געקומען יעדן טאָג אַנדערע נייעס וועגן דער רעגיסטראַציע. די פּוילישע בירגער האָבן באַקומען מילך־קאָנסערוון, קאַקאַאָ און אויך אַ ביסל בגדים. אַ פּוילישן בירגער האָט מען לייכט געקאָנט דערקענען אין דער גאַס לויט זיינע מלבושים, וואָס ער האָט אויף זיך געהאַט. דאָס זענען געווען אוניפאָרמען פון אַמעריקאַנער סאָלדאַטן

די דריי וואָכן נאָך דער אָפּעראַציע זענען פאַרלאָפן אין גרויסע צרות. אויסער דעם ווייטיק צוליבן גיפּס, וואָס האָט געדריקט, האָבן זיך אונטערן גיפּס פאַרקליבן לייז און זיי האָבן געביסן. ס׳איז געווען אומדערטרעגלעך

אָבער די דריי וואָכן זענען פאַריבער און איך בין נאָך אַלץ געלעגן אין גיפּס. כ׳האָב געפרעגט דעם דאָקטאָר און ער האָט מיר געזאָגט, אַז מען דאַרף מיר איבערבייטן דעם גיפּס און אין שפּיטאָל איז איצט קיין

גיפס נישטאָ. לאָזט מען מיר ליגן אין זעלביקן גיפס ביז עס וועט אָנקומען אין שפּיטאָל גיפּס.

— איך קען אָבער מער נישט אויסהאַלטן, די לייז אונטערן גיפס מאַכן מיר גרויסע צרות...

ער האָט מיר געענטפערט, אַז ביז עס וועט נישט אָנקומען קיין גיפּס קאָן ער מיר גאָרנישט העלפן.

מיין מוח האָט אַזאַ זאַך בשום אופן נישט באַגריפן. עס האָט געדויערט נאָך גאַנצע צען טעג ביז איך האָב פאַרשטאַנען. כ'האָב דער קראַנקן־שוועסטער געזאָגט אַ סוד אויפן אויער, אַז מאַרוסיאַ וועט איר מאָרגן ברענגען אַ פּאָר פּושקעס מילך און קאַקאַאָ פון די אַמעריקאַנער פּראָדוקטן, אָבער זי זאָל דערפאַר שאפן ערגעץ־ווו א ביסל גיפּס פאַר מיין פוס.

דעם זעלביקן טאָג נאָכמיטאָג בין איך געלעגן אויפן טיש און זיי האָבן מיר איבערגעביטן דעם גיפּס. כ'האָב זיך געפילט אַ סך בעסער. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דער גיפּס האָט אויסגעדריקט דאָס פלייש ביזן ביין און עס איז געוואָרן אַ טיפע ווונד. איך האָב ווייטער געמוזט ליגן ביז עס וועט זיך פאַרהיילן די נייע ווונד. כ'בין געלעגן גאַנצע צוויי וואָכן און די ווונד וויל זיך נישט פאַרהיילן.

ווידער איז געשען אַ שטיקל נס. דעם דאָקטאָר, אַ קאַפּיטאַן פון דער אַרמיי, האָט זיך פאַרגלוסט צו כאַפּן מיט מיר אַ שמועס. היות איך האָב אים געזאָגט, אַז איך בין אַן עלעקטריקער האָט ער מיר געפרעגט אַן עצה, ווי אַזוי קאָן ער באַקומען אַן עלעקטרישן פּרעס־אייזן. כ'האָב אים אויפן אָרט געענטפערט, אַז ער זאָל מיר זען פאַרהיילן די ווונד און איך וועל אים שוין באַזאָרגן אַ פּרעס־אייזן.

צומאָרגנס האָט ער מיך געזעצט אויפן טיש און מיר געמאַכט אַן איינשפּריצונג פון נאָוואַקאין, אַ גרויסע דאָזע. אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך די ווונד באַצויגן מיט א דינער הויט. כ'האָב געהאַלטן וואָרט. נאָך איידער איך בין אַרויס פון שפּיטאָל האָט מאַרוסיאַ אַרויפגעטראָגן דעם דאָקטאָרס פרוי אַן עלעקטרישן פּרעס־אייזן.

כ'האָב שטאַרק חשק געהאַט א שמועס צו טאָן מיטן הויפּט־כירורג און אים זאָגן, אַז דער שוואַרצער מאַרק געפינט זיך אויך ביי אים דאָ אין שפּיטאָל און ער דאַרף זיך בכלל דערויף נישט ווונדערן, ווייל נישט די קראַנקן־שוועסטער און נישט דער דאָקטאָר קאָנען נישט דורכלעבן דעם מאָנאַט פון זייער געהאַלט. יעדער איינער האָט אַ געפיל, אַז ער געפינט זיך אויף צוואַנגס־אַרבעט אָדער, אַז ער איז אַן אויפגעצוווּנגענער, אַ שקלאַף און דערצו א הונגעריקער שקלאַף. מיט אַזאַ באַוווסטזיין זענען

מער נישטאָ קיין סענטימענטן. און אפילו פון אַ קראַנקן וועט ער אויספרעסן זיין צוגערויבטן האָנאָראַר, זיינע מעגלעכקייטן צום לעבן.

אין צווישנצייט האָבן זיך שוין פאָרמירט די עשאַלאָנעז צו פאָרן קיין פוילן. יעדע פאָר טעג איז אָפּגעפאָרן אַן עשאַלאָן פון רויטע פראַכט־וואַגאָנען מיט בערך צוויי טויזנט מענטשן. אונדזער ריי האָט געזאָלט קומען אין געציילטע טעג.

כ׳האָב געבעטן דעם דאָקטאָר מיך אויסצושרייבן פון שפּיטאָל.

ווען איך בין צוריקגעקומען אויף די שטעקנס און מיט גיפּס אויף דעם פוס אין אונדזער ליימענער קיביטקע, האָב איך געטראָפן עליאָשן פּאַקן די זאכן. ער האָט מיר איבערגעגעבן, וואָס די רוסן דערציילן, אַז אין פוילן שטאַרבט מען ממש פון הונגער און עס איז נישטאָ וואָס אויף זיך אָנצוטאָן, אַז דער דייטש האָט גאַנץ פוילן פאַרוואַנדלט אין חורבות, אין אַ באַרג אַש.

עליאָש האָט לעצטנס געשפּאָרט. ער האָט אויסגעטריקנט אַ זאַק סוכאַרעס, האָט אויסגעלאַטעט זיינע מלבושים און האָט אויך איינגעפּאַקט די בלעכענע פּושקעס, וואָס האָבן אונדז געדינט אַלס טעפּ.

# יידישע טראַגעדיעס אין גלות־רוסלאַנד

די פּראָפּאַגאַנדע איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז איך אַליין האָב אָנגע־הויבן גלויבן, אַז מענטשן שטאַרבן אין פּוילן פון הונגער. כ׳האָב צום ווייפלסטן מאָל געמאַכט דעם חשבון. אפשר בלייבן דאָ? איך האָב ווייניק געגלויבט, אַז איך זאָל קאָנען טרעטן אויף מיין פוס, איז צו וואָס פאָרן אַ קאַליקע, ווען פון מיין משפחה איז שוין אויך קיינער נישטאָ.

אָבער בלייבן אין רוסלאַנד האָב איך געוווסט, באַדייט פאַר מיר, אַז איך בין אַ קאַנדידאַט אויף סיביר. לעבן ווי אַלע סאָוויעטישע בירגער באַדייט צו זיין אַ גנב. און סוף גנב לסיביר. אַפילו פאַר אַ וואָרט קאָן מען דאָ געמשפּט און פאַרמשפּט ווערן.

האָב איך באַשלאָסן פאָרן און אפשר וועל איך דאָך עמעצן אָפּגעפינען, וואָס איז געבליבן לעבן...

יעדן טאָג זענען מיר געגאַנגען צו דער באַן זיך געזעגענען מיט די גליקלעכע, וואָס זענען אָפּגעפאָרן און מיר האָבן געוואַרט אויף אונדזער ריי. טויזנטער מענטשן האָבן זיך געקליבן אַוועקצופאָרן — יידן און ווישט־יידן, פּאָליאַקן און אַנדערע פּוילישע בירגער.

ביי דער באַן האָבן זיך אָפּגעשפּילט האַרצרייסנדיקע סצענעס. מענטשן זענען זיך דאָ צונויפגעקומען פון אַלע דערפער, פון קאָלכאָזן און פון פאַרשידענע לאַגערן. משפחות, וואָס זענען געווען צעשיידט אין דער צייט פון דער מלחמה האָבן זיך דאָ צופעליק געטראָפן. זיי האָבן ביז דעם מאָמענט נישט געגלויבט, אַז עמעצער איז געבליבן לעבן.

אָט, למשל, איז געווען אַ פאָרפאָלק יענטעלע און הערשל מיט זייער קליין און שיין טעכטערל. מיר האָבן זיי אַלע גוט געקענט און נישט געוווסט, אַז ס׳איז געווען אַ צופעליק פּאָרל, וואָס צרות האָבן זיי צונויפ־געבונדן.

אַ געוויסן טאָג זענען יענטעלע און הערשל מיט זייער קליין טעכטערל אויך געקומען צו דער באַן באַגלייטן באַקאַנטע, וואָס פאָרן אַוועק מיטן עשאַלאָן. שטייענדיק אויפן וואָקזאַל האָט זיך פּלוצלונג צו זיי דערנענטערט

אַ מאַן מיט אָנגעשטרענגטע בליקן. דער מאַן האָט איינגאַנצן געציטערט און יענטעלע איז בלאַס געוואָרן.

זי האָט אויסגעשריגן: „מאָטל" און אַרומגעכאַפּט דעם מאַן. זי האָט אויסגעבראָכן אין אַ יאָמערלעכן געוויין. אויך דער מאַן האָט אַרומגענומען יענטעלען און טרערן האָבן זיך אים געגאָסן פון די אויגן. די פּיינלעכע יאָרן האָבן אַ שפּאָר ביסל געענדערט זיין אויסזען און יענטעלע האָט אים קוים דערקענט.

— און דאָס איז אונדזער טעכטערל אסתרל, וואָס איך האָב אין אַזויפיל מאַטערניש אויסגעהיט אין די מלחמה־יאָרן — האָט יענטעלע אָנגעוויזן אויף איר שיין טעכטערל.

אסתרל איז געשטאַנען פון דער ווייטנס און זיך געטוליעט צו הערשלס קני. זי האָט נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס די מאַמע נעמט אַרום אַ פרעמדן מאַן און וויינט.

אויך הערשל איז געווען שטאַרק דערשטוינט פון דעם, וואָס דאָ קומט פאָר. ער האָט נישט געגלויבט, אַז יענטעלעס מאַן לעבט ערגעץ.

יענטעלע האָט אָנגענומען אסתרלען פאַר אַ הענטל און געוואָלט זי צופירן צו מאָטלען. מיט טרערן אין די אויגן האָט זי איר געזאָגט:

— קום, אסתרל, צום טאַטן דיינעם, נעם אים אַרום, גיב אַ קוש דעם פּאַפּאַ...

אסתרל האָט אַרויסגעריסן איר הענטל פון דער מאַמעס האַנט און מיט אַ געוויין אויסגעשריגן: „איך וויל נישט... דאָס איז נישט מיין טאַטע, איך קען אים נישט... און זי איז צוריקגעלאָפן צו הערשלען. זי האָט הערשלען אַרומגענומען אַרום האַלדז און זיך געטוליעט צו אים, ווי זי וואָלט וועלן, אַז ער זאָל זי באַשיצן פון עפּעס אַ פרעמדן מענטש, וועלכן די מאַמע רופט מאָטל און זי זאָגט, אַז עס איז איר טאַטע. זי האָט אים דאָך קיינמאָל נישט געזען און זי קען אים נישט...

— טאַטעניו — האָט זיך אסתרל געפּיעשטשעט פאַר הערשלען — וואָס וויל די מאַמע פון מיר? דו ביסט דאָך מיין טאַטע, איך האָב דיך ליב, טאַטעניו. קום אַוועק פון פרעמדן, איך וויל אים נישט זען.

הערשל האָט אַרומגענומען אסתרלען און געדריקט דאָס קינד אין זיינע אָרעמס. ער האָט דאָס קינד ליב געהאַט, ווי זיין לעבן.

מאָטל איז געשטאַנען אַ בלאַסער און איז געווען אינגאַנצן צעטומלט. ער האָט אַ פּאָר מאָל אויסגעשטרעקט די הענט צום קינד און זיך געבעטן:

— אסתרל, קינד מיינס, מאַמעלע מיינע. קום, איך וויל דיך כאָטש איין מאָל צודריקן צו מיין האַרץ, קושן דיין טייער קעפּעלע און אין דער

מינוט פאַרגעסן די יאָרן פון פּיין און פון ליידן, פון בענקען נאָך דיר, שיין מלאכל...

קום, טייער קינד מיינס, נעם אַרום דיין טאַטן, ווייל נאָר דו האָסט מיר געגעבן כוח איבערצולעבן די שווערע לאַגער־יאָרן, נאָר וועגן דיר האָב איך געטראַכט, ווען איך בין געשטאַנען איינגעבויגן און געזעגט די דיקעביימער, מיט די לעצטע כוחות. פאַר דיין געזונט האָב איך געבעטן אין די לאַנגע, שלאָפלאָזע נעכט.

קום, מאַמקעלע, צו מיר... קום... איך האָב אַזוי געבענקט נאָך דיר...

מאָטל איז געבליבן מיט די אויסגעשטרעקטע הענט אין דער לופט. דאָס קינד האָט זיך נאָך שטאַרקער געקלאַמערט אַרום הערשלס האַלדז און מורא געהאַט אַפילו זיך אויסצודרייען און אַ קוק טאָן אויף מאָטלס פאַרוויינטז פּנים.

יענטעלע איז געשטאַנען אַן אומבאַהאָלפענע, ווי זי וואָלט זיך געפילט שולדיק און ווי זי וואָלט וועלן אים אויפקלערן די לאַגע.

— דו ווייסט, מאָטל, איך בין נישט שולדיק, וואָס דאָס קינד וויל נישט גיין צו דיר.

ווען מען האָט דיך אין ביאַליסטאָק אין 1940 אַרעסטירט און דיך אַוועקגעשיקט מיט נאָך טויזנטער מענטשן קיין סיביר, איז דאָס קינד אַלט געווען קוים צוויי חדשים. איך בין געבליבן אַליין מיטן פּיצל קינד אָן קיין שום מיטלען צום לעבן, ווייל דעם גרויסן נדן, וואָס מיין טאַטע האָט דיר געגעבן צו דער חתונה, האָסטו באַלד איבערגעלאָזט אין וואַרשע. מיר זענען געלאָפן פון דייטש, בכדי צו ראַטעווען די נשמות. דאָס רעשט ביסל האָט מען ביי אונדז צוגענומען אויף דער גרענעץ.

דו געדענקסט, מאָטל, ווען דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן, אין וואָס פאַראַ נויט מיר האָבן געלעבט. איך בין דערנאָך געבליבן אַליין מיטן קינד אויף די הענט און כ׳האָב נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. כ׳האָב געטראַכט וועגן זעלבסטמאָרד, זיך אַריינוואַרפן מיטן קינד אין וואַסער.

כ׳האָב געקוקט אויפן קליינעם נפשל און אַזויפיל רחמנות געהאַט נישט אויף זיך, נאָר אויפן קינד, וואָס איז געקומען אויף דער וועלט אין אַזאַ פאַרשאָלטענער צייט. וואָס איז דאָס קינד שולדיק?

און ווי דו זעסט, מאָטל, איז געקומען אַ גוטער מענטש און מיר געהאָלפן. ער האָט מיך דערהאַלטן ביים לעבן צוזאַמען מיטן קינד.

דערנאָך האָבן אויך אונדז די רוסן פאַרשיקט אין די „פּאָסיאָלקעס״. אויך דאָרט איז הערשל געווען מיט אונדז. ער האָט געאַרבעט מיט די לעצטע כוחות, כדי צו פאַרדינען, כדי מיר צו העלפן דערציען דאָס קינד. שווערע יאָרן האָבן מיר צוזאַמען דורכגעמאַכט. איך בין הערשלען

געוווען זייער דאַנקבאַר פאַר אַלץ. אויך דאָס קינד, ווי דו זעסט, האָט זיך זייער צוגעוווינט צו הערשלען און ער האָט ליב דאָס קינד, ווי זיין אייגן לעבן.

און איצט... — האָט יענטעלע געצויגן אירע ווערטער — און איצט, מאָטל, לאָמיר זיך אָפּגעבן אַ חשבון, וואָס עס בינדט אונדז ביידע, אָדער בעסער געזאָגט, וואָס האָט אונדז ביידן צוגעפּירט אין דער אַלטער היים. אויף וויפל איך געדענק, מאָטל, האָבן דערצו געבראַכט דריי סיבות:

ערשטנס, דיין יחוסדיקע משפּחה, צווייטנס, מיין טאַטנס גרייסער נדן און, דריטנס, די פיר חופּה־שטאַנגען...

וואָס איז איצט פון דעם אַלעם געבליבן?

פון אונדזערע יחוסדיקע און נישט יחוסדיקע משפּחות איז קיינער נישט געבליבן לעבן. דער פאַרשאָלטענער דייטש האָט אַלעמען אומגע־בראַכט, אויסגעהרגעט, פאַרברענט... פון גרויסן נדן איז אַפילו נאַריש איצט צו רעדן. און דער שטילער קול־חתן מיטן „הרי את מקודשת לי", וואָס דו האָסט געזאָגט אונטער דער חופּה, איז אין די גרויזאַמע יאָרן פון דער צעשטורעמטער וועלט אַזוי בלאָס געוואָרן, אַז איך פיל מער נישט די דאָזיקע ווערטער און זיי האָבן פאַר מיר פאַרלאָרן זייער ווערט...

— יאָ, יענטעלע — האָט מאָטל איר איבערגעריסן די רייד — געוויס איז די פאַרגאַנגענהייט זייער ווייט פון אונדז און מיר קענען זיך אויף איר ווייניק שטיצן. אָבער די קעגנוואַרט בינדט אונדז. אָט איז אונדזער קינד. אונדזער טייער אסתרל, פון וועלכער איך וועל זיך קיינמאָל נישט אָפּזאָגן.

— איך וועל קיינמאָל נישט פאַרלייקענען — האָט יענטעלע געזאָגט — אַז דו ביסט דער פאָטער פון דעם קינד. אָבער דו ביסט פאַרשוווּנדן קורץ נאָכדעם, ווי דאָס קינד איז געקומען אויף דער וועלט און אסתרל קען דיך אַפילו נישט. אין דער צייט פון מיינע ליידן מיטן קליינעם נפשל איז געקומען אַן אַנדערער מענטש, וואָס האָט אונדז ממש געראַטעוועט. ער איז אויך שפּעטער געוואָרן מיין מאַן און אַ פאָטער פון דעם קינד.

— איך ווייס, יענטעלע, אַז דו האָסט נישט געהאַט קיין ברירה און דו האָסט געמוזט אָננעמען די הילף פון אַ פרעמדן מענטש. די אומשטענדן האָבן דערצו געפירט. איז לאָמיר איצט פאַרגעסן אין אַלעם. לאָמיר אָנהויבן אַ ניי לעבן צוזאַמען...

— דאָס איז נישט מעגלעך — האָט הערשל זיך אריינגעמישט אין געשפּרעך.

ער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען שטיל מיטן קינד אויף די הענט און איצט האָט ער געזאָגט:

דאָס קען קיינמאָל נישט געשען, אז איך זאָל זיך שיידן מיט יענטעלען און מיטן קינד, ווייל איך האָב מיין געזונט און מיין לעבן אוועקגעגעבן פאַר דער מאַמען מיטן קינד. זיי זענען געוואָרן מיין היים, מיין אידעאַל...

איינזאם און אליין האָב איך יענטעלען געטראָפן מיטן פיצל קינד אויף די הענט אָן קיינע מיטלען צום לעבן. כ'האָב זיי געהאָלפן, ווייל כ'האָב אויף זיי רחמנות געהאַט. דערנאָך זענען מיר צוזאַמען געוואָרן דעפּאָרטירט אין סיבירער דאָרף, זיך צוגעוווינט און זיך געפילט מיט־פאראנטווארטלעך פאר דער דערציאונג פון קינד. כ'האָב דורכגעמאכט אַלע צרות, אַלע ליידן און קראַנקהייטן און יאָרן פון ליידן. אין שלאָפ־לאָזע נעכט בין איך געזעסן ביי איר וויגעלע און געוואַכט איבער איר געזונט, תפילה געטאָן פארן געזונט פון דער מאמע מיטן קינד...

איך וועל זיך קיינמאָל מיט זיי נישט צעשיידן. אייביק וועלן מיר בלייבן צוזאַמען.

יענטעלע האָט אויסגעזוכט מאָטלס האַנט, האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ און שטיל געזאָגט:

— זיי מיר מוחל, מאָטל, נישט איך און זיכער נישט דאָס קינד זענען שולדיק אין אונדזער צעשיידונג. שולדיק זענען די שלעכטע מענטשן פון דער מערדערלעכער וועלט, וואָס זענען דורכגעגאַנגען מיט פייער און שווערד, וואָס האָבן געברענט און געמאָרדעט און איבער־געלאָזן אַ וועלט מיט קאַליקעס.

אַ דור א גאַנצער איז פאַרווונדעט און ביזן לעצטן פון אונדזער דור וועלן מיר טרויערן.

גיי מאָטל, באַמי זיך צו פאַרגעסן אין מיר און איך זאָג דיר צו, אַז ווען דאָס קינד וועט עלטער ווערן און עס וועט קענען פאַרשטיין, וועל איך איר דערציילן דעם אמת וועגן איר פאָטער. איך וועל איר זאָגן, אז דו ביסט נישט שולדיק, וואָס דו האָסט אונדז פאַרלאָזן, נאָר דער בייזער גורל האָט אזוי געוואָלט.

מאָטל האָט צום לעצטן מאָל אַ קוק געגעבן מיט זייבע פאַרטרערטע אויגן אויף זיין קינד, אויף זיין טייערער אסתרל, און עס האָט אים אַ קלעם געטאָן ביים הארצן. ער האָט געפילט, ווי ער זינקט אין א טיפן ים פון ליידן. אויף אַ קורצער ווילע האָט די זון פאַר אים אויפגעשיינט און ווידער איז ער אַיינגעהילט אין דער פינצטערניש פון אַ נאַכט און דאָסמאָל — אויף שטענדיק. ער איז עפּעס קלענער געוואָרן, איינגע־

הויקערט. ער האָט אינגאַנצן געציטערט, פונקט ווי די ערד וואָלט זיך געשאָקלט אונטער זיינע פיס.

ער האָט נאָכאַמאָל אויסגעשטרעקט ביידע הענט צום קינד, וואָס האָט זיך פון אים דערווייטערט. ער איז געשטאַנען מיט אַן אָפענעם מויל, און מיט אַ פאַרגליווערטן לעצטן וואָרט אויף די ליפּן האָט ער געמורמלט:

— מיין אסתרל, מיין קינד...

אסתרל האָט מיט אירע ליכטיקע אייגעלעך פונדערווייטנס אַ קוק געגעבן אויפן „פרעמדן" מאַטל... זי האָט זיך צעוויינט מיט אַ יאָמער־דיקן קול, נישט וויסנדיק אליין פאַרוואָס...

★

אין עטלעכע טעג אַרום, דעם 1־טן אפריל 1946, איז אויך אונדזער ריי געקומען זיך צו זעצן אין די וואַגאָנעס אויפן וועג צוריק אַהיים. עס האָט ביי יעדן איינעם געהייסן „היים", אָבער אין גרונט האָט יעדערער געפילט, אז ער האָט נישט קיין היים. ווו עס וועט זיין די היים, האָט קיינער נישט געוווּסט. איין זאַך איז פאַר אַלעמען געווען קלאָר, אַז פון רוסלאַנד מוז מען אַרויספאָרן וואָס גיכער, איידער די טיר פאַרמאַכט זיך... און איידער עס פאַלט דער אייזערנער פאָרהאַנג.

מענטשן האָבן זיך געשטופּט אין די פראַכט־וואַגאָנעס מיט די הילצערנע נאַרעס. אויסגעזען האָט אַלץ בערך אַזוי, ווי אין דער צייט, אין וועלכער מען האָט אונדז געפירט אין לאַגער, דער אונטערשיד איז געווען, וואָס דעמאָלט זענען די וואַגאָנעס געווען פאַרפלאָמבירט און איצט זענען די טירן געווען אָפן. עס זענען אויך נישט געווען די סאָלדאַטן מיט די ביקסן, וואָס האָבן אונדז געהיט. דער עולם האָט זיך געוויצלט, אז די עשאַלאָנען שטייען גרייט אין רוסלאַנד זינט דער רעוואָלוציע, כדי צו פירן די מיליאָנען אַרעסטאַנטן אין די לאַגערן.

איך געדענק נאָך די אַלע אַלטע שמאַטעס, פאַרלאַטעטע און אַמאָל נאָך פאַרלייזיקטע בגדים, וואָס דער עולם האָט געפירט. מענטשן האָבן געגלויבט דער פּראָפּאַגאַנדע, אַז אויסערהאַלב די גרענעצן פון רוסלאַנד איז הונגער און נויט. מיר האָבן באַקומען אַ פּאַיאָק אויף עטלעכע טעג. די רייזע איז געווען פאָרויסגעזען אויף אַ מאָנאַט צייט בערך.

די ערשטע פּאָר טעג זענען מיר געפאָרן אויף דער אַזיאַטישער אויסגעברענטער ערד. אין די וואַגאָנעס איז געווען הייס. אין יעדן וואַגאָן זענען געווען עטלעכע און צוואַנציק מענטשן. ווידער האָבן יידן זיך גרופּירט באַזונדער און פּאָליאַקן צווישן זיך באַזונדער. די

שטימונג איז געווען אַ געמישטע, דער עולם איז געווען צופרידן, וואָס מען פאַרלאָזט רוסלאַנד און גלייכצייטיק אומרואיק וועגן דער צוקונפט. וואָס שטייט אונדז פאָר. ווי וועט זיין די היים? און אפשר לעבט דאָך עמעצער פון די אייגענע?

זיצן יידן אין וואגאָן. די באַן לויפט און זיי מאַכן זיך א חשבון הנפש. אָט זאגט ג. ז. פון לאָדזש, וועמען זיין גויאיש ווייב רופט גרישא, אַז מיר דאַרפן נישט רעדן קיין שלעכטס אויף רוסלאַנד. מיר האָבן דאָך זיך געראַטעוועט אויף דער ערד. אמת, מיר האָבן זיך געמאַטערט. אַ סך פון אונדז האָבן נישט אויסגעהאַלטן און זענען געשטאָרבן. אָבער קיין קרעמאַטאריעס און טויט־לאַגערן, ווי די דייטשן האָבן געמאַכט, זענען אין רוסלאַנד נישט געווען.

י. פון פּראַגע איז נישט מסכים מיט גרישאַן. אויב דו ביסט אַזוי דאַנקבאַר דעם סאָלדאַט מיט דער ביקס, וואָס האָט דיך יאָרנלאַנג געהיט אין לאגער — זאגט ער גרישאַן אריין — וואָלט זייער פיין געווען פון דיין זייט ווען דו אַנטלויפסט נישט פון רוסלאַנד מיט די ערשטע עשאַלאָנען. עס וואָלט פאַר דיר גלייכער געווען זיך צו באַזעצן דאָ אויף שטענדיק, בפרט, אז דו האָסט זיך אויסגעקליבן אַ גאַנץ שיינע שיקסע פאַר אַ ווייב.

גרישא איז פאַרשטומט געוואָרן און י. האָט אים נישט אָפּגעלאָזט:

— דו שטעלסט אַוועק אונדזערע באַשיצער אַלס ביישפּיל קעגן־איבער די דייטשע מערדער. אָבער מען קען זייביידע נישט פאַרגלייכן. דאָס זענען צוויי עקסטרעמען.

דאָס היינטיקע פאַשיסטישע דייטשלאנד האָט באַוויזן דער וועלט אזעלכע רציחות, וואָס די מענטשלעכע געשיכטע קען נישט. עס איז געווען זייער פּראָגראַם צו פאַרניכטן, אומברענגען דאָס יידישע פאָלק, און אויך אנדערע פעלקער. די געשיכטע וועט זיי פאַרצייכענען אלס וועלט־מערדער.

אָבער אין פּראָגראַם פון אונדזערע באַשיצער איז דאָך שוואַרץ אויף ווייס געשריבן אומעטום, אַז עס הערשט דאָ חברשאַפט און ברידערלעכקייט („ראַווענסטוואָ אי בראַטסטוואָ״), חברשאַפט פון פעלקער, און אַז דער מענטש איז דאָס טייערסטע, וואָס די וועלט פאַרמאָגט...

האָבן זיי אונדז אויפגענומען ווי ברידער? האָבן זיי אונדז אויפ־גענומען, ווי מען דאַרף אויפנעמען אומגליקלעכע פּליטים? זיי האָבן דאָך גוט געוווסט, אַז די יידן אַנטלויפן פון די דייטשן, ווייל די דייטשן מאָרדן אונדז. איז דערפאַר האָבן זיי אונדז מקבל פּנים געווען מיט טורמעס און מיט לאַגערן? דערפאַר האָבן זיי אונדז געמאַטערט

יאָרן אין די סיבירער וויסטעניש, ווו אַ העלפט פון אונדז איז דאָרט אויסגעשטאָרבן און אפילו צו קבר ישראל נישט געבראַכט געוואָרן, נאָר די וועלף האָבן זייערע קערפּערס אויסגעגראַבן פון טיפן שניי און אויפגעגעסן.

וואָלסט בעסער געטאָן, דו לאָדזשער ישיבה־בחור, ווען דו שטעלסט זיך דאָ אַוועק און זאָגסט קדיש נאָך זייערע נשמות און זינגסט־אויס אַן אל מלא רחמים, אַז די וועלט, די גאַנצע, זאָל דערהערן, אַז די די וועלט זאָל אַ ציטער טאָן אַ פאַרשעמטע נישט נאָר פאַר די פאַרברענטע אין די קרעמאַטאריעס, נאָר אויך פאר די אומשולדיק פארפייניקטע אין די רוסישע טורמעס און לאַגערן!...

צי דאַרף דאָס שעפּסעלע, וואָס האָט זיך על פּי נס געראַטעוועט פון שוחטס חלף און אריינגעפאלן צום לייב אין פּיסק, דאַנקען דעם לייב פאַר זיין חסד, וואָס ער האָט אים דעם קאָפּ נישט אָפּגעביסן נאָכדעם, ווי ער האָט אויסגעזויגן דאָס בלוט פון קערפּער ביים שעפּסעלע?

י. איז שטיל געבליבן. ג. האָט זיך פאַרטראַכט איבער אלעם, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אין די רוסישע יאָרן, איבער אַלע ליידן און צרות. איז עס נאָר מיט נסים, וואָס ער זיצט איצט דאָ אין וואַגאָן פון דער באַן, וואָס פירט אים צוריק...

אויך אונדז האָט י. אַרויפגעפירט אויף די טרויעריקע מחשבות וועגן דער נאָנטער פאַרגאַנגענהייט. מיר האָבן זיך פארטראַכט און זיך געלאָזט איינוויגן אין ריטם פון די וואַגאָן־רעדער, וואָס האָבן געקלאַפּט...

אַ טרויעריק בילד האָט זיך פאר אונדז אַנטפּלעקט ווען מיר זענען אַריינגעפאָרן אין אייראָפּע. מיר האָבן דאָ געזען די רעזולטאַטן פון פייער, וואָס איז דאָ דורכגעגאַנגען. פאַרברענטע דערפער, באָמבאַרדירטע שטעט. אַלץ איז חרוב.

די ערשטע יידן, וועלכע מיר האָבן געטראָפן און מיט זיי גערעדט זענען געווען אין קיעוו. דאָס זענען נישט געווען יידן, וואָס האבן דאָרטן דורכגעלעבט די מלחמה. די יידן, וועלכע מיר האָבן דאָ געטראָפן זענען פאַר אונדז געקומען פון אַזיע. זיי זענען די ערשטע געלאָפן מיט דער האָפענונג צו טרעפן נאָנטע, וועלכע זענען אין קיעוו פאַר־בליבן, און האָבן נישט באַוויזן באַצייטנס צו אַנטלויפן.

מוראדיק איז געווען צו הערן וואָס זיי האָבן דערציילט. קיין איין לעבעדיקן ייד האָבן זיי נישט געטראָפן. ממש קיין איינעם נישט...

די אוקראַאינער צוזאַמען מיט די דייטשן האָבן אויסגעהרגעט אַלע

יידן ביז דעם לעצטן, וואָס איז אין אוקראַינע געבליבן. עס האט נישט געהאָלפן דאָס באַהאַלטן זיך. די אוקראַינער האָבן אויסגעזוכט אַלע באַהעלטענישן און געפירט די יידן צו באַבי־יאַר. דאָרטן, אין דעם טאָל צווישן צוויי בערג, האָט מען אויסגעשאכטן 100 טויזנט יידן, אלטע און יונגע, פרויען און קליינע קינדער. פון אַלע עקן אוקראַינע האט מען אַהין געפירט די אומגליקלעכע קרבנות.

א שוידער האָט אלעמען באַהערשט, הערנדיק דעם גרויסן בראַך.

און די אוקראַינישע רוצחים דרייען זיך אַרום און וואונדערן זיך, וואָס עס איז נאָך ערגעץ־ווו געבליבן אַ לעבעדיקער ייד. אין מורא גייען ארום די געציילטע אָפּגעראַטעוועטע יידן איבער די גאַסן אָן יידן. פאַרצווייפלט זענען זיי פון צרות. זיי האָבן קיינעם נישט געפונען פון זייערע משפחות; זיי האָבן נישט קיין היים. אַלע יידישע וווינונגען זענען באזעצט מיט אוקראַינער.

גייט ווייטער אָן דער נע־ונד. ווו וועלן זיי, ווו וועלן מיר געפינעז א היים? ווי אזוי קענען מיר בויען א היים, ווען מיר זענען פיזיש און גייסטיק אזוי צעבראכן?

מיר האָבן אויך באַגעגנט עטלעכע יידן אויף דער באַן־סטאַציע פון קאָרעסטין. זיי האָבן אונדז דערציילט דאָס זעלביקע. נישטאָ קיין יידן אין גאַנץ אוקראַינע. די דייטשן האָבן דאָ געהאָט געטרייע מיט־העלפער, די אוקאַינער; זיי האָבן באַרויבט די יידן און זיי אויסגע־הרגעט. רויט פון יידיש בלוט איז די אוקראַינישע און פוילישע ערד.

ווי צופרידן וואָלטן מיר געווען איבערצופליען מיט אַן אַוויאָן די פאַרשאָלטענע ערד און אַנטלויפן ערגעץ אין אַ דזשונגל, נישט איבער־צוטרעטן די מיט בלוט אָנגעזאַפּטע ערד און נישט אָנצוקוקן די מערדערישע פנימער.

אין סאָרנע האָט זיך אונדזער עשאַלאָן פאַרהאַלטן אויף צוויי טעג. זענען מיר געגאַנגען איבער דער אַמאָליקער פּאָליעסיע, וואָס איז געווען צעהאַקט און פארברענט, כדי צו זען די גריבער, אין וועלכע די דייטשן מיט די אוקראַינער האָבן אויסגעהרגעט 17 טויזנט יידן. כ׳האָב זיך קוים געשלעפּט אויף מיינע צוויי שטעקנס אונטער די אָרעמס, מיט איין פוס אין דער לופטן. ס׳איז געווען אַ גלייך שטיקל ערד, ארומגעצוימט מיט א דראט, און דאָ ליגן 17 טויזנט פון אונדזערע שוועסטער און ברידער.

האַרצרייסנדיקע סצענעס זענען דאָ פאָרגעקימען. מענטשן האָבן געחלשט און געוויינט. ס׳איז געווען דער ערשטער מאַסן־קבר, צו

וועלכן מיר זענען נאָנט צוגעגאנגען. אינגאנצן צעבראָכענע האָבן מיר זיך קוים דערשלעפּט צוריק צום עשאַלאָן.

דאָ האָב איך געטראָפן א. ש., אַ באַקאַנטער לאַנדסמאַן, וואָס איז צוריקגעקומען פון וואַלד, ווו ער האָט געקעמפט צוזאַמען מיט א גרופּע יידישע פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן געדאַרפט קעמפן קעגן די דייטשן און זיך היטן פאַר די אוקראַינער, וואָס האָבן זיי געוואָלט אומברענגען.

ער האָט עס מיר דערציילט, ווי מען האָט אומגעבראַכט די יידן אין ראַפאַלאָווקע. געפירט האָט מען זיי צו גראָבן פאַר זיך אַליין גריבער נאָכן סוכאָוואָלער וואַלד. דערנאָך האָבן די אוקראַינער זיי אויסגעשאָסן און געוואָרפן אין די גריבער. דאָרטן זענען אויך אומגעקומען מיינע עלטערן, ברידער און שוועסטער.

כ׳האָב געוואָלט ארויסגיין פון עשאַלאָן און גיין צו די גריבער, וואָס האָבן זיך געפונען בסך הכל 40 קילאָמעטער פון דעם אָרט. כ׳האָב געוואָלט זיך אויסוויינען ביי זייער קבר און פרעגן די אייביקע קשיא:

— רבונו של עולם, פאַרוואָס האָסטו געלאָזט אויסשעכטן מיינע טייערע עלטערן, שוועסטער און ברידער און דיין פאָלק ישראל?...

פאַרוואָס?

זיי האָבן מיר נישט געלאָזט אויסשטייגן פון צוג, ווייל אויך איצט האָבן נאָך אין די וועלדער געבושעוועט אוקראַינישע באַנדעס. פאָרן צו די גריבער האָט באַדייט ריזיקירן מיטן לעבן.

האָב איך פאַרגאָסן אַ ים מיט טרערן. געזעגנט זיך פונדערווייטנס מיט מיינע טייערע און צוגעזאָגט אייביק צו טרויערן נאָך זיי.

אין דער נאַכט פון 25־טן אפריל 1946־טן יאָר זענען מיר איבער־געפאָרן די רוסיש־פּוילישע גרענעץ.

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער 6־יאָריקער גלות־רוסלאַנד.

# אינהאלט